געווידמעט מיין אומגעקומענער פרוי שרה רבקה
ווייצמאַן, מיינע קינדערלעך רחל און יאַנקעלע;
די אַלע צום-טויט פאַרפייניקטע אין די נאַצישע
אויסראָטונג-לאַגערן; די אַלע העלדיש-געפאַלענע
ווידערשטענדלער, וועמענס הייליקן אָנדענק איך
צינד ווידער אָן אין די בלעטער מיט אַ רוף צום
קאַמף פאַר אַ בעסערער, יושר'דיקער וועלט.

אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון די לאָסקער און
קראַשניקער לאַנדסמאַנשאַפטן אין פאריז און פון
קולטור־טוער, פריינט י ו ס ף ש ט א מ פ א ט ע ר

Imprimerie ABÉCÉ, 11, rue Louis Blanc, PARIS - X<sup></sup>e

# אברהם ווייץ

# אותיות אין בלוט

דערציילונגען

פֿאַרלאַג  פּאַריז

1948



די וויניעט און צייכענונג פון מחבר — אויסגעפירט פון קינסטלער בען

# גאָלד

א הייסער יולי־נאכמיטאָג.

יוסף ניימאַן, אַ פארחלומטע נאַטור פון א פּאָעט, א ליריקער. אַ הויכער, אַ בלייכער. ביי דרייסיק יאָר לעבן קען ער נישט פאַרצייכענען קיין פינף זאַטע יאָרן.

ער איז דעם ערשטן טאָג אין דראַנסי, ווו טויזנטער יידישע אומשולדיקע נשמות, שוועבן צווישן יאָ־ און נישט־זיין...

ווי־נאָר ניימאן האָט אויפגעגעסן זיין מיטאג, האָט אים דער הונגער אַרויסגעיאָגט פונעם בלאָק עפּעס זוכן...

ער שפּאַצירט אויפן הינטער־הויף: אָבסערוואַטאָרן־טורעמלעך, שטעכל דראָטן, א קינדער־גאָרטן אָנגעפּילט מיט א נאַאיוו קינדעריש געלעכטער... ס'דרייען זיך אַרום פראַנצויזישע זשאַנדאַרמען, וועלכע כאַפּן אַראָפּ יידן פון הויף און פירן זיי אוועק אין שטראָף־קעלער, פאַר אויסרעדן א וואָרט מיט א באַקאנטער פרוי. פון אַלע בלאָקן איז א געלויף אריין און ארויס. דורך די אָפענע פענצטער רייסן זיך ארויס קולות.

אַרויף און אַראָפּ איבערן הויף דרייען זיך פארשידנטיפיקע יידן: עלעגאַנטע, אָפּגעלאָזענע מיט ראָפּע אין די אויגן, בערד פון וואָכן רעמען איין זייערע אויסגעבלייכטע פנימער. זיי גייען און דיסקוטירן צווישן זיך די לעצטע געשעענישן. ביי איינעם איז פאַראַן אַן אָפּשיין פון טויט אין די אויגן; ביים צווייטן — בטחון. א טייל שפּאנען נאָך מיט א נאָרמאַלן טראָט, א באַווייז אַז זיי האָבן נאָך קרובים אויף דער פריי, וואָס שיקן פעקלעך. אנדערע שלעפּן זיך קוים אויף די פיס...

די פענצטער פון די „קראנקן־שטובעס" זענען באַלאגערט פון קרובים, וועלכע קוקן אריין דורך די פענצטער צו זייערע נאָענטע, וואָס ליגן אויף בעטלעך פאַרשמאַכטע... און דער זייגער איבער זייערע קעפּ ציילט זייערע שעהן...

ניימאַנס בליק פאַלט אויף א גרייז-גראָען זקן אין א שוואַרצן אַלפּאַגענעם כאַלאַט. ער שטייט פאר א בלאָק-טיר און קוקט אריין אין א ספר. געשפּאָלטענע ברילן גלעזלעך פאַרוקט אויף א הויכן גלאַנציקן טיף-געקנייטשטן שטערן. א זילבער קאָפּ באַדעקט מיט א שוואַרצער יאַרמולקע. א ווייסע שיטערע באָרד ווערט געקעמט מיט צוויי פינגער.

ביי דעם זקן האָט זיך אָפּגעשטעלט א פרוי. שוואַרצע סאַדזע־פינגער אויף איר אויסגעבלייכט דערשראָקן פּנים. א צעשויבערטער קאָפּ האָר. אין דער רעכטער האַנט — א מאַנאַשקע מיט א פרייש געקאָכט מאכל.

דער ריח פון געקעכץ האָט ניימאַנען א שלאָג געטאָן אין דער נאָז אריין. אויף א ווײַלע האָט ער זיך פאַרלוירן. פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הונט, וואָס דרייט זיך אַרום א יאַטקע-קלאָץ, באַשמירט מיט בלוט, מיט פאַרגליווערטע שטיקלעך פלייש...

ניימאַן האָט זיך געדרייט אַרום דער מאַנאַשקע. איינגעזאַפּט די פּאַרע, וואָס האָט זיך אַרויסגעקרייזלט פון קאָכעדיקן מאכל.

— טאַטע, כ'האָב דיר אָפּגעקאָכט א היימישע יושקע, — זאָגט די פרוי.

— כ'האָב נישט קיין הונגער. — ענטפערט דער זקן נישט אַרויסנעמענדיק די אויגן פונעם ספר.

— טאַטעשי, דו קענסט דיר גאָרנישט פאָרשטעלן די שוועריקייטן פון אָפּקאָכן אביסל עסן אויף א פּרימוס-מאַשינקע. די שרעק פאַר די זשאַנדאַרמען...

— נו קום אַרויף מלכה, וועל איך עסן א פּאָר לעפל.

זיי גייען אריין אינם בלאָק מיטן געקעכץ... ניימאַן בלייבט שטיין אויפן הויף מיטן ריח פונעם מאכל אין די נאָזלעכער...

ער שפּייט אויס און גייט ווייטער. ער קומט אַרויף אין זיין בלאָק. ער שמעקט אריין אין יעדן צימער. פרויען קאָכן זיך אַרימע מאכלים אויף פּרימוס-מאַשינקעס. איין פרוי שטייט אין דער טיר און וואַכט, צי ס'קומען נישט אָן קיין זשאַנדאַרמען קאָנטראָלירן. אַ צווייטע פאַרזוכט דאָס געקעכץ און באַלעקט זיך. פאַר ניימאַנען בלייבט איבער דער איבלדיקער ריח פון ברענספּירט.

ער קוקט אַריין אין אַ צווייטן צימער. עפּעס טומלט זיך דאָ. יידן פּאַקן זייערע וואַליזעס.

— ווהין שיקט מען זיי? — פרעגט זיך ניימאַן.

אַן עלטערער ייד קוקט אויף ניימאַנען.

— יונגערמאַנטשיק, אפשר קענט איר דרייען אַ קאָלדרע אויפן מיליטערישן שטייגער, באַקומט איר עפּעס.

עס האָט ניימאַנען אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן... אין דעם „עפּעס" האָט ער דערזען אַ שטיקל ברויט...

— וואָס פרעגט איר אוודאַי קען איך דרייען אַ קאָלדרע, כ'בין דאָך געווען אַ סאָלדאַט.

ניימאַן שפּרינגט אַרום אויף דער ערד, ווי אַ קאַץ. ראָלט די קאָלדרע. מען טרעט אים אויף די פינגער, ער שפּירט נישט קיין ווייטיק.

פאַרטיק געמאַכט זיין ארבעט, הענגט ניימאַן אויף די קאָלדרע אויפן ייד'ס האַלדז, ווי אַ כאָמעט אויף אַ פערד. ער שפּיזט דעם ייד אַדורך מיט די אויגן... דער ייד גראַבלט אין זיין געפּעק... ניימאַן פּלאַצט פאַר אומגעדולד... דער ייד נעמט אַרויס אַ האַלב־צעשיסן ביכל.

— נאַ לייען!

אַ ווײַלע בלייבט ניימאַן שטיין אַן אנטוישטער מיט אַן אָפן מויל און אָפענע אויגן. דערנאָך כאַפּט ער אַ בליק אויפן ביכל: „די מוטער" — שלום אש אין אַ דייטשער איבערזעצונג.

—מיין מזל! — שמייכלט ניימאַן איראָניש און באַקומט אויף זיך אַליין רחמנות.

ער וואַרפט זיך אַנידער אויף זיין שטרויזאַק און ווי אַ שיכור, וואָס וויל זיך פאַרגעסן אין אַלקאָהאָל, לאָזט זיך ניימאַן אַריין אין דעם טראָפן קונסט, וואָס מאַכט אים פאַרגעסן אין זיין הונגער און אין דער יידישער טראַגעדיע, וועלכע שפּיגלט זיך אויף די שויבן, ווי אויסגראַווירט אויף גלאָז פאַר שפּעטערדיקע דורות...

ער באַמערקט נישט, ווי זיין שכן שטייט אויף אַ בענקעלע מיטן פּנים צום פענצטער קעגנאיבער דעם שאסיי און רעדט אויף שטום לשון מיט זיין פרוי, וועלכע איז ווייט פון אים און דאָך אַזוי צוגעבונדן צו זיין גוף און נשמה, ווי אַן אבר פון זיין קערפּער.

ער באַמערקט נישט ווי אין דרויסן אויפן אַפּעל־פּלאַץ, האָט דער גיהנום ברייט אויפגעפּראַלט זיינע טויערן און אויטאָבוסן, אויטאָבוסן, אַ גאַנצע קייט שלענגלט זיך אַריין מיט שטורעם. און פון די אויטאָבוסן וואַרפט מען אַרויס זקנים אָנגעלענט אויף שטעקנס. עלטערע און יינגערע מענער, פאַרשווייסטע, אַז אַלץ קלעפּט אויף זיי.

עלטערע פרויען מיט צעשויבערטע ווייסע האָר, ווי הינער צאַפּלדיקע פאַר דער שחיטה... יונגע פרויען מיט פּיצעלעך קינדער אין קישנס, וועלכע שטיקן זיך מיט זייערע געוויינען... יונגע מיידלעך מיט טויטע שמייכלען אויף די ליפּן, ווי אָפּגעוועלקטע בלומען... קינדער: מיידלעך און יינגלעך. אַ טייל צוגעהעקלטע צו די הענט פון מאַמעס און טאַטעס. און אַ טייל פאַרלאָזענע, הפקר־געוואָרענע, וועלכע טראָגן זיך אליין זייערע פּעקלעך. און מען וואַרפט זיי פון אויטאָבוס אויף דער ערד, ווי זעקלעך שמאַטעס. קינדעריש געוויינען מישן זיך אויס מיט זיפצן פון זקנים און זקנות. מען לויפט מיט טראַגעס אַרויספירן די פארהלשטע פון היץ און שרעק... אָבער ווער קוקט זיך אויף זיי אום, אז דער גיהנום ברענט און איז איינגעהילט אין פלאַמען פון האַס און פאָדערט טויזנטער קרבנות אַ טאָג. און דער דייטשער „מעפיסטאָ" פאַנגט נשמות יידישע פון גאַנץ פראַנקרייך און שיקט זיי דאָ אריין אין דראַנסיער גיהנום... און עס שטראָמט דער יידישער לעבעדיקער שטראָם קרבנות... טאָג און נאַכט שטראָמט ער, אריין און ארויס, אַריין און אַרויס. און דער בלוטיקער ים איז אַלץ נאָך נישט פול... דער ים שרייט מיט טויזנטער קולות... דער ים שטאַרבט מיט טויזנטער טויטן... און דער ים ווערט ווידער געבוירן און פאַרפלייצט מיט בלוטיקע כוואַליעס פון האַס, אַ גאַנצע יידישע וועלט.

האָט ניימאַן געזען דאָס בילד באַלד ביי זיין אָנקומען קיין דראַנסי, וויל ער דאָס שוין מער נישט זען... ער זוכט שוין לאַנג אַ וועג, ווו זיך צו באַהאַלטן פון דער טראַגישער ווירקלעכקייט און אָט האָט ער געפונען די געגאַרטע פאַרגעסונג אין דעם בוך, וואס ער לייענט.

נאָך דער שיטערער אָוונט־זופּ האָט אים זיין הונגער ווידער דערמאָנט אין ברויט... עס האָט אים שרעקלעך געדרוישט אין קאָפּ... אין די שלייפן האָט זיך עפּעס אנגעצויגן, ווי אַן אָדערל וואָלט דאָרט געהאַלטן ביים פּלאַצן... לייענען האָט שוין ניימאַן נישט געקענט. ער האָט מיט בייזקייט אַנידערגעוואָרפן דאָס בוך און אַ נער־וועזער אָנגעהייבן אַרומשפּאַנען אין אַלע ווינקלעך און עפּעס זוכן מיט די אויגן...

ניימאַנס שכן קעסטענבוים — אַ פּרימיטיווער טיפּ מיט אַ געזונטן חוש פאַרן לעבן — קומט צוקריכן אַ דערשוויצטער מיט אַ מאַנאַשקע אין דער האַנט. ער וואַרפט זיך אַנידער אויפן שטרויזאַק, ווישט זיך דעם שווייס מיט אַ שמוציקער שמאַטע.

ניימאַן קריכט קעסטענבוימען נאָך מיט אַן אויפגעריסענעם בליק.
ער האט באַמערקט, אַז קעסטענבוימס מאַנאַשקע איז נישט ליידיק.
עס שלאָגט פון איר אַ היץ און אַ פּאַרעלע... ער וויל עפּעס פרעגן קעסטענבוימען און ער געפינט קיין וואָרט נישט. נעמט ער ווידער דאָס בוך אין האַנט און גיט עס אַ בלעטער, ווי אין אויסרייד...

— איר לייענט אַ בוך ניימאַן, לייענט פאַר מיר אויך איינס, איך וועל אייך באַצאָלן. — זאָגט קעסטענבוים מיט אַ געלעכטערל.

— איר לאַכט מיך אויס?

— איך לאַך נישט, עס לאַכט זיך אַליין. אויפן הויף וואַלגערט זיך געלד און איר ליגט דאָ און הונגערט.

— געלד?

— געוויס געלד, נישט קיין בלאָטע.

— אונזער לעבן איז אויף דער וואָגשאָל, ליגט אייך אין זין געלד?

— אָבער אביסל גוטע זופּ וועט איר עסן, ברענגט אהער צוויי שיסלען!

מיט אַ שפּרונג פון אַ קאַץ ברענגט ניימאַן אהער צוויי שיסלען און מיט אַ ווילדקייט שלינגט ער זיין עסן. ער קראַצט אַזוי לאַנג די ליידיקע שיסל, ביז זיינע הונגעריקע שכנים מאַכן אַ געוואַלד:

— גענוג געקראַצט, גע-נוג!

ערשט דעמאָלט דערמאָנט זיך ניימאַן, אַז די זופּ איז געווען געדיכט און אַ געדאַנק גיט אַ בליץ דורך זיין מוח:

— דאָס ביסל זופּ, וואָס איך האָב נאַרוואָס איינגעשלונגען מוז זיין געווען דאָס גאַנצע ביסל געדיכטע פון קעסל... הייסט עס, אַז איך האָב באַרויבט אַ גאַנצע „שטובע“ יידן, וואָס וועלן מאָרגן אוועקגעשיקט אין דייטשן „גן־עדן“ אריין...

און ביי דעם געדאַנק שלאָגט אים דאָס עסן צוריק קאַפּויער...

— פּילאָזאָף גיי וואַש אָפּ די שיסלען! — האָט קעסטענבוים פּלוצלונג אָנגעהייבן דוצן ניימאַנען, נאָכדעם ווי ער האָט אויפגעגעסן זיין זופּ.

נאָכן אָפּוואַשן די שיסלען, ווען ניימאַן זעצט זיך צוריק אוועק אויפן שטרויזאַק, גראַבלט קעסטענבוים עפּעס אַרויס פון דער טאַש און דערלאַנגט ניימאַנען.

— נאַדיר אַ שטיקל ציגאַר!

— ציגאַר?...

— אז מען איז נישט קיין בטלן האָט מען ציגארן אפילו אין דראַנסי.

קעסטענבוים קוקט זיך ארום אָבער קיינער זעט נישט, נעמט ארויס אַן אָנצינדער. ניימאַנען גיט עפּעס א בלענד אין די אויגן. אין דער בין־השמשות־טונקלקייט פינקלט דער אָנצינדער מיט אַ מאָדנער ליכט...

— גאָלד? — פרעגט ניימאַן איבעראַשט.

— וואָס דען בלעך? — לאַכט קעסטענבוים און וועגט דעם אנצינדער אין דער רעכטער האַנט מיט א צופרידענעם שמייכל.

— איך וועל דאָ האָבן גוטע הונדערט גראַם גאָלד.

— הונדערט גראַם גאָלד?... — ווערן ניימאַנס אויגן גרעסער.

— באַשטימט הונדערט גראַם. דאָס איז נאָך נישט אַלץ.

קעסטענבוים נעמט ארויס א גאָלדן קייטעלע, שלענגלט עס ניי־מאַנען אין פּנים אריין... גאָלדענע פונקן טאַנצן אין ניימאַנס אויגן...

— אויך גאָלד?

— וואָס דען בלאָטע. ווארט צו!

קעסטענבוים נעמט ארויס אַ גאָלדענעם זייגער, לייגט אים אין ניימאַנס האַנט אריין.

— סחורה ניימאַן?

— ווו האָט איר דאָס אַלץ גענומען?

ווו? דו ווייסט נישט, אַז יידן ווארפן אַוועק, ווען זיי גייען צו דער רעוויזיע. ווייניק יידיש האָב און גוטס וואַלגערט זיך אין די קלאָזעטן...

— איך וואָלט זיך צו אזא גאָלד קיינמאָל נישט צוגערירט...

— האָט ניימאַן געזאָגט שטיל און נאָכדענקלעך.

— אידיאָט! האָסט מורא, אַז די יעקעס וועלן האָבן ווייניק?

— טפו! — שפּייט ניימאַן. — אויפגעגעסן א גאַנצע שיסל זופּ און עס נאָגט מיר ווידער ביים הארץ.

— ווילסט האָבן ברויט?

— אוודאי וויל איך! — שפּיזט ניימאַן אוים די אויגן אויף קעסטענבוימען.

— טאָ קום מיט מיר!

— וווהין?

— קום!

מיט א שפּרונג שטייט קעסטנבוים אויף די פיס, ניימאַן —

נאָך אים. קעסטענבוים כאַפּט ניימאַנען ביי דער האַנט, ווי מען פירט א חדר־יינגל און לאָזט זיך מיט אים אראָפּ פון די שטיגן.

אויפן הויף איז גאָרנישט מעגלעך אדורכצוגיין. מען האָט דעם איינדרוק, ווי אַ מאַסע צום טויט פאראורטיילטע יידן וואָלטן זיך געקומען געזעגענען... די נאַכט האָט שוין צוגעדעקט די דעכער פון די הויכע אומעטיקע גרויע געביידעס מיט אירע שווארצע סאַמעטענע פליגל, באצירט מיט פינקלדיקע זילבערנע שטערענדלעך. נאָר קיין ערדישע באַלייכטונג זעט מען דאָ אין ערגעץ נישט. אין דער טיפער פינצטערניש ראָיען זיך: מענער, ווייבער און קינדער, ווי ווערים געטראָטן מיטן שטיוול. קיינער פארגעסט נישט אין זיין טראַגעדיע, וואָס שוועבט אים איבערן קאָפּ, ווי אַ בלוטיק געשפּענסט... דאָך, דאָ און דאָרט, בחורישע קאָמפּלימענטן, מיידלישע האַלב דערשטיקטע געלעכטערלעך. דאָס יונגוואַרג וויל זיך אויף א ווײַלע פארגעסן... הונגעריקערהייט, אפילו אויף די שטאַפּלען פון גיהנום, ערב־שחיטה, שטייען אויך יונגע פאָרלעך און טרינקען זיך דעם ליבע ווײַן פון די ליפּן.

קעסטנבוים שלעפּט ניימאַנען אדורך דער מאַסע. אין גאַנג צערייסן זיי צוזאַמענגעקייטלטע מענטשן רינגען. קעסטנבוים שטעלט זיך אָפּ ביי דער „פּאַראָוואַניע".

אויף א גרויסן וואָגן ליגן דאָ קישעלעך, אויף וועלכע גראָע קעפּ פון יידישע מאַמעס האָבן אויסגעחלומט נחת פאר זייערע קינדער. קישעלעך, וואָס זענען געלעגן הינטער קעפּ פון זקנים, וואָס האָבן געחלומט פון גן־עדן... קישעלעך, וואָס חתנים האָבן אויף זיי געחלומט וועגן זייערע כלות... קישעלעך, אויף וועלכע יונגע קינדער האָבן זיך אויסגעחלומט פאַנטאַסטישע וואונדערלעכע וועלט׳... איצטער ליגן אַלע קישעלעך פארבלאָטיקטע פון דייטשן שטיוול, וואַרטן אדורכצוגיין די „פּאַראָוואַניע" און נאָכדעם וועלן די פעדער דארפן וואַרעמען די לייבער פון אונזערע גזלנים.

— ניימאַן, איך מאַך א „וואַנט" און דו כאַפּסט שנעל אראָפּ א קישעלע. איגעוויייניק האָבן יידן פארשטעקט געלט...

ניימאַנען באַדעקט אַ שווייס...

— דאָס ברויט ווילט איר מיר געבן ?...

ער בלייבט נאָך אַ ווײַלע שטיין, ווי דער הונגער וואָלט אים נישט געלאָזט אַוועק, און זיין געוויסן — נישט אויספירן דעם טאַט...

ענדלעך שטופּט זיך ניימאַן צוריק אריין אין דער מאַסע.

שפּאַנט צוריק ארויף צו זיך אין בלאָק, וואַרפט זיך אנידער אויפן שטרויזאַק און בלייבט זיצן אומבאַוועגלעך מיטן קאָפּ אין די הענט...

אין א ווײַלע ארום איז ארויפגעקומען קעסטנבוים. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין שטרויזאַק האַרט נעבן ניימאַנען און א געלעכטערל האָט זיך אים געשטיקט אין דער קעל...

— וואָס ביסטו אזוי אנטלאָפן, ניימאַן?

ניימאַן האָט נישט געענטפערט. נערוועז פון זיך אראָפּגעוואָרפן די בגדים און זיך ארייגעוואָרפן אין זיין הינטיש געלעגער.

— ניימאַן האָרך זיך איין! מאָרגן גייט מיין בלאָק צו דער רעוויזיע. טאָ אַלץ, וואָס יידן פאַרמאָגן נאָך פאַרשטופּן זיי אין די לעבער פון די ווענט. קום ארויף ארום 8 אינדערפרי, איידער די זשאַנדאַרמען קומען, וועסטו דיר אַליין באַדינען.

— איך וועל קומען קעסטנבוים! — האָט ער אַרויסגערעדט און זיך איינגענורעט אין דער קאָלדרע און געוואָלט איינשלאָפן.

אבער ניימאַן האָט בשום אופן נישט געקענט שלאָפן. נאָך מער ווי דער הונגער, וואָס האָט אים געוואָרפן פון רעכטס אויף לינקס און געוויקלט זיין גוף, ווי א שלאַנג אין דער קאָלדרע, האָט אים געפּייניקט א פּאַדראַס, פּאַר וואָס אפילו איצט ווערט דער מענטש נישט בעסער און קען זיך נישט דערהויבן איבערן גלאַנץ פון גאָלד, ווייל עס זאָגט צו א שטיקל ברויט דעם פאַראורטיילטן צום טויט. און אזא מענטש ווי קעסטנבוים וויל אפילו אויף דעם קורץ־דויערנדיקן וועג נישט הונגערן.

דאָס איינציקע לעמפּעלע איז אין צימער אויסגעלאָשן געוואָרן און אַלע איינוווינער דאָ זענען שוין געלעגן אויף די שטרויזעק. א טייל איינגעשלאָפענע און א טייל וואַכעדיקע. מיט הונגער־ווייען געאָרעמט, מיט א בענקשאַפט צוקאָפּנס. ניימאַן האָט זיך אויפגעכאַפּט און געבליבן זיצן מיטן קאָפּ אָנגעלענט אין דער וואַנט, וואָס האָט זיין צעהיצטן שארבן געקילט, אויפגעפרישט...

ניימאַן כאַפּט א בליק, באַמערקט קעסטנבוים זיצן אויפן שטרויזאַק מיטן גאָלדענעם זייגער אין דער האַנט... אין דער נאַכטישער טונקלקייט, זעט ער אויס ווי א געשפּענסט וואָלט געזעסן און זיך געשפּילט מיט א שטיק גאָלד... ער מאַכט אויף דאָס טירל פונעם זייגער. א רונדיק שפּיגלעלע שוועבט אים ארום אויפן פּנים... א ליכט, וואָס שטראָמט ארויס פון גאָלד רייסט זיך אריין אין זיינע אויגן און

בלענדט אים... ער פֿאַרמאַכט דאָס טירל פֿונעם זייגער. דאָס רונדיקע שפּיגעלע פֿאַרשווינדט, זיין פּנים בלייבט פֿינצטער. ניימאַנען איז אַפֿילו שווער צו זען זיין שמייכל. דאָס באַמערקט ער נאָר, ווייל ער זעט אַ גאָלדענעם ווינקל־צאַן אין קעסטנבוימס אָפֿן מויל...

צומאָרגנס האָט די זון געשיינט. די טרויעריקע דראַנסיער ווענט זענען געווען באַצירט מיט זוניקע פּרעסקעס. קיין שטעכל־דראָטן האָט ניימאַן נישט געזען. ער וואָלט לייכט געקענט פֿאַרגעסן, אַז ער איז אַ געפֿאַנגענער. קעסטנבוימס פֿיגור, וואָס האָט זיך אַ שטעל געטון פֿאַר ניימאַנען, האָט אים אין אַלעם דערמאָנט...

מיטאָג-צייט האָט ניימאַן אין איילעניש איינגעשלונגען זיין ביסל עסן און העלפֿנדיק אַדורכטראָגן אַ קעסל, האָט ער זיך אַריינגע־שמוגלט אינם בלאָק צוויי, וווּ קעסטנבוים איז באַשעפֿטיקט ווי אַ שטובן־עלטסטער.

ניימאַן בלייבט שטיין אין דער אויפֿגעפּראַלטער טיר. דאָס בילד, וואָס שוועבט פֿאַר זיינע אויגן האַלט אים אין שפּאַנונג. אַ גרויסע קאַזאַרמע־האַלע. פֿון די ווענט פֿאַלן שטיקער, דערמאָנען אין אַ תּפֿיסה, ווו מענטשן גראָבן לעכער אַרויסצובאַקומען זיך אויף דער פֿריי. די שטרויזעק זענען דאָ אַזוי האַרט צוזאַמענגערוקט, אַז עס בלייבט ממש נישט קיין פּיצל ליידיקער באָדן פֿאַר אַ מענטשלעכן פֿוס. אַ וואָלקן שטויב הויבט זיך אויף פֿון די שטרויזעק. שוועבט אין דער לופֿט אַ באַגילדעטער פֿון דער זון. הונדערטער האַלב־אויסגעליי־דיקטע וואַליזעס שטייען אָפֿן, ווי נאָך אַ פּאָגראָם... יידישע אויגן קוקן אַריין אין די וואַליזעס, זעען וואָס איז זיי נאָך פֿאַרבליבן. צענד־ליקער צעריסענע הונדערטערס, שוועבן אַרום געיאָגט פֿון ווינט. אויף די שטרויזעק, ווי אויף טישן, גרייטן זיך יידן צו מיטאָג. אומעטום: טעלער, מאַנאַשקעס, בלעכלעך פֿון קאָנסערוון. ביים פֿענצטער זיצט אַן עלטערער ייד, אַ גרא-חסידיש בערדל אין אַ מאָדערנעם שטרוי־הוט. ער זינגט זיך זמירות פֿאַטשנדיק אין די הענט אַריין. זיין ניגון דערמאָנט דעם גאַנצן עולם אין שבת. אויף זיין שטרויזאַק: אַ ווייס טישטוכל, אַ שניטקעלע ברויט, אַ שטיקל ציבל, און אַ שאַכ־טעלע פֿון שו־וואַקס אביסל זאַלץ. אנטקעגנאיבער אים זיצט אַ יונגע פֿרוי. מיט אַ ווייסער ברוסט אין דער האַנט און זייגט אָן איר ברעקעלע יידעלע, וואָס זאַפּט איין מער טרערן ווי מילך... עס באַוועגן זיך אין ניימאַנס אויגן פֿיגורן פֿון עלטערע יידן: גראָע, שוואַרצע, געלע בערד. פֿיגורן פֿון מיטליעריקע יידן אָן בערד. פֿיגורן פֿון

יונגעלייט, גלאַטיק אויסראַזירט אין די ערגסטע באַדינגונגען. עלטערע ווייבער: פֿאַרמעט פּנימער, טאַרבע־העלדזער, אויגן־קישעלעך, הייזע־ריקע שטימעס. יונגע פֿרויען, נאָך האַלב־עלעגאַנט אנגעטאָן און שיין פֿאַרקעמט. יונגע רייצנדיקע מיידלעך זיצן און שפּיגלען זייערע בּישוף־שמייכלען, טראַכטן נישט, אַז זייערע בלומען־יאָרן קענען ערגעץ־ווו פֿאַרוועלקט ווערן אין דייטשע לאַגערן... א באַחנט ברונעט ייִנגעלע בינדט זיין מוטער צו דעם קאָפּ מיט א נאַס טיכל. ער דערגרייכט נישט צו איר שטערן, שטעלט ער זיך אויף די שפּיץ־פֿינגער, רעדט צו איר וויינענדיק: „דיר וועט בעסער ווערן מאַמעניו, דיר וועט בעסער ווערן!"

דאָס גאַנצע בילד וויגט זיך אין ניימאַנס אויגן, ווי עס וואָלט געווען געמאָלן אויף א טונקעלער שמוציקער לייוונט, געטרייסלט פֿון ווינט.

קעסטנבוים קומט אונטער, באַרירט ניימאַנס אַקסל. ער שלעפּט אים אַרויס אין פֿאָדער־הויז.

— דו מוזט דאָס מאַכן געשיקט. צו יעדן לאָך אין דער וואַנט, ווו דו ריהסט זיך נאָר צו, ליגן דאָלאַרן, פֿונטן, גאָלד און גאָלד. די, וואָס האָבן דאָס פֿאַרשטעקט זענען שוין אַריבער אין בלאָק איינס און קענען שוין דאָ אַהער מער נישט קומען...

ניימאַן שאָקלט מיטן קאָפּ און קוקט לאַנג אויף קעסטנבוימען.

— איך האָב שוין מיין גאָלד. דאָס איז דאָס שווידערלעכע בילד, וואָס כ'האָב דערינען געזען און איינגעזאַפּט אין מיין געמיט... אויב כ'וועל לעבן בלייבן וועל איך עס פֿאַראייביקן פֿאַר די דורות, וואָס האָבן דאָס נישט געזען. מיט א גוטן אַפּעטיט קעסטנבוים. — האָט ער געזאָגט איראָניש. — דו ביסט א פֿאַרדאָרבענע נשמה!

און ווי כוואַליעס פֿייער פֿון א ברענענדיק הויז וואָלטן אים נאָכגעיאָגט, האָט זיך ניימאַן אַראָפּגעלאָזט פֿון די גיהנום־שטיגן...

באַלד נאָכמיטאָג איז עפּעס געשען.

מיטאַמאָל איז דער גאַנצער טומלדיקער עולם אריין אין די בלאָקן און אַרויסגעקוקט מיט צום טויט איבערגעשראָקענע אויגן...

אין לאַגער איז אַריינגעפֿאָרן מיט שטורעם א דייטשער לוקסוס־אויטאָמאָביל. ס'זענען אויסגעשטיגן א הויכער אויבער־לויטענאַנט און עטלעכע דייטשע זשאַנדאַרמען מיט בלעכלעך פֿאַר די העלדזער. איינער האָט געהאַלטן אויף א געפֿלאָכטן לעדערנעם שטריקל א גרויסן

הונט פון דער וועלפישער ראסע, דער הונט האָט ארויסגעלאָזט א ביל, ווי אן אָנזאָג פון א שלעכטער בשורה.

אַלץ איז אין דראנסי פלוצלונג אָפּגעשטאָרבן... די איבערגעשראָקענע יידן האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם... זיי האָבן געקוקט דורך די פענצטער און געזען, ווי דער לאַגער־קאָמענדאַנט שטייט אן אויסגעצויגענער פאַר דעם דייטשן אויבער־לויטנאַנט. יענער רעדט שטרענג, מיט א רציחהדיק פּנים און זיין לעדערנע הענטשקע צאַפּלט אין דער לופט, ווי אן אָפּגעהאַקטע האַנט.

באַלד האָבן עטלעכע פייף אדורכגעשניטן די לופט. אלע האָבן דערקענט דעם צייכן פון אן אַלגעמיינעם אפּעל און עס איז געוואָרן א שרעקלעך געלויף און א בהלה. די גאַנצע פראַנצויזישע זשאַנדאַר־מעריע איז שוין געשטאַנען אויף די פיס. זיי האָבן אריינגעשריגן אין די בלאָקן, אז ווער עס וועט זיך אין א מינוט נישט אויסשטעלן, ווערט גענומען אַלס „ערובניק". און דאָס איז געווען גענוג, אז א וואַסער־פאַל פון יידישע איבערגעשראָקענע טריט זאָל זיך אראָפּלאָזן פון צענדליקער שטיגן. די קינדער האָבן מיט אַמאָל אַרויס־געלאָזט א פאַרצאַפּלט געוויין. די יוגנט איז געשפּרונגען איבער הענט און פיס. די געוואַלדן האָבן דערמאָנט אין א שרפה, ווען די פלאַמען זענען איבערן קאָפּ. זקנים האָט מען אין געדראַנג ארויסגעשטויסן די שטעקנס און איבער זייערע אוועק־געפאַלענע גופים האָבן הונדערטער מענטשן אָנגעהייבן טרעטן, לויפן און קיינער האָט נישט געהערט זייערע געוואַלדן... מאַמעס האָט מען ארויסגעשליידערט יונגע קינדער פון די אָרעמס און די קינדער זענען אוועקגעשווומען אויף פרעמדע אַקסלען, ווי אין א ברויזענדיקן טייך. און אַרויסקומענדיק אויפן אַפּעל־פּלאַץ האָט זיך ערשט אָנגעהייבן דער אמתער „שדים־טאַנץ"... מענטשן זענען אַרומגעלאָפן, ווי משוגעים און האָבן זיך מורא געהאַט אויסצושטעלן. ווו נאָר זיי האָבן זיך אוועקגעשטעלט זענען זיי אוועקגעשפּרונגען מיט א ציטער, אז אויף דעם שטיקל באָדן זאָלן זיי נישט זיין דער עלפטער... זענען יידן געלאָפן ווילד ווי חיות, ווען זיי זעען א פייער אין די אויגן... מען האָט זיך געשטויסן, מען איז געפאַלן, זיך אויפגעהויבן, זיך געראַנגלט... הענט ווי איבערגעשראָקענע פליגל האָבן געפלאַטערט אין דער לופט, קעפּ זענען אריין אין לעבער פון מענטשן־ווענט און זענען צוריק ארויס. יינגלעך זענען אַרומגעשפּרונגען צווישן פיס פון דער־וואַקסענע. מאַמעס זענען געלאָפן מיט צעלאָזענע האָר, דריקנדיק

זייערע יונגע וויינענדיקע נפשלעך צו זייער ברוסטן, און עס וואָלט קיינמאָל נישט געקומען קיין ענדע, ווען פראַנצויזישע זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן געוואָלט נושא־חן זיין ביי דייטשע באַרבאַרן, לאָזן זיך נישט אַריין אין די מאַסע, ווי גאַלאָפּירנדיקע פערד און שלאָגן איבער קעפּ, איבער הענט און פיס, טרעטן די אוועקגעפאַלענע מיט זייערע באַנעגלטע שיך, ווי פערד מיט שאַרפע פּאַדקאָוועס. איין מינוט זענען נאָר די געוואַלדן געוואָרן שטאַרקער, אַז זיי האָבן אַ מענטשלעכן שאַרבן געקענט צעשפּאַלטן אויף שטיקער. אָבער באַלד איז שטיל געוואָרן... אַזוי שטיל, ווי קיין לעבעדיקער נפש וואָלט זיך אויפן אַפּעל־פּלאַץ נישט געפונען... בלויז אויגן, אויגן, האָבן געצאַפּלט אין דער לופט...

— שטיל געשטאַנדען! — קומט אַ דייטשער באַפעל.

און קיינער רירט זיך נישט מער; אויסער דאָס האַרץ אין דער ברוסט... און די יונגע קינדער, וואָס וויינען נאָך שטאַרקער אין די אָרעמעס פון די מוטערס...

דער אויבער־לויטנאַנט און זיין סוויטע מאַרשירט פאַרביי... דער יידישער לאַגער־קאָמענדאַנט — פאַראויס מיט אַ בלייך פּנים. די אויערן פון דער מאַסע זענען אויסגעשפּיזט און אין זיי רוישט:

— דער עלפטער, און דער עלפטער און דער עלפטער!...

אין אַ ווײַלע אַרום שטייען שוין צען יידן באַזונדער אינמיטן אַפּעל־פּלאַץ. זיי זענען אַרומגערינגלט פון דער דייטשער זשאַנדאַר־מעריע, וועלכע בילדעט אַ קייט אויפן האַלדז פון יעדן אויסגעקליבע־נעם... יעדער „ערובניק" שטייט אין אַן אַנדערער טראַגישער פּאָזע, אומבאַוועגלעך, ווי אַ מאָנומענט אויסגעהאַקט פון שטיין, וואָס דאַרף סימבאָליזירן די טראַגעדיע פון אונזערע טעג...

— ווער פון אייך האָט טויזנט גראַם גאָלד. — זאָגט דער אויבער־לויטנאַנט מיט אַ טייוולאָנישן שמייכל צו די צען ערובני־קעס. — ווערט... ווערט... פריי...

ערשט איצט האָבן זיך די צען פאַרשטיינערטע גופים אנגעהייבן באַוועגן, ווי דער טייוול וואָלט אין זיי אַריינגעבלאָזן אַ נשמה... זיי האָבן אויפגעהויבן די קעפּ און זייערע גופים זענען געוואָרן גרעסער... זיי האָבן אָנגעהייבן בליצן מיט זייערע רחמים'דיקע אויגן אין וועלכע אַ פאַרלאַנג צום לעבן האָט זיך צוריק אָנגעצונדן... זיי האָבן אויסגע־שטרעקט די הענט צו דער אויסגעשטעלטער מאַסע. געמאַכט אַ

טראט רעכטס, א טראט לינקס. מיט אן אָפן מויל, ווי דערטרונקענע האָבן זיי געזוכט פריינט, וואָס זאָלן זיי ראַטעווען. צווישן די צאַפּל־דיקע בליקן האָט קעסטנבוים באַמערקט ניימאַנס אומבאהאָלפענע טראַגישע אויגן...

קעסטנבוים האָט אינסטינקטיוו א ציטער געטון... אראָפּגע־נומען זיין זיידן שאליקל פון האַלדז. איינגעפּאַקט מיט ציטערדיקע פינגער דאָס גאַנצע גאָלד, וואָס ער האָט פאַרמאָגט און ווען די דייטשע סוויטע האָט זיך אומגעדרייט, האָט ער דאָס מיט א מסירות־נפשדיקן ציטער צוגעוואָרפן ניימאַנען...

דער אויבער־לויטנאַנט האָט לאַנג געוואויגן קעסטנבוימס גאָלד אין זיין רעכטער האַנט און נאָכדעם באַפוילן:

— נו, דער מאַן צוריק אין דער ריי!

עס איז געווען נאָך א ייד, וואָס האָט צוגעשטעלט אביסל גאָלד, אָבער אין דער האַנט פון דייטשן אויבער־לויטנאַנט האָט עס געוואויגן ווייניקער ווי א מענטשלעך לעבן...

זעגען די איבריקע ניין יידן געבליבן שטיין אויף זייערע פּלעצער און די מורא פאַרן טויט האָט זיי איינגעקורטשעט, איינגעשרומפּן, אז פון מינוט צו מינוט זענען זיי געוואָרן קלענער...

און ערשט איצט האָט דער טייוולאָנישער שפּיל דערגרייכט דעם פינאַל. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז פאַר דעם באַפרייטן ניימאַן, פאַרלאַנגט דער אויבער־לויטנאַנט אן אנדערן „ערובניק". די גאָלד־אויסלייזונג איז נישט מער געווען, ווי א מיטל ארויסצוציען דאָס פאַרשטעקטע גאָלד פון די יידן.

הערנדיק דעם אויסדרוק: „נאָך אן ערובניק", איז די פריער איבערגעלעבטע שרעק צוריקגעקומען צום גאַנצן עולם...

דער אויבער־לויטנאַנט שפּאַנט ווידער ארום איבער אפּעל־פּלאַץ. די שפּאַנונג איז איצט אַזוי שטאַרק, א וואונדער, אז הערצער פּלאַצן נישט קוקנדיק, ווי דעם אויבער־לויטנאַנטס בליציק אויג זוכט...

ניימאַן שטייט אין דער ערשטער ריי א באַפרייטער און קוקט נאָך דעם אויבער־לויטנאַנטס אויסגעשטרעקטן פינגער... און אָט באַלד רייסט זיך א פאַרצאַפּלט געשריי ארויס פון ניימאַנס ברוסט... דעם אויבער־לויטנאַנס פינגער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף קעסטנבוימען.

ווי א געריידטער פון זינען, שפּרינגט ניימאַן ארויס פון דער ריי, ווי מיט אן אונטערגעשאָסענעם פוס פאַלט ער אויף א קני פאַרן

אויבער־לויטענאַנט אוז זיך אויפרייסנדיק זיין ברוסט שרייט ער מיט אַן אויסטערלישער שטימע:

— נעמט מיך צוריק, נעמט מיך! דאָס גאָלד איז זיינס! דאָס גאָלד איז זיינס!

א ווײַלע שטייט דער אויבער־לויטנאַנט ווי צעטומלט... ער קען נישט קומען צו זיך, נישט ווייל די סצענע רירט אים, נאָר איבעראַשט, אז איין ייד זאָל זיך פאַרן צווייטן וועלן מקריב זיין... זיינע אויגן קוקן צאָרנדיק אויף דעם קניענדיקן, בעטנדיקן ניימאַן... און זיין באפעלערישע שטימע ווערט שאַרפער, שניידיקער:

— אַזעלכע צוויי אויפריכטיקע פריינט, מוזן מיר פאַרניכטן... נעמט ביידע!...

פאַריז, דעצעמבער 1945.



# אותיות אין בלוט

דער פרימארגן איז אויפגעגאנגען אין ראזעווע פארבן. דער קאנצענטראציע־לאגער איז געווען פארזונקען אין שטילקייט. די פענצטער פון די באראקן האבן געטראגן אויף זיך די שאטנס פון קאסנאוון וועלדל, וואס איז געשטאנען אויפן רוקן פון א בארג. ס'האט זיך דערטראגן א זיסער פויגל־געצוויטשער, וואס האט אנגעפילט די לופט מיט דינע, צארטע טענער. האבן די פייגל אויף א מינוט אויפגעהערט, איז געווארן נאך שטילער. מ'האט ממש געהערט דאס שווערע אטעמען פון די געפאנגענע, דאס קרעכצן פון האלב־אויסגעלאשענע לעבנס, דאס הוסטן מיט האלב־אויפגעריסענע לונגען, די פעסטע זעלנערשע טריט פון די וואכמייסטערס ביים פארשלאסענעם טויער.

מיטאמאל איז א יינגל ארויסגעשפרונגען פון יידן־עלטסטנס ביורא, צוגעלאפן מיט א האמער אין דער האנט צו די מעטאלענע שטאנגען, וואס זענען געהאנגען אינמיטן הויף, אנגעהייבן האמערן, מיט רעש, מיט נערוועזיטעט. די שטאנגען האבן זיך אנגעהייבן וויגן, ווי גרויסע מעכטיקע קירכן־גלאקן, בעת א שריפה־אויסברוך.

— אפעל! אפעל!

אין די באראקן איז געווארן א טומל. געפאנגענע זענען מיט א ווילדקייט אראפגעשפרונגען פון זייערע פריטשן־בעטן. די אויגן — אויפגעריסן פאר שרעק... איינער האט געכאפט זיין שכנס הויזן, א צווייטער — דעם שכנס שיך. מ'האט זיך געקריגט, געשלאגן. טאבורעטקעס זענען ארומגעפלויגן מיט די פיס אין דער הויך, קולות האבן געשניטן די לופט. א מחנה לאגער־שלעגערס האבן מיט די שטיוול אויפגעקאפעט די טיר. מיט גומי־קניפלעך אין די הענט, מיט רויטע צעפלאמטע פנימער, האבן זיי זיך אריינגעלאזט אין די באראקן, אנגעהייבן בייטשן די בעטן, די טישן, די ווענט: „ארויס! ארויס!“

— איך צייל ביז פינף! — האט דער לאגער־ארדנער געשריגן

— ווער ס׳וועט זיך נאָך פינף געפינען אין באַראַק, ווערט פאַרשמיסן צום טויט !...

יאָ, אָנגעטאָן, נישט אָנגעטאָן, מיט די הויזן, שיך, רעקלעך אין די הענט, איז מען ווילד געלאָפן צו דער טיר. אין איין מינוט איז דער אַפּעל־פּלאַץ פול געוואָרן מיט האַלב־אָנגעטוענע געפאַנגענע. טייל זענען אַרומגעלאָפן מיט באָרוועסע פיס, געזוכט זייערע שיך. באַלד האָבן זיך אויפגעפּראַלט די פענצטער פון די באַראַקן און די אינווייניק־פאַרבליבענע „קאַפּאָס" האָבן אנגעהייבן מיט אַ טייוולאָנישער ווילדקייט אַרויסשמייסן: וואַליזעס, טאָרבעס, פּעקלעך, קישעלעך, אַלטע צעפליקטע מאַנטלען, אַלטע הויזן, שאַכטלעך פאַר לעבנסמיטל, צעשיטע ביכער, האַנטוכער, נאַסע העמדער, אַרבעטס־קאָמבינעזאָנס און אַנדערע זאַכן. ביי יעדן פענצטער האָבן זיך עטלעכע דייטשע פּאָסטנס אָוועקגעשטעלט אַכטונג צו געבן, ס׳זאָל קיינער פון די יידן נישט וואַגן אויפהויבן אַ זאַך. פון יידן־עלטסטנס באַראַק האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אַ גרופּע „קאַפּאָס", ריזן־יונגען מיט „קניפּלס" אין די הענט און האָבן אנגעהייבן שמייסן איבער די קעפּ.

— אויסשטעלן זיך צו דריי, צו דריי !

דער צום־טויט איבערגעשראָקענער עולם איז דאָ און דאָרט אָנגעקומען צו פיר, פינף. די געפאַנגענע האָבן באַקומען פּעטש, קאַפּעס אין די בייכער אַריין. מ׳האָט זיי געשלעפּט ביי די העלדזער און מיט שווערקייט זיי קוים אויסגעשטעלט צו דריי.

ווי אַ שטורעם־ווינט האָט זיך דורכן אויפגעעפנטן טויער אַריינגעלאָזט אַ היפּשע גרופּע ס.ס.־יונגען. זיי האָבן אין איילעניש צוזאַמענגעקליבן אַלע זאַכן, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויפן הויף, אָנגעלייגט אַ הויכע קופּע פון לעצטן ביסל יידיש האָב און גוטס און איידער מ׳האָט זיך אַרומגעקוקט, איז שוין דער באַרג זאַכן געווען אונטערגעצונדן. פייערדיקע צונגען שפּרינגען מיט שטורעם אַרויס פון באַרג, גיבן אַ לעק אויף רעכטס, אַ לעק אויף לינקס און לאָזן זיך נאָכדעם אַראָפּ, נידעריקער, נידעריקער. פון לעצטן ביסל יידיש פאַרמעגן ווערט אַ קופּע אַש...

דער עולם שטייט און קוקט זיך צו שווייגנדיק. און רייסט זיך ערגעץ־ווו יאָ אַרויס אַ זיפץ אָדער אַ קללה, ווערט ער פאַרזונקען אין די הילכיקע זאַטע געלעכטערס פון די ס.ס.־ניקעס. יידישע אויגן קוקן צו דעם זיך לעשנדיקן באַרג אַש... דער ווינט יאָגט אַרום איבערן הויף אַ האַלב־פאַרברענטע פאָטאָגראַפיע — אַ יידישע מאַמע

מיט צוויי קינדערלעך ביי די הענט. דאָס האַרץ קלאַפּט האַסטי-קער... ווער ווייסט וועמענס לעצטע טרייסט וואַלגערט זיך דאָ האַלב־פאַרקוילט, האַלב־פאַרבלאָטיקט. אַ קליין שוואַרץ־באַחנט יינגעלע קריכט צו צום ברענענדיקן באַרג אויף אַלע פיר. בגנבה שטופּט ער אַריין אין טליענדיקן אַש עטלעכע רויע קאַרטאָפל. עטלעכע יידן שלאָגן אים פאַר מורא. דאָס יינגעלע רירט זיך נישט. ליגט ווי אַ הינטל אויף דער ערד, קוקט מיט פינטלדיקע אויגן אויף די קאַר-טאָפל. ווי נאָר זיי באַקומען אַ שוואַרצן ברען, כאַפּט ער זיי ווילד אַרויס, עסט זיי הייסערהייט, כאַטש זיי ברענען די ליפּן, ווי שטיקער פייער.

פון דער קאַנצעלאַריע ברענגט מען אַרויס אַ טיש. די צוויי יידישע מיידלעך, וואָס אַרבעטן אין ביוראָ, באַגלייטן דעם טיש, מיט ווייסן פּאַפּיר אין די הענט, גרייט צו מאַכן ליסטעס. די איבער־געשראָקענע געפאַנגענע קוקן זיך אָן מיט חידוש.

— וואָס קומט דאָ פאַר?...

זייערע הערצער שטאַרבן אָפּ פאַר שרעק; ווערן ווידער גע־בוירן, כדי צו קענען נאָכאַמאָל שטאַרבן...

דער יידן־עלטסטער באַווייזט זיך.

ער לויפט אַרום פון באַראַק צו באַראַק נאָכקאָנטראָלירן, צי אַלץ איז אין אָרדענונג. נאָכדעם שטעלט ער זיך אַוועק ביים טישל, אַרומגערינגלט פון אַ גאַנצן שטאַב יידישע שלעגערס. דער אויבער-אַרצט אין אַ ווייסער שירץ, קומט צולויפן, אין דער האַנט אַ פלעשל „סעפּסאָ" און אַ קניפּל צעלשטאָף־וואַטע. ער שטעלט זיך אַוועק ביים טישל און סודעט זיך מיטן יידן־עלטסטן.

די אויגן פון די געפאַנגענע דרייען זיך איבער אין די אויגן־לעכער... זיי קוקן נאָך יעדן זשעסט, יעדן טראָט. עס דאַכט זיך זיי, אַז מ׳שטעלט דאָ פאַר וועמען אויף אַ תליה... און איינער פרעגט ביים צווייטן, מער מיט די אויגן, ווי מיטן מויל:

— פאַר וועמען?...

מיט אַמאָל אַ געוואויש אויף יענער זייט טויער. דער יידן-על-טסטער גיט אַ צאַפּל. מיט אַ הילכיקן פייף שניידט ער אַדורך די לופט. נאָכדעם גיט ער אַ מעכטיקן אויסגעשריי:

— דאָס גאַנצע שטיל געשטאַנדען!

טויזנטער פאַר פיס גיבן אַ הילך. ציען זיך אויס, ווי סטרונעס צום פלאַצן.

עס באַווייזט זיך אַ הערקולעס־פיגור פון אַ דייטשן הויפּטמאַן. אַ גרויסער קאָפּ. ווייס־בלאָנדע חזיר־האָר. גראָע אויגן, ווי קאַלטער שטאָל. אַן אויסגעפּאַסטער מונדיר צום פּלאַצן. אַ קליין שווער־דעלע. אַ טויטן־קאָפּ אויף דער לינקער קלאַפּע. ער גייט מיט אַ פעסטן טראָט, ווי אַ וועלט־הערשער, פאַכענדיק מיט די הענטשקעס. איין אונטער־אָפיציר, איין געפרייטער און דער לאַגער־פירער באַגלייטן זיינע טריט. די גאַנצע סוויטע דערנענטערט זיך צום טיש. דער יידן־עלטסטער לויפט אַקעגן און מעלדעט:

— הער הויפּטמאַן, איך מעלדע געהאָרכזאַם: 3,210 געפאַנגענע אויפן אַפּעל־פּלאַץ, 357 קראַנקע, 32 טויטע.

דער הויפּטמאַן קוקט זיך אַרום מיט אַ ביסטרען בליק פון אַ געריכט־פּראָזיצער, וואָס גרייט זיך צו לייענען אַ טויט־אורטייל.

— געפאַנגענע פון דער פאַרשאָלטענער יידישער ראַסע! — דונערט זיין שטימע — צו מיר איז דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז איר ווילט זיך נישט צופּאַסן צו אונזערע געזעצן. די ראַציע ברויט איז אייך צו ווייניק, די זופּ — צו־שיטער. די אַרבעט אין פאַבריק — צופיל. שוין צענדליקער מאָל, ווי כ'האָב דאָ ביי אייך דורכגעפירט רעוויזיעס, אָפּגענומען געלט און צירונג. און איר האָט ווידער געלט צו האַנדלען. איר קויפט ביי די אַריער זייער מילך, זייער ברויט, זייער פוטער און זייערע וויטאַמין־צוקערלעך. פאַרשטייט איר נאָך אַלץ נישט, אַז וויפיל איר שטאַרבט איבערן טאָג, איז אונדז נאָך ווייניק. פאַרשטייט איר נאָך אַלץ נישט, אַז די קראַנקע, וואָס קענען מער נישט גיין צו קיין אַרבעט, הערן ביי אונדז אויף צו עסן און, אַז אייערע ברידער און שוועסטער, אייערע יונגע קינדער, וואָס קענען נישט אַרבעטן פאַר אונדזער לאַנד־פּראָדוקציע, ווערן פאַרברענט, פאַרגאַזט, לעבעדיק באַגראָבן און... הע־הע־הע!... און... וואָס נאָך ווילט איר?... איך בין היינט אַהערגעקומען אייך צום לעצטן מאָל וואָרענען, איר זאָלט אָפּגעבן אַלץ, וואָס איר פאַרמאָגט. קיין שום שטראָף דערוואַרט אייך נישט. מיר פירן באַלד אַדורך אַ שטרענגע רעוויזיע און ביי וועמען מיר געפינען עפּעס, ווערט ער פאַרשמיסן צום טויט. איך וועל אייך לאָזן פאַרשמייסן דורך יידישע „קאַפּאָס", וועט איר האָבן אַ זיסן טויט... פון די שוואַכע צווישן אייך וועל איך בילדן אַן עקסטרא־טראַנספּאָרט קיין אוישוויץ. איר וועט אַריין דורכן טויער און אַרויס דורכן קוימען... האָט איר אַלע פאַרשטאַנען?

— יאוואָל!

— דאָס איז אַ שוואַכער ענטפער.

— יאוואָל! — האָט די מאַסע אויסגעברומט.

באַלד איז געוואָרן אַ פֿיינלעך, איבערגעשראָקן געלויף, אַ גע־שטופעניש דערדריקט צו ווערן. די מער־איבערגעשראָקענע האָבן געוואָלט זיין די ערשטע ביים טישל. יידן האָבן אַרויסגעשלעפּט געלט פון די שיך, פון די פיס־לאַפּן, פון איינגענייטע באַהעלטענישן אין די הויזן. די מהומה איז געוועזן גרויס. דער הויפּטמאַן איז זיך געזעסן ביים טישל, דעם לינקן לאַקירטן שטיוול מיט גדלות פאַרלייגט אויף דער רעכטער קני און געראויכערט אַ ציגאַר. יעדן ייד, וואָס האָט אַוועקגעלייגט דאָס געלט אויפן טישל, האָט ער געהייסן אונטערשרייבן ,אַז ער פאַרמאָגט נישט מער. יעדן פּנים האָט ער געשאָנקען אַ בליק, אַ בייזן ברום, אַ מעפיסטאָפעלישן שמייכל...

ס'האָט פאַרנומען גאַנצע צוויי שעה, ביז מען האָט אַלץ פון די יידן אויסגעליידיקט. פאַרטיק געוואָרן, האָט זיך דער הויפּטמאַן ווידער אויפגעשטעלט און געפרעגט:

— האָט מער קיינער פון אייך קיין געלט אָפּצוגעבן?

— ניין! — האָט די מאַסע אָפּגעענטפערט.

דער הויפּטמאַן האָט אַ פאָכע געטאָן מיט זיין הענטשקע, זענען זיך די פּאָסטנס צוזאַמענגעלאָפן, זיך אויסגעשטעלט, ווי סטאַטועס:

— צום באַפעל, הער הויפּטמאַן!

— אַזוי, ווי אַלץ איז אויסגעשטעלט, זוכט מיר אַדורך באַזונ־דער די ערשטע ריי, די צווייטע און די דריטע ריי. ביי וועמען איר געפינט עפּעס,איז אַהער צו מיר!

— יאוואָל, הער הויפּטמאַן! — האָבן די פּאָסטנס סאַלוטירט.

— יודען־עלטסטער! שפּילט דאָ קיינער נישט קיין מוזיק ביי אייך? — האָט דער הויפּטמאַן אַ לייכטן שמייך געטאָן מיט אַ הענטשקע דעם יידן־עלטסטן.

— מוזיק? — בלייבט דער יידן־עלטסטער שטיין אין אַ פאַר־לעגנהייט. ער קוקט פאַרשנדיק אויפן הויפּטמאַן: מיינט ער דאָס ערנסט, צי שפּאַסט ער?

— נו, דו קענסט זיך נישט דעצידירן?

— אויב דער הויפּטמאַן מיינט דאָס ערנסט, געפינען זיך ביי

אונדז צוויי ווינער מוזיקער, די פידלען האָבן זיי ליגן ביי אונדז אין מאַגאַזין.

— זאָלן זיי זאָפאָרט קומען אהער אָפּשפּילן אַ פריילעכס!

דער הויפּטמאַן איז רואיק געזעסן און איבערגעציילט דאָס אָנגע־רויבטע געלט. די גאָלדענע רינגען האָט ער אַריינגעפּאַקט אין אַ שאַכטעלע, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט צו דעם צוועק. יעדעס שטיקל צירונג האָט ער באַקוקט מיט לאַכנדיקע אויגן. עס איז געווען קענטיק, אַז נאָך מער, ווי די ווערט פון צירונג באַפרידיקט אים דאָס אַרויסצורייסן פון יידישע הענט.

הונגעריק, מיד איז געשטאַנען דער עולם אויפן אַפּעל־פּלאַץ, האַלב־נאַקעט, נישט אויסגעשלאָפן און אויסגעליידיקט פון דער לעצטער מעגלעכקייט צו קויפן זיך עטלעכע גראַם ברויט און טויט־געקרענקט פון הויפּטמאַנס רעדע. פּלוצלונג הייבן צוויי פידלער אָן צו שפּילן, און דווקא אַ פריילעכס. די יידישע אויגן רייסן זיך אויף מיט פאַרוואונדערונג. פון די פריילעכע טענער ווערט דער עולם ווילד. די טענער גרילצן פיינלעך אין די אויערן. עס דאַכט זיך, אַז דער טייוול איז געקומען זיך רייצן מיט זיינע קרבנות...

---

דער שוסטער קאָפּל גרינבערג פון דאָמבראָווע, אַ פרומער תהילים זאָגער. אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, האָט ער נאָך קיין איין טאָג נישט פאַרפעלט צו דאַווענען. געווען איז ער אַ שטאַמלער, און געדאַווענט האָט ער דווקא הויך אויפן קול. איין גרייז האָט נאָכגעיאָגט דעם צווייטן. קאָפּל האָט זיך אבער מיט זיין עברי נישט געשעמט. אויפגערעגטע יידן אין באַראַק האָבן זיך אָפּטמאָל גע־קריגט מיט אים, פאַרוואָס ער דולט זיי דעם קאָפּ מיט זיין ווייגענ־דיקער שטימע. קאָפּל האָט זיך געמאַכט נישט־הערנדיק. ער האָט געטאָן דאָס זייניקע, געריסן פּאַסן פון די אומשולדיקע תפילות, מיט אַ שטאַרקן גלויבן אין הארצן, אַז בלויז צוליב זיין דאַווענען היט אים גאָט אָפּ פון אַלעם שלעכטן.

קיין טלית און תפילין האָט קאָפּל שוסטער אין לאַגער נישט פאַרמאָגט, נאָר בלויז אַ קליין סידורל, וואָס ער האָט אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ.

געזען, אַז עס מאַכט זיך אַזאַ שטורעם, האָט קאָפּל אַראָפּגע־כאַפּט דעם שאַל פון האַלדז, אַרומגעוויקלט זיין סידורל, ווי מען פאַרפּאַקט אַן אוצר, און איז געבליבן שטיין אַ ציטערנדיקער. ער

האָט געקוקט, ווי מען זוכט אַזוי שטרענג און אנגעהייבן באַנעמען, אַז ער וועט זיך סוף-כל-סוף מוזן שיידן מיטן סידורל, אין וועלכן ער דאַוונט שוין אַ פופצן יאָר. קאָפּלען איז געווען שווער אויפן האַרצן... דאָס סידורל האָט ער געקויפט צו דער חתונה, דערמיט איבערגעלעבט צוויי בריתן, און טראַכטנדיק וועגן די בריתן, האָט שוין קאָפּל געזען זיין אַמאָליקע היים, זיך דערמאָנט די שבת־נאָכ־מיטאָגס. ער זיצט ביים פענצטער מיטן סידורל אין דער האַנט, זאָגט תהילים און דאָס גאַנצע שטעטל שפּאַצירט זיין פענצטערל פאַרביי. די ווייבער אין זיידענע קליידער, די מענער אין אַטלאַס. זיין ווייב, טעמערל, געדענקט ער, ברענגט אים אַריין שבת-אויבסט. אָ, ווען ער קען זי איצט זען!...

האָפּערדיקע דייטשע סאָלדאַטן דערנענטערן זיך. שטיוול, וועלכע ער האָט זיין גאַנץ לעבן געגלעט, שרעקן אים איצטער איבער...

— גאָט אין הימל, וואָס זאָל איך טאָן? באַגראָבן דאָס סידורל איז אַן עבֿרה. אַוועקגעבן די פּאָסטנס, וועלן זיי עס פאַרברענען. וואָס טוט מען רבונו של עולם?

מיט אַן אויפגעריסענעם בליק לאָזט זיך קאָפּל אַרויס פון דער ריי צו זוכן אַ באַהעלטעניש פאַר זיין סידורל, וואָס איז אים טייער, ווי זיין לעבן. קאָפּלס שכנים האָבן אָנגעהייבן צאַפּלען פאַר שרעק:

— סמאָלע־קאָפּ, האָסט פאַרגעסן ווו דו ביסט...

— וואָס האָט איר אַזוי מורא פאַרן טויט? — האָט קאָפּל זיך אויפגערעגט. — האָט איר נישט געהערט די רעדע פון רשע? איך, אַ פּראָסטער שוסטער, זאָג אייך, אַז מיר איז ליבער צו שטאַרבן, ווי אָפּהאָרעווען פאַר זיי ביז דער דעך וועט מיר אַרויס.

— שווייג, זיי קומען דאָך!

— דו זעסט דאָך, אַז ער איז געווירט!...

און אָט קומען די פּאָסטנס צו קאָפּלען. ער קען זיך נישט באַ־הערשן. ער ציטערט און פלאַטערט, פינטלט מיט די אויגן. און איידער מען הייסט אים אויפהויבן די הענט, כאַפּט ער זיי אַליין אינדערהויך. אין דער רעכטער האַנט האַלט ער זיין סידורל איינ־געוויקלט אין שאַל.

— וואָס ציטערט ער, דער טייוול? — פרעגט אַ סאָלדאַט.

— אַ־אַ! וואָס האָסטו דאָ פאַרשטעקט אין פּעקל?

— אַ געבעט-בוך, הער וואַכמייסטער.

קאָפּל דריקט דאָס סידורל נאָך פעסטער צו זיך.

— אהער!

א ביקס־קאָלבע האָט א זעץ געטאָן אין קאַפּלס ברוסט. אָן אויס־טערליש געשריי האָט פּארטוּיבט די לופט. אָבער דאָס סידורל פון זיינע הענט האָט קאַפּל נישט ארויסגעגעבן.

דאָס רעדל ארום קאַפּלען ווערט גרעסער. די ערשטע צעלאָ־זענע ריי שטופּט זיך נענטער. טייל שעפּטשען צו אים:

— דו וואַגסט זיך אנטקעגנצושטעלן?

קאַפּל שטייט א צעטומלטער. איין זאַך פילט ער, דאָס סידורל איז אין זיינע הענט.

די צוויי פידלען שפּילן. די טענער צעגיסן זיך איבערן הויף מיט א זיסקייט פאַרן אויער און מיט א ביטערקייט פאַרן הארץ. די פרייליכע טענער פארטיפן נאָכמער דעם טרויער פון די יידן, דער־מאָנען אין טויט. דערמאָנען אין מוזיק, וואָס מען שפּילט אויף לוויות...

דער הויפּטמאַן, באַמערקט א טומל מיט א יידן, הייסט ער אָפּ־שטעלן דאָס שפּילן.

— פאָסטן, וואָס איז געשען? — פרעגט ער שטרענג.

— הער הויפּטמאַן, דער יודע האָט עפּעס פארשטעקט אין א געבעט־בוך...

— פארשטעקט? ער גלויבט געוויס, אז מיין וואָרט איז א וואָרט פון א יודע. אָט וועט ער גלייך זען! — האָט דער הויפּטמאַן זיך א ריס געטאָן פון אָרט.

— אין אַלעמענס אויגן אויסטאָן דעם יודע נאַקעט! ברענגט מיר אהער דאָס שטראָף־ברעט, מיט די נעגל רעכטס און לינקס. די „זאו" לייגט מיר אריין אין דערמיט און זאָל ער זיין פּעקל צירונג האַלטן. יודען־עלטעסטער, קלייב מיר אויס צוויי געזונטע „קאַפּאָס".

— ראַפּאַלאָוויטש! שניידער! — שרייט דער יידן־עלטסטער.

צוויי יונגען מיט רויטע פנימער קומען צולויפן, ווי טייוולאָנים, שטעלן זיך אוועק פאַרן הויפּטמאַן.

— אויסטאָן דעם יודע! — באַפעלט דער הויפּטמאַן.

מיט א ווילדקייט, וואָס דאַרף באַווייזן געטריישאַפט דעם הויפּטמאַן, רייסן די „קאַפּאָס" אראָפּ קאַפּלס קליידער. איין „קאַפּאָ" האָט שוין אלס צולאָג דערלאַנגט קאַפּלען מיט א פויסט איבערן

קאָפּ. קאָפּל שטייט ווי באַטויבט, קוקט מיט זיינע איבערגעשראָקענע אויגן, זעט נישט מער ארום זיך, ווי שוואַרצע פינטעלעך...

דאָס סידורל איז ביים אַראָפּשלעפּן די קליידער אים ארויסגעפאַלן פון דער האַנט. א „קאַפּאָ" הויבט עס אויף און דערלאַנגט עס דעם הויפּטמאַן.

— ניין! — זאָגט דער הויפּטמאַן — זיין אייגענע האַנט מוז מיר דאָס דערלאַנגען.

קאָפּל ענטפערט נישט. זעענדיק דאָס ברעט מיט די נעגל, איז אים דאָס האַרץ שוין סיי ווי סיי אָפּגעשטאָרבן... ער האָט איצט פאַר קיין זאַך קיין מורא נישט. זיינע ליפּן ציטערן בלויז.

— גיט אים צוריק דאָס פּעקל און לייגט אים אויפן ברעט!...

— באַפעלט דער הויפּטמאַן.

דער עולם יידן איז געשטאַנען אין א פּיינלעך שווייגן. ביי א טייל שטעלן זיך טרערן אין די אויגן, ביי א טייל וועהגן זיך געוויינען אין די העלדזער... העגט פילן זיך אָן מיט חשק אָנצוכאַפּן מיט די לעצטע כוחות דעם הויפּטמאַנס גאָרגל. אנדערע טראָגן איבער א שושקעריי פון אויער צו אויער:

— דער סמאָלע-קאָפּ מוז האָבן גאָלד אין זיין פּעקל.

— די מערדער וועלן נאָך באַצאָלן!... ברומען אנדערע מיט צונויפגעקוועטשטע ציין.

קאָפּל שוסטער ליגט שוין א נאַקעטער אויפן ברעט. זיין גוף — הויט און ביין. ביי די אַקסלען צוויי גריבער, ווו די ביינער רייסן זיך אין די אויגן אריין. זיין גאַנצער קערפּער ליגט איינגעקורטשעט.

די צוויי „קאַפּאָס" הויבן אויף די „קניפּלס" און שפּיזן דעם הויפּטמאַן אין די אויגן אריין.

— איינס! צוויי! דריי! פיר! — ציילט דער הויפּטמאַן לאַנגזאַם.

אַן אויסטערלישער געוואַי פון א מענטש פאַרהילכט די לופט. קאָפּל דרייט זיך אויפן ברעט. ער וואַרפט זיך אויף רעכטס, אויף לינקס. שנירלעך בלוט וויקלען אַרום זיין קערפּער. זיינע געוואַלדן שפּאַלטן הימלען.

באַלד ביים ערשטן טרייסל אויפן ברעט, איז אים דאָס סידורל ארויסגעפאַלן פון זיין האַנט. עס ליגט אויפן ברעט אַן אויפגעבלעטערטס, באַשפּריצט מיט בלוט.

— פינף! זעקס! זיבן! אכט! — ציילט דער הויפּטמאַן, וואָס אמאָל מיט מער פאַרביסנקייט. קאָפּל בלוטיקט שוין פון שאַרבן, פון מויל, פון דער נאָז. זיינע ציינער קלאַפּן מיט אזא מוראַדיקער קראַפט, אז מען הערט עס איבערן אפּעל־פּלאַץ, ווו עס הערשט א שטילקייט פון א בית עולם... יעדער שמיץ, וואָס פאַלט אויף קאָפּלס קערפּער, פאַלט אויך אין דער זעלבער צייט אויף דער גאַנצער מאַסע... ביי יעדן פייף פון דער נאַגאַיקע, גיט זיך דער עולם א וויג...

קאָפּלס עקשנות פירט ארויס דעם הויפּטמאַן פון די כלים. אינ־מיטן ציילן באַפעלט ער:

— זאָלן די מוזיקער שפּילן א פריילעכס!

— ניין! צען! עלף! צוועלף!

די מוזיקער הייבן אָן שפּילן א וואַלס. צאַרטע פידל־טענער מישן זיך אוים מיט כאַרכלדיקער גסיסה.

— דרייצן! פערצן! פופצן! זעכצן! זיבעצן! אכ...

דער שוסטער האָט אויפגעהערט צו קרעכצן.

דער הויפּטמאַן האָט אויפגעהערט צו ציילן.

— אויבער־ארצט, קען מען פאַרזעצן? — פרעגט דער הויפּט־מאַן, אָנבלאָזנדיק זיינע באַקן.

— נישט נויטיק, הער הויפּטמאַן!

— הם... אזוי... — האָט זיך דער הויפּטמאַן אָפּגעווישט דעם שווייס נאָך אזא שווערער ארבעט, אויסגעשפּיגן און באַפוילן:

— ווייזט אהער דאָס פּעקל!

מען ברענגט דאָס סידורל. דער הויפּטמאַן בלעטערט, נישטערט מיט אויפגעלאָפענע אויגן, מיט א טריומפירנדיקן שמייכל צע־שניידט ער דעם רוקן, מיינענדיק, אז אָט באַלד געפינט ער די פערל, די טייערע שטיינער, וואָס דער ייד האָט דאָ פאַרשטעקט. ער צע־רייסט, צעפּיצלט דעם רוקן, געפינט גאַרנישט. זיין פּנים פלאַמט פון רציחה.

אָן אויפגעברויזטער, אָן אנטוישטער, שמייסט דער הויפּטמאַן דאָס סידורל קאָפּל שוסטער אין פּנים אריין. דאָס סידורל איז גע־בליבן ליגן אָן אויפגעבלעטערטס מיט אותיות איינגעשמירט אין בלוט...

פּאַריז, דעצעמבער 1945.

# כָּל נדרי

ערב יום־כיפור פאַרנאַכט. א שטאָט מיט יידן געפאַנגען הינטער שטעכל־דראָטן איז באַפאַלן דער דור־דורותדיקער מוראדיקער ציטער. דער היה'שער הונגער, וואָס האָט א גאַנץ יאָר אראָפּגעריסן פון יעדן געפאַנגענעם זיין מענטשלעכע צורה, איז איצטער פאַרשוואונדן. נישט־גלויביקע, ווי גלויביקע, לויפן אין וואַש־באַראַק מיט די האַנטוכער אויף די העלדזער זיך ארומוואַשן לכבוד יום־טוב. דער געיעג נאָך ברויט, נאָך „נאַכשלאַג", האָט אין דעם אָוונט אויפגעהערט. ארומגעוואַשענע יידן, אין די זעלביקע שמוציקע טראַנטעס זיצן איצטער ביי די טישן פאַרטראַכט... אין זייערע האַלב־אויסגעלאָשענע אויגן צינדן זיך איצטער אָן גרויסע, דיקע, יום-כיפור-ליכט, וועלכע ברענגען אריין אין דעם פינצטערן הלל פון באַראַק א הייליקן פלאַם... די וויזיע פירט דעם געפאַנגענעם צוריק צו זיין קינדהייט, ווען דאָס גאַנצע לעבן איז נאָך געווען איינגעהילט אין ראָזעווע פאַרבן, ווען דאָס קינד האָט נאָך מיט אַן אומשולדיקן נייגעריקן בליק געקוקט אויף דער וועלט און אין איר אנטדעקט וואונדער און שיינקייט. מורא האָט ער נאָר דעמאָלט געהאַט פאַר די רויט-צעצונדענע הימלען און נישט געאַנט, אז דאָס סאַמע שוידערלעכסטע, שפילט זיך אָפּ אויף דער ערד...

א טונקל-בלויער הימל איז געהאָנגען איבערן פינצטערן לאַגער. א קאַלטער ווינט, וואָס האָט דערמאָנט אין אָנקום פון ווינטער, האָט זיך אינדרויסן ארומגעשפּילט מיט גאָלד-געלע האַרבסט-בלעטער. דער ווינט האָט די פאַרטריקנטע בלעטער אריינגעבראַכט אין קאַצעט פון שכנות'דיקן וואַלד, וועלכער האָט, ווי מיט א בוימער־רייף ארומגעצוימט דעם גיהנום.

אין לאַגער איז שטילער ווי אַלעמאָל. אפילו די לאַגער-גנבים, וועלכע האָבן זיך תמיד געדרייט אַרום דער קיך, ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, זיצן אויך איצטער זאַטע אין זייערע באַראַקן.

דער איינציקער באַראַק אין לאַגער, וואָס האָט באַקומען אַן אַנדערן אויסזען לכבוד יום-טוב, איז דער מאַגאַזין, וואָס איז אַ גאַנץ יאָר אָנגעפּילט געווען מיט אַלטע קליידער פון טויטע און לע-בעדיקע. ערב יום־כּיפּור איז ער אויסגעליידיקט געוואָרן פון די גע־פּאַנגענע. די גאַנצע ‎|פּרימאָדגן־שיכט האָט זיך פרייוויליק גע־מאָלדן דעם שמוציקן מאַגאַזין צו פאַרוואַנדלען אין אַ מקום-קדוש, מיט געשוואָלענע הענט און פיס, טויט־מידע און הונגעריקערהייט, האָבן צענדליקער „העפטלינגען" דאָ געאַרבעט שעה'ן לאַנג, געוואַשן די פענצטער און די פּאָדלאָגע, פון שטיקלעך פּאַפּירענע באַנדאַזשן צוזאַמענגעקלעפּט פאַרהענגלעך, אָפּגעוואַשן די ווענט מיט הייס וואַ־סער און דער מאַגאַזין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָרים „בית־מדרשל".

איצטער שטייט ביי דער מזרח-וואַנט אַן „עמוד" פון צוויי קאַסטנס, באַדעקט מיט אַ קאָלדרע. אויף אַ בלעך איבערן „עמוד" זענען אָנגעטריפט אַ ריי רויטלעכע ליכט און שיינען מיט ציטער־דיקע פלעמלעך לכבוד די אומשולדיקע נשמות, וועלכע זענען דאָ הינטער די שטעכל-דראָטן אויסגעגאַנגען מיט פאַרשידענע גרויזאַמע טויטן... אינמיטן באַראַק אַ לאַנגער טיש גערעכט באַלייגט מיט ציגל, אויף וועלכע עס זענען אָנגעטריפט ליכט, וואָס וואַרפן אָן אַן אימה אויף אַלעמען...

די טיר פון מאַגאַזין איז אויפגעפּראַלט און „העפטלינגען", עלטערע און יינגערע, שטראָמען אריין מיט אַ יום־הדין ציטער אין זייער געמיט. ווי נאָר זיי באַטרעטן די שוועל פון דעם „בית־מדרשל", ווערן די „העפטלינגען" אויסגעטאָן פון דעם ברומאַלן, צום טויט - פאַראורטיילטן לאַגער-לעבן. די ליכט-פלעמלעך, ווי אויף גאָלדענע פליגל פון קדושה, טראָגן אוועק די יידישע נשמות אין די הייליקע ערטער פון אַמאָל, וואָס כאָטש איצט ליגן זיי ווי חור-בות, אבער די געפאַנגענע זעען אין זיי זייער אַמאָליקן גלאַנץ און פּראַכט. זיי זעען די אַמאָליקע שולן מיט די פאַרביקע וויטראַזשן און ווענטען קאָלירטע, רונדיקע רעמלעך עס זינגען לעבעדיקע פייגעלעך. זיי זעען די אויסגעצירטע מזרח-וואַנט, איינגעטונקען אין גאָלד, פאַר זייערע אויגן שוועבן די גאָלדענע האַרפעס, די צען גע-באָטן, אויסגעקריצט אויף לוחות. דער ארון-הקודש מיט דעם אַטלאַס-ווייסן פּרוכת, געפּוצט מיט גאָלד, זילבער און פינקלדיקע פּערל. עס שוועבט אין יעדנס אויג אַ געפּאַקטע שול מיט יידן אין ווייסע קיט־

לען, אין טליתים, מיט זילבערנע עטרות איבער די קעפּ. הונדערטער ברענענדיקע ליכט שווימען אין הילצערנע שיסלעך, אָנגעשיט מיט זאַמד. און פון די תפילות, וואָס רייסן זיך אַרויס פון אנגעווייטיקטע הערצער, רוישט עס אין דער שול, ווי ביי אַ וואַסער־פאַל, וווּ לויטערע נשמות טובלען זיך אין תפילות, וואָס זענען אָנגעשריבן געוואָרן מיט הונדערטער יאָרן צוריק און ביז אויפן היינטיקן טאָג הערן זיי נישט אויף צו פליסן מיט רחמים־קוואַלן, וועלכע די וועלט וויל פאַרשיטן מיט האַס.

מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט שווימט דער געפאַנגענער אַרום איבערן באַראַק און שטופּט זי יעדן איין און מיט פאַרקלעמטע הערצער ווינטשט מען זיך: אַ גמר חתימה טובה, היטלערס מפּלה! אַ גמר חתימה טובה, היטלערס מפּלה! „העפטלינגען“, וואָס קריגן זיך אַ גאַנץ יאָר איבער נישטיקע קלייניקייטן, בעטן זיך איבער מיט רייענע, אומשולדיקע הערצער, ווי ניי־געבוירענע קינדער. עס רוישן צענדליקער שטימעס, ווי דאָ וואָלטן געווען טויזנטער קולות, וואָס ווילן מיטן כוח פון זייער רחמימדיקן גאַט אדורכשפּאַלטן די דריקנדיקע באַראַקן־ווענט, די שטעכל־דראָטן, וואָס האַלטן געפאַנגען אומשולדיקע מענטשן, ווי ווילדע חיות.

אייניציקווייז ווערט אַזוי ענג אין „בית־מדרשל“, אַז מען קען קיין האַנט נישט אויסשטרעקן, ווינטשן זיך יידן אריבער דורך אַ שאָקל מיטן קאָפּ. ביי אַ טייל שיינען די אויגן פול מיט בטחון, ווי זיי וואָלטן מיטאַמאָל דערזען אַן אנדערע וועלט. די פלעמלעך פון די יום־כיפור־ליכט דערוואַרעמען זייערע אויסגעפרוירענע גלידער. און יידן הערן נישט אויף אַריינצושטראָמען אין בית־מדרש. עס דאַכט זיך, אַז פון דער ענגשאַפט וועלן די ווענט פּלאַצן. אַנדערע פאַרשפּעטיקטע בלייבן שטיין אין פאָדער־הויז. נאָך מער פאַרשפּעטיקטע — אין דרויסן ביי די פענצטער. זיי לענען זיך אָן אין דער וואַנט, ווי זי וואָלט מיט אַמאָל געוואָרן אַ הייליקע. עלטערע ווייבער און יונגע מיידלעך אין פאַרביקע קאָפּ־טיכלעך אויף זייערע אָפּגעשוירענע לאָקן־קעפּ, שטראָמען מיט אייליקע טריט צו דער וואַנט שטעכל־דראָטן, וואָס טיילט אָפּ דעם פרויען־לאַגער.

באַלד רוקט זיך אַרויס פון דער מאַסע ר׳ לייבל מילנער — אַ היימישער הזן־שוחט — וואָס זעט אויס ווי אַ תחיית־המתים פיגור. פון בוזעם שלעפּט ער אַרויס אַן אַלט מחזור, אויפן „עמוד“ גיט ער אַ פעסטן קלאַפּ אַריין אין די אויפגעבלעטערטע תפילות. אַ

װאַלקנדל שטויב פֿון דורות הייבט זיך אָן שלענגלען אַרום די ציטערנדיקע ליכט־פֿלעמלעך. עס װערט שטיל און אימה'דיק... אַלע־מענס אויגן זענען געװענדעט צו דער מזרח־װאַנט... זיי זעען װי ר' לייבל טוט אויס דאָס רונדיקע קאַטאַרגע־היטעלע און זעצט זיך אַרויף אויפֿן קאָפּ אַ שװאַרץ זיידן קאַפּעלע. דאָס איז דאָס איינ־ציקע שטיקל מלבוש, װאָס לייבל מילנער קען זיך איצטער אָנטאָן לכבוד יום־כיפּור. די שטילקייט װערט פֿון מינוט צו מינוט נאָך טיפֿער. מען הערט נישט מער װי די ליכט קנאַקן אין דער לופֿט... אין אַ װינקל װישט זיך אָן אַלטער ייד אָן זיינע טרערנדיקע אויגן מיט אַ שמוציקן אַרבל. װי פֿון אַ טיפֿן גרוב אַרויס הערט זיך פּלוצ־לונג אַ געדעמפּט קלינגענדיק קול:

על דעת המקום ועל דעת הקהל
בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה
אנו מתירים להתפלל עם העבריינים
כ ל נ ד ר י...

קוים הערבאַר, טריפֿט דער טיף־אויפֿציטערנדיקער כל־נדרי־ניגון. באַלד ביים ערשטן אויסשאַל פֿון װאָרט כל־נדרי, האָט זיך די מאַ־סע צעװיגט, װי אַ פֿעלד זאַנגען אין שטורעם. אויגן בליצן אויף... הענט ראַנגלען זיך אין דער לופֿט, װי הענט פֿון דערטרונקענע, װילן אָנכאַפּן אַ רינגעלע פֿון אונזער דורותדיקער קייט און זיך איינ־פּלעכטן, זיך מיטשלעפּן אין דער צוקונפֿט אַריין...

אין דרויסן איז שוין פֿינצטער און װינטיק. דער װאַלד, װי אַ שװאַרצע מויער, צייכנט זיך אויף די שויבן. דער שאָטן פֿון די יום־כפּור־פֿלעמלעך צינדט אָן זיין אומעטיקע שװאַרצקייט מיט אַ יום־טובדיקן אָפּשיין.

אין דרויסן שטייען די פֿרויען, די קעפּ אָנגעלענט אויף די שטעכל־דראָטן און כאַפּן אויף, װי אין אַ חלום די טענער פֿון כל־נדרי. אַלטע פֿרויען װישן זיך די אויגן און יונגע מיידלעך שטייען פֿאַרטראַכט, זיך דערמאָנענדיק היימישע בילדלעך פֿון יום־כיפּור פֿאַרנאַכט... די דערמאָנונג לאָזט איבער אַ געפּרעסטע בענקשאַפֿט אין האַרצן און אַ צװייפֿל.

— ונסלח... — טרייסלט זיך ר' לייבל מילנער מיט כּוונה.

מיטאַמאָל הערט מען אַריינפּויקן אין די שויבן. אַלע דרייען אויס די קעפּ צו די פֿענצטער. עס װערט אַ באַװעגונג, אויגן טוען זיך אין איין מינוט אויס דעם קדושה־גלאַנץ און טוען זיך צוריק אָן

דעם מאַטן אָפּגעלעבטן לאַגער־בליק... מען פילט ווי די עלית־נשמה איז אַראָפּגעפאַלן... מען הערט טריט פון שטיוול... הערצער הייבן אָן קלאַפּן האַסטיקער... ווי גרויס די ענגשאַפט איז, מאַכט מען אַ וואַרע, ווי פאַר אַ גרויסן מענטש, וואָס קומט אָן... אַלעמענס בליקן זענען געווענדעט צו דער טיר. עס באַווייזט זיך דער יידנעלטסטער אין אַ שוואַרצן הוט. דאָס איינציקע מאָל אין יאָר אָן אַ נאַגייקע. הינטער אים צוויי „קאַפּאָס". זיי שפּאַנען מיט אומדרייסטע טריט צום „עמוד". דער יידנעלטסטער דרייט זיך אויס צו דער מאַסע. זיין הויכע פיגור איז הכנעהדיק איינגעבויגן.... זיין פּנים איז אויסגעבלייכט... זיינע אויגן צאַפּלען קוקנדיק אויף די טריפנדיקע ליכט, וועלכע לאָזן איבער אַ ציטער... ער קוקט זיך אַרום מיט אַ בליק פון אַ פאַרברעכער, וואָס פילט זיך שולדיק...

דער חזן איז ביי זיין אַריינקומען שטיל געוואָרן. דער עולם — נאָך שטילער. קיינער האָט איצטער נישט אויסגעשריגן „אַכטונג!", ווי די מורא פאַר דעם אומזעבאַרן יידישן גאָט וואָלט אַריינגעגעבן אין די יידן אַ כּוח, וואָס נעמט אָפּ די מורא פאַר אַ מענטשן. דעם יידנעלטסטער ליפּן ציטערן... ער וויל עפּעס זאָגן, נאָר עס איז אים שווער אָנצוהייבן. די פלעמלעך פון די יום־כּיפּור־ליכט ברענען אים כּסדר אין די אויגן... ענדלעך דערהערט מען אַ געבראָכן קול, וואָס קיינער דערקענט נישט, אַז דאָס זאָל זיין דעם יידנעלטסטנס־קול, וואָס איז אַ גאַנץ יאָר שאַרפער ווי אַ מעסער...

— יידן, געפאַנגענע יידן! — הייבט ער אָן און בלייבט שטיל — די דערלויבעניש איר זאָלט אייך דאָ מעגן פאַרזאַמלען, האָב איך פאַר אייך אויסגעפועלט ביי דער דייטשער מאַכט. און איך גלויב, אַז איר זענט מיר אַלע דאַנקבאַר. איך בין דאָ נישט אַריינגעקומען דאַוונען. מיין אמת דערלויבט מיר דאָס נישט. איך בין אַריינגעקומען צו אייך ריידן אַ פּאָר ווערטער, נישט ווי קיין יידנעלטסטער, נאָר ווי אַ פּשוטער ייד, וואָס איז אַזוי גוט אַ געפאַנגענער ווי איר אַלע. יידן — איז זיין שטימע געוואָרן ציטערנדיקער — איך בין אַריינגעקומען זיך פאַר אייך מתודה זיין. איך ווייס, אַז איר טראָגט אויף מיר אַ בייז הארץ. אין געוויסע מאָמענטן האַסט איר מיך נאָך מער פון „זיי". אייך דאַכט זיך, אַז דאָס גאַנצע גרויזאַמע לעבן, וואָס איר פירט, האָב איך אויסגעקלערט, נישט „זיי". יידן, איר זאָלט אָבער וויסן, אַז די שנאה צו מיר איז אַבסאָלוט נישט באַרעכטיקט. איך בין שוין גענוג געשטראָפט פון מיין גורל צו זיין דער שליח פון גי-

הנום, ווייסט איר, קענט איר זיך דאָס פאָרשטעלן וויפיל איך לייד אין דער שטיל פון מיין טרויעריקן אמט, וואָס די טראגישע צייט האָט אויף מיר ארויפגעלייגט? ווייסט איר וויפיל כוח און ענערגיע איך לייג אוועק ביי „זיי", כדי אייער לעבן צו מאכן לייכטער?

עס איז געוואָרן אַ שטילער געברום צווישן די געפאנגענע.

— איך בעט, אַז ס'זאָל זיין שטיל — האָט דער יידנעלטסטער מער געבעטן ווי באפוילן — איך הער אַ גאנץ יאָר אויס אייערע בקשות, מעגט איר מיך אויך איינמאָל אויסהערן. קורץ גערעדט, איך וויל וויסן צי איר אָנערקענט מיין אומשולד און זענט מיר מוחל. ענטפערט אַלע מיטאמאָל.

די מאסע איז געבליבן שטיל...

— איר שווייגט? — געפינט זיך נישט קיין איינציקער געפאנגענער, וואָס איז מיר מוחל?...

די מאסע שווייגט נאָך טיפער...

דער יידנעלטסטער בליצט ארום מיט די אויגן אויף יעדן געפאנגענעם און לאָזט אראָפ דעם קאָפ און נאָך א ווײַלע שווייגן זאָגט ער שטרענג:

— ווייסט איר, אַז אויף מיין באפעל מוזט איר אויסלעשן די ליכט און זאָפאָרט ווערט איר דאָ פונאנדערגעלאָזט?

— איר וועט אבער נישט וואגן יידנעלטסטער — איז איבער אַלעמענס קעפּ, ארויסגעשפרונגען אַן עלטערער ייד, הויט און ביין, וואָס שטארק איז ער נאָר געוועזן אום יום כיפור, אפילו אין לאַגער — די ליכט, הער יידנעלטסטער, קענט איר נישט פארלעשן, ווייל זיי קאָסטן דאָס לעבן פון צוויי יידישע "טויכערס". ערשט נאָך קיין טאָג נישט פאָריבער און איר האָט שוין פארגעסן, אַז מען האָט אין פאבריק געכאפּט די צוויי „טויכערס" מאכן ליכט פון זייער חלב און צוליב איין מעלדונג פון פאבריק האָט איר זיי געהייסן פארשמייסן צום טויט. איצטער זענט איר געקומען בעטן מחילה און איר ווילט די ליכט פארלעשן, פארלעשט זיי, אויב איר קענט. די דאָזיקע ליכט וועלן אייביק ברענען! — האָט דאָס יידל געשריגן מיט אַלע כוחות.

דער יידנעלטסטער איז געשטאנען אן איבערראשטער פון דעם יידנ'ס געוואגטקייט. ער האָט אויסגעזען ווי א הערשער, וואָס האָט מיטאמאָל דערפילט, אַז ער האָט פארלוירן די מאכט. ער האָט גע-

קוקט אויבן עולם און באמערקט ווי דעם יידנ'ס שארפע רייד האבן אין זייערע אויגן אנגעצונדן א פייער...

— איר האט אבער פארגעסן, אז יום-כפור איז איין טאג און ער גייט שנעל פאריבער — האט דער יידנעלטסטער אנגעהייבן דראען.

אבער באלד איז א צווייטער ייד אויפגעשפרונגען און מיט א דראענדיקער שטימע אויסגערופן:

— יידנעלטסטער! היינט, אין טאג פון יום-הדין, ווען דער ייד ווארפט פון זיך אראפ אלע וואכעדיקע דאגות און באהעפט זיך מיט דער השגחה העליונה, וועל איך נישט קיין מורא האבן צו זאגן דאס, וואס כ'טראכט א גאנץ יאר. ווי האט איר געוואגט אריינצוקומען צו אונדז בעטן מחילה פאר די הונדערטער, הונדערטער ריינע אומ-שולדיקע נשמות, וועלכע זענען אויף אייער באפעל אומגעקומען. עס איז טאקע פאראן א מאמר אין תלמוד, אז במקום שבעלי תשובה עומדים אין צדיקים גמורים יכולים לעמוד, אבער ווען איז דאס געזאגט געווארן, ווען עס האנדלט זיך אין א פשוטער זינד פון וועל-כער יעדער בשר ודם קען געשמרויכלט ווערן. אבער אזא פארברעכן! א ייד זאל מסכים זיין צו ווערן א הענקער פאר א גרעסערער שטיקל ברויט! א ייד זאל ווערן אנגעשטעלט ביי די גרעסטע שונאים פון אונזער פאלק און אונדז הייסן הענגען, פארשמייסן צום טויט, איז דען אויף דעם פאראן א תשובה? וואס קוקסטו מיך אן, גזלן, ווילסט מיין לעבן, נאדיר מיין לעבן! — האט דער ייד אויסגעשריגן.

דער אטעם האט זיך ביי דעם ייד אפגעהאקט. דער קאפ איז אים אריינגעפאלן אין די הענט פון זיינע שכנים...

דער יידנעלטסטער איז געשטאנען א פארשטומטער, א צעבראָ-כענער... מיט שווערע טריט האט ער זיך צוריק ארויסגעשלייכט פון בית-מדרשל.

— צוליב דעם וואס מען האט מפסיק געווען הייב איך אן נאכאמאל:

כל נדרי...

און ווידער האט דער ניגון די יידן א כאפ געטאן, ווי אויף פליגל און זיי אוועקגעטראגן ווייט, ווייט... דער ניגון האט איצטער נאך מער, ווי פריער אריינגעבלאזן נייע נשמות אין זייערע טויטע ביינער. זיי האבן איצטער נאכן באזיגן דעם יידנעלטסטן, פארגעסן אין דעם פארבאט צו זינגען הויך. דער ניגון פון כל נדרי, באגלייט

במעט פון אַלע פּאַרזאַמלטע, האָט אויפגעשפּילט אין דער שטילקייט, ווי אַן אומשטערבלעכע סימפאָניע, געפאַנגען אין אַ קאָנצענטראַציע-לאַגער, וואָלט זיך באַפרייט פון די שטעכל־דראָטן, אַריבער די ברעגעס און אַריינגעדרונגען אין שכנות'דיקן דייטשן לאַגער.

*

דער דייטשער פעלדוועבל עריך שטראַלבערג איז, ווי יעדן אָוונט אין זיין פרייער צייט, געזעסן ביי דער פּיאַנאָ און געשפּילט קלאַסישע און אייגענע „ווערק“, וועלכע האָבן דעם פּראָפעסיאָנעלן מיטלמעסיקן מוזיקער געזאָלט מאַכן פאר אַ זשעני. איבער דער פּיאַנאָ אויף דער וואַנט איז געהאָנגען היטלערס פּאָרטרעט, דעם מוזיקער צו אינספּירירן.

אין דעם שטימונגספולן אָוונט האָט ער גראַד אָנגעהייבן אַ נייע באַלאַדע צו קאָמפּאָנירן, מיט דער זעלבער ווילדקייט, וואָס ר'האָט אויסגעשטרעקט זיין רעוואָלווער צו אומשולדיקע יידן, מיט דער זעלביקער ווילדקייט האָט ער געצייכנט די נאָטן אויף האַרט פּאַפּיר און באַלד נאָכדעם צוגעשפּרונגען צו דער פּיאַנאָ און אויסגעשפּילט די טענער, וואָס זיינע אויערן האָבן אויפגעכאַפּט.

פּלוצלונג, אַזוי זיצנדיק פאַרטראַכט איבער זיין נאָטן-העפט, דערטראָגן זיך צו זיינע אויערן שטילע לירישע טענער, וואָס צעטומלען זיין מוח... די טענער קומען אים פּאָר באַקאַנט און ווי אַ מוזיקער דערמאָנט ער זיך באַלד, אַז דאָס איז די באַקאַנטע מעלאָדיע פון „כל נדרי“. ער כאַפּט זיך האַסטיק אויף, לויפט איבערן צימער אַן אויפגערעגטער. די טענער לויפן אים נאָך און דרינגען נאָך טיפער אַריין אין זיין געמיט...

— פאַרשאָלטענע יודען! — ברומט ער צו זיך.

ער זעצט זיך צוריק צו דער פּיאַנאָ, ער וויל ווידער פאָרזעצן זיין קאָמפּאָזיציע, אָבער די דינע, זיך בעטנדיקע כל-נדרי-טענער, ווי אויסגעשפּילט אויף אַ וויאָלאָנטשעל, צעטרייסלען זיינע נערוון...

ער וויל צולויפן ווייטער צייכענען די נאָטן, דערפילט ער מיטאַמאָל, ווי עטלעכע כל נדרי־טענער, האָבן ווי דורך כישוף אַלץ צעמישט. ער לויפט מיט דער פעדער אַהין און צוריק און קען נישט פאַרבינדן דעם איבערגעריסענעם פאָדעם.

אַן אויפגעבראַכטער, וואַרפט ער אַנידער זיין פען, מיט אויפגעריסענע אויגן באַמערקט ער, ווי די פען האָט אַ שפּריץ געטאָן מיט אַ שוואַרץ שטראָמל טינט און איינגעפלעקט זיינע אָנגעצייכנטע נאָטן.

און דאָ אַזוי שטייענדיק איינגעבויגן איבער זיינע „ווערק“, שפּילן די כּל־נדרי־טענער עקשנות'דיק אין זיינע אויערן.

— האַנס, האַנס! — צעשרייט זיך דער פעלדוועבל אויף זיין דינער — לויף שנעל אַריבער צו די יידן און זאָלן זיי אויפהערן ברומען זייער טייוולאַנישע מעלאָדיע. איך קען זיי באַלד אָפּשפּילן אַ „פאַרצייאונגס־טאָג“, וועט זיי דער טייוול האָלן.

דער דינער איז אַריין אין אַ ווייס העמד, געשטרייפט מיט בלויע שעלקעס. ער האָט פלינק אַ כאַפּ געטאָן זיין מונדיר און גע־וואָלט לויפן. דער פעלדוועבל האָט אים צוריקגעהאַלטן.

אינמיטן באַפעל, האָט זיך צום פעלדוועבלס אויערן דערטראָגן אַן אויסגעשריי פון אַ צעבראָכן יידיש האַרץ:

„שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה“.

— וואַרט צו! רוף מיר אַריין דעם אונטעראָפיציר שטורעמאַן. דעם אונטעראָפיציר שטורעמאַן, האָב איך געזאָגט! — האָט דער פעלדוועבל זיך צעשריגן, געטופעט מיט די שטיוול און אָנגעהייבן צעוואַרפן די נאָטן־העפטן פאַר רציחה.

עס איז אַ ווײַלע שטילער געוואָרן אין לאַגער, ווי אַלץ וואָלט אָפּגעשטאָרבן. פּלוצלונג שניידט אַ פייף אַדורך די שטילקייט. דער יידנעלטסטער, אַ גרופּע קאַפּאָס, לויפן שוין פון זייערע באַראַקן. דער פעלדוועבל, דער אונטעראָפיציר און אַ באַנדע ס. ס. לאָזן זיך מיט שטורעם אַריין אין יידישן לאַגער. צווישן די פרויען ביי די שטעכל־דראָטן ווערט אַ געלויף. קאָלירטע קאָפּ־טיכלעך און פאַר־שידנפאַרביקע אויפגעפּעבערטע קליידער פלאַטערן אין דער טונקל־קייט און פאַרשווינדן. צווישן די מענער, אָנגעלענט אין דער בית־המדרש־וואַנט, ווערט אַ געשפּרונג, ווי זיי וואָלטן געהאַט געבונדע־נע פּיס. ציטערדיקע הענט פּויקן אין די שויבן אַריין. דייטשע קולות ריטשען שוין, ווי אָפּגעבריטע חזרים אויפן לאַגער־פּלאַץ. אין בית־מדרשל ווערט אַ מהומה, ווי עס וואָלט אויסגעבראָכן אַ שׂרפה. יידן כאַפּן אין טויט שרעק אַראָפּ די ברענענדיקע ליכט, לעשן זיי אויס און פאַרשטעקן זיי אין די טאַשן, אין די האַלץ־שיך אַריין. עס ווערט אין בית־מדרשל פינצטער. אין דער פינצטערניש ווערט אַ געשטופּע־ניש צו דער טיר. די ענגשאַפט און די שרעק איז אָבער אַזוי גרויס, אַז קיינער קען נישט אַרויס. מען שרייט, מען קריגט זיך, מען שטויסט זיך, מען קריכט מיט די נעגל אין דער הויט אַריין, דער קנויל צו־זאַמענגעדרענגטע ביינער פון צענדליקער מענטשן קען נישט אַרויס.

דער באַראַק איז פול מיטן ריח פון שמעלצנדיקן חלב, וואָס רויכערט זיך נאָך אין די טאַשן און שיך. דער ריח שטיקט אין דער קעל, מען הוסט, מען שרייט און מען דירט זיך נישט פון אָרט.

באַלד רייסט זיך אריין דער פעלדוועבל מיט זיין סוויטע. א דייטשע אויפגעברויזטע שטימע שרייט אריין אין דער פינצטערניש:

— יידנעלטסטער! די גאַנצע באַנדע שווייגען נעמסטו מיר ארויס אויפן אַפעל-פלאַץ און אָרדנסט מיר איין א „טייוולאָנים-טאַנץ". ווער עס וועט פרובירן לויפן ווי א מענטש, ווערט דערשאָסן אויפן אָרט.

די פאַרזאַמלטע יידן זענען געבליבן שטיין פאַרגליווערט...

— זאָפאָרט, הער פעלדוועבל! האָט דער יידנעלטסטער אויסגערופן.

אין איין אויגנבליק האָבן זיך פייפלעך צעפיפן, צעזשומעט, צערוישט, פון אַלע זייטן זענען אָנגעקומען „קאַפּאָס" מיט נאַגייקעס אין די הענט. זיי האָבן זיך ארייגעריסן אין בית-מדרשל, ווי א מחנה טייוולאָנים און שמייסנדיק איבער די קעפּ, האָבן זיי אויסגעשריגן מיט שניידיקע קולות:

— ארויס! ארויס! ארויס!

עס איז געוואָרן א געשפּרונג און א געפּאַל פון די שטיגן, ווי מען וואָלט פון א וואַגאָן ארויסגעשמיסן שמוציקע לאַגער-פּיזשאַמעס.

דער פעלדוועבל מיט זיין סוויטע זענען געשטאַנען און געציילט.

— יידנעלטסטער, דאָ האָסטו צוויי הונדערט און אַכציק מאַן. זיי מוזן צען מאָל ארומקרייזן דעם אַפּעל-פּלאַץ אין לויף-שריט. ווער עס פאַלט ווערט דערשאָסן. סאָלדאַטן, די רעוואָלווערן אין די הענט! לויפן! — האָט דער פעלדוועבל א דונער געטאָן אין דער נאַכט אריין.

עס איז געוואָרן א מוראדיק געלויף איבערן אַפּעל-פּלאַץ. פּי-זשאַמעס האָבן זיך צעפּאָכעט אין דער לופט. גרויסע שיך אויף קליינע פיס האָבן אָנגעהייבן האַמערן אין די שטיינער אריין. הענט האָבן זיך אָנגעכאַפּט ביי די קעפּ אינמיטן לויפן. א האָגל פון נאַגיי-קעס אין די קאַפּאָס הענט, האָבן זיי נאָכגעהאקט איבער די גאָלע שארבנס. וואָס פעסטער די קאַפּאָס האָבן געשמיסן, אַלץ שנעלער איז דער צעטומלטער עולם געלאָפן, אויסגעזעזן ווי א מחנה פייגל, אי-בערגעשראָקענע נאָך א יעגער-שאָס. יאָמערנדיקע קולות שפּאַלטן די נאַכט-שטילקייט. די דייטשע געלעכטערס פאַרטויבן די לופט. דאָ

פאלט אַ ייד, בליצט אויף איבער זיין קאָפּ אַ פייער פון אַ רעוואָלווער. איינער פארלירט אַ שוך, הינקט ער קאָמיש און לויפט טראגיש ווייטער. איינער שלאָגט זיך אָן אין מיסט־קאַסטן און פאַלט דאָרט אריין מיט הענט און פיס. דער רעוואָלווער־שאָס טרעפט דערנעבן און דער ייד בלייבט אין מיסט-קאַסטן ליגן אַ פארחלשטער. די נאגייקעס הערן נישט אויף צו פייפן אין דער לופט, די געוואלדן ווערן שוואַכער, די געפאלענע מערן זיך אין אזא צאָל, אז די רעוואָלווערן שיסן נישט מער.

דער פעלדוועבל, מיט געקרייצטע הענט אויף דער ברוסט, שטייט זיך רואיק, מיט אַ לאַכנדיק פּרצוף און קוקט זיך צו צום בילד, וואָס פארשאַפט אים דעם גרעסטן תענוג און זאָגט צו זיין סוויטע:

— אַט האָב איך זיי אָפּגעשפילט אַ כל־נדרי.

און זיך ווענדענדיק צום יידנעלטסטן:

— היים דיינע טייוולאָנים אויפהערן טאַנצן. איך דאַרף זיי נאָך צו דער אַרבעט, אז נישט וואָלטן זיי ביי מיר קראַפּירט ווי די הינט. יידנעלטסטער, צייל מיר איבער די טויטע און זאַפאָרט אַריינשרייבן אין דער טויטן־ליסטע.

— זאַפאָרט, הער פעלדוועבל — איז דער יידנעלטסטער אַוועקגעשפּרונגען.

— די קאָמעדיע נעמט מיר צופיל צייט — האָט דער פעלדוועבל געזאָגט צו זיין באַנדע קוקנדיק אויפן זייגער.

דער יידנעלטסטער איז צוריקגעקומען און געמאָלדן:

— פיר און צוואנציק טויטע הער פעלדוועבל!

— נו, היינט וועט מיר זייער גאָט פארצייען, די יידן האָבן דאָך היינט אַ פארצייונגס־טאָג... — האָט דער פעלדוועבל אַרויסגעלאַכט צו זיינע הענקערס מיט אַ פּרצוף אָנגעגאָסן מיט צופרידנקייט.

און אַריינשטעלנדיק זיין רעוואָלווער אין שיידל, האָט ער באַפוילן:

— יידנעלטסטער, איצט נעמען די לעבעדיקע די טויטע און טראָגן זיי אויף טראגעס אוועק אין דער „לייכן־קאַמער". זאָלן זיי פירן פינף שטיק מיטאמאָל, זאָלן זיי זיך אַרויסשלעפּן די קישקעס.

דער פעלדוועבל מיט זיין סוויטע איז צוריק אוועק אין דייטשן לאַגער.

דער מוזיקער האָט זיך אָפּגעזוואַשן די הענט, ווי נאָך יעדער ארבעט, און זיך גלייך צוגעזעצט צו דער פּיאַנאָ.

זיינע פּיאַנאָ-טענער האָבן זיך ווי געריײצט מיט דער בית-עולם שטילקייט פון יידישן לאגער. דער הימל האָט אריינגעקוקט אין דעם יום־כיפּורדיקן קאַצעט, געזען טראָגן יידישע מתפּללים אויף טראַגעס צו דער „לייכן־קאַמער". פון זייערע טויטע ליפּן האָט נאָך אראָפּגעטריפט דער אומשטערבלעכער ניגון פון כל נדרי.

פּאַריז, אָקטאָבער 1947.



# דייטשע דאַנקבאַרקייט

זונטיק פאַרנאַכט איז דער יידישער אָרקעסטער איינגעלאַדן געוואָרן אין דייטשן לאַגער, וואָס האָט זיך אָפּגעגרענעצט פון יידישן מיט אַ וואַנט שטעכל־דראָטן און מיט אַ טויער, ווו אַ וואַכמייסטער האָט כסדר געשפּאַנט אַהין און צוריק.

דער יידישער קאָנצענטראַציע-לאַגער שווייגט אַ מידער פון געפייניקטן לעבן... צעריסן פון ספקות, צי די צוויי הונדערט גראַם ברויט וועלן נאָך לאַנג אַרומטראָגן דעם זיך קוים טליענדיקן פונק לעבן, וואָס לעשט זיך מיט יעדן טאָג און ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער...

פאַר די בלאָקן זענען אויסגעזעצט יידן, ווי שאָטנס, מיט די קעפּ אָנגעלענט אין די ווענט... זיי קוקן אַריבער צום דייטשן לאַגער, ווו עס טומלט זיך, ווו עס שפּילט דער יידישער אָרקעסטער, ווו עס זינגט דער יידישער זינגער זילבער. זיין לירישער טענאָר גיסט זיך האַרציק און צאַרט און דערוועקט אַ בענקשאַפט אין דער יידישער נשמה...

ביי טישלעך אין דייטשן לאַגער זענען אויסגעזעצט די דייטשע הערשער, וואָס האַלטן טויזנטער יידישע לעבנס אין געשפּאַן... דער שטורמבאַן-פירער זיצט אין בלויזן העמד מיט אַן אויפגעשפּילעט האָריק-האַרץ און שוויצט. ביי זיין זייט אַ דיקע רויט-האָריקע דייטשקע, וואָס הערט אים נישט אויף צו טוליען און קושן. דער ראַפּאָרט-פירער גראָבט זיין צעשויבערטן קאָפּ האָר אין בוזעם פון אַ בלאָנדער רוי-פליישיקער יעקעטע, וואָס לאַכט מיט אַ צעלאָזן פרעך געלעכטער, זופּט דאָס זיסע סאַברינאָווע ביר, געמישט מיט קאָניאַק און וואַקלט זיך, וויגט זיך צוזאַמען מיטן ראַפּאָרט-פירער. דער בלאָק-פירער און אַ גרופּע וואַכמייסטערס, וואַקלען זיך שיכורע מיט אָנגעזויפּטע בייכער און לאָזן פון צייט צו צייט אַרויס ווילדע הירזשערייען, ווי גאַלאָפּירנדיקע פערד. אַלע דייטשע

פּיסקער רויבערן זיך און הילן איין די צעלאָזענע טישלעך אין אַ בלוי־לעכן וואָלקן־רויך. און דער יידישער אָרקעסטער שפּילט פאַר זיי... דער יידישער זינגער זינגט געצוווּנגענערהייט פאַר זיי... און די יידישע געפאַנגענע ליגן אויף די שוועלן, ווי הונגעריקע הפקר-הינט און קוקן אַריבער מיט האַס און קנאה צו זיי...

פון דער „קראַנקן־שטובע" טראָגן סאַניטאַרן אַרויס יידישע טויטע און לאָזן זיי איבער אין דער „לייכן־קאַמער"... זיי גייען צוריק מיט ליידיקע טראַגעס, שטעלן זיך אָפּ אינמיטן אַפּעל־פּלאַץ און הערן זיך איין אין דער מוזיק, אין זילבערס טענאָר, וואָס זינגט די „שוואַרצע נאַטאַשאַ". און דאָ גייט די זון אונטער. זי נעמט אַ פאַר־האַנג צוזאַמענגעוועבט פון פּורפּור-רויט מיט אַ קעניגלעכן בלוי און לאָזט זי אַראָפּ איבערביידע לאַגערס און אַלע מענטשן, וואָס ליגן דאָ אויף דעם שטיק ערד, ווערן גלייך באַלויכטן מיט דעם אָוונטלעכן, שטימונג-פולן ליכט און באַקומען אַ הימלישן אָפּשיין. די פאַרברעכער, ווי די קרבנות האָבן איצט איין קאָליר...

פון דער „קראַנקן־שטובע" קרעכצן אַרויס הונדערטער גסיסה־באַרכלען, לעבנס לעשן זיך אויס צוזאַמען מיט דער זון.

שפּעט ביינאַכט.

דער יידישער קאָנצענטראַציע־לאַגער שווייגט, ווי אָפּגעשטאָרבן... יידן ליגן אויף די האַרטע ברעטער און וואַרפן איבער די דאַרע ביינער פון רעכטס אויף לינקס און קענען נישט איינשלאָפן. דער מוח, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג אפילו נישט קיין פרייהייט אַ טראַכט צו טאָן פון זיין טראַגעדיע, האָט איצטער זיינע פרייע אַרבעט-שעהן... בילדער פון אַמאָל, ליכטיקע שטיקער גליק און בילדער פינצטערע, איינגעהילטע אין בלוטיקע טראַנטעס, שוועבן פאַר די אויגן פון די געפאַנגענע... און דאָס ברעקעלע לעבן אין דער לאַנגער סקעלעטן שייד, וואָס ליגט אויסגעצויגן איבערן גאַנצן בעט, צאַנקט ווי אַ שוואַך פלעמל אין אַ לאָמפּ אָן נאַפט...

מיט אַמאָל רייסן עטלעכע קולות אויף די נאַכט־שטילקייט. געוואַלדן קומען דאָס מאָל נישט פון יידישן לאַגער, נאָר פון דייטשן; די קולות דערמאָנען אין אַן אומגליק.

געפאַנגענע לויפן אַראָפּ פון די בעטן, שטעלן זיך אוועק ביי די אויפגעפּראַלטע פענצטער און זעען לויפן איבערן אַפּעל-פּלאַץ דעם יידישן דאָקטער סעגאַל, באַגלייט פון עטלעכע וואַכמייסטערס,

וואָס באַלייכטן אים מיט רעספּעקט דעם וועג. און אַלע פיגורן שווימען ווי שאָטנס אוועק אין דייטשן לאַגער.

צומאָרגנס האָט דער גאַנצער קאַצעט געקלונגען מיט דער נאַכט־געשעעניש: דער שטורמבאַן-פירער, אַ מאָגן-ליידנדיקער, וואָס האָט זיך בייטאָג געהאַט צופיל אָנגעפרעסן און אָנגעזשליאָקעט מיט ביר און קאָניאַק, האָט ביינאַכט באַקומען אַ מאָגן־אַטאַק און דער יידי־שער דאָקטער סעגאַל האָט געראַטעוועט זיין לעבן...

אויפן וועג, גייענדיק צו דער אַרבעט זיבן קילאָמעטער צופוס, האָבן יידן אינדערשטיל זיך געקריגט אין דער ריי.

— דער דאָקטער סעגאַל האָט אים באַדאַרפט לאָזן פגרן ווי אַ הונט!

— וואָלט דאָס אויסגעגאַנגען צו אונדזערע קעפּ!

— וואָס קען אונדז שוין זיין ערגער, ווי ס'איז אונדז?

— טאָ גיי צו די דראָטן!...

— שווייגן! — האָט אַ וואַכמייסטער אַ דונער געטאָן און איינעם דערלאַנגט מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ.

דעם שטעקן איבערן קאָפּ האָבן אַלע דערפילט... און יידן האָבן זיך פאַרייניקט אין שווייגן...

אַרום ניין אַ זייגער אינדערפרי איז דער יידישער דאָקטער גע־רופן געוואָרן צום שטורמבאַן־פירער.

ער קומט אריין, זיצט נאָך דער הערשער ביי זיין פרישטיק-טיש, לעבן אים די רויט-האָריקע דייטשקע. ער מיט אַ ציגאַר אין פיסק, זי — מיט אַ סיגאַרעט. ער דערציילט עפּעס און זי לאַכט. פון דער וואַנט קוקט אַראָפּ היטלערס בילד. אַ פּאַסמע האָר, ווי אַ קרום טערקיש מעסער ליגט דעם „פירער" אויפן שטערן, הינטער דעם בילד אַ מאַפּע באַשטאָכן מיט קליינינקע פענדעלעך, וואָס צייכענען אָן די פאַרנומענע שטעט. דאָקטער סעגאַל וויל עפּעס אויפכאַפּן פון דער מאַפּע און ער קען נישט, עס שווינדלט אים פאַר די אויגן... בלייבט ער שטיין אויסגעצויגן, ווי אַ בוים הויך און שלאַנק, די ווייסע שירץ מיט דעם רויטן קרייץ אויף דער ברוסט בלאַנקט אויף זיין קערפּער.

— צום באַפעל הער שטורמבאַן-פירער!

— אַך, דו ביסט עס דאָקטער! נו גוט. איך האָב דיר די נאַכט געשטערט די רו... — זאָגט דער שטורמבאַן־פירער איראָניש.

—דו באַקומסט פון מיר אַ ברויט מיט אַ טאָפּ מאַרמעלאַדע.

ער האָט זיך אַליין אויפגעשטעלט, נישט געהייסן דעם אַדיו-טאַנט באַדינען, נאָר דערלאַנגט האָט ער דעם דאָקטער אַן אָנגעהייבן ברויט. דאָס קליינע שניטקעלע, וואָס האָט געפעלט, האָט אים אָנ-געפילט מיט אַן אינערלעכער הנאה... דעם טאָפּ מאַרמעלאַדע האָט ער דעם דאָקטער צוגעוואָרפן ווי אַ ביין און געזאָגט:

— דאָס איז אַלץ דאָקטער, צופרידן?

— זייער צופרידן הער שטורמבאַן-פירער! דאַנקע שיין, דאַנ-קע שיין! — האָט זיך דער דאָקטער פאַרנייגט און איז אוועק.

אין עטלעכע טעג אַרום איז דער דאָקטער סעגאַל איינגעלאַדן געוואָרן פון שטורמבאַן-פירער מיטצופאָרן אין שטאָט אריין איינ-קויפן די מעדיקאַמענטן, וואָס זענען נויטיק געווען צו זיין מאָגן-קראַנקהייט. צוליב דעם זוניקן וועטער, האָט ער געהייסן איינשפּאַנען דאָס אַלטמאָדישע שוואַרצע קארעטקעלע מיט די רויטע רעדער און הויכע קאָזלעס פאַרן קוטשער און האָט זיך ארויסגעלאָזט פונעם לאַגער.

דער אויסגערוטער אָגער האָט מיט זיינע פּאָדקאָוועס ארויס-געשאָפּלט פון דער ערד וואָלקנס שטויב. דער יעקע איז געזעסן שטייף אויף זיין געזעס, איבערגעלייגט אַ קני אויף אַ קני און באַ-טראַכט די אַרומיקע לאַנדשאַפט: אַ קייט בערג צונויפגעגאָסן מיטן הימלישן בלוי. אָט שטייגן זיי דאָ אין די הויכן מיט זייערע אויסגעוואָקסענע קעפּ און אָט נידערן זיי דאָרט ווייט אַראָפּ אין טאָליקע גריבער אַריין; וועלדעלעך בויגן זיך אויף רוקנס פון בערג און טיילן זיך אוים מיט זייער טונקעלן גרין צווישן צענ-דליקער העל גרינע טענער, וואָס קומען פון לאַנקעס און בלעטער-בוימער. נאָר דער שטורמבאַן-פירער האָט מער נישט געזען ווי פעלדער ליגן פּוסטע, פאַרלאָזענע פון דייטשע פויערים און זענען דאָ און דאָרט צעגראָבן דורך יידישע געפאַנגענע-הענט, ווי טראַנ-שייען...

דער דאָקטער סעגאַל איז געזעסן קעגנאיבער און האָט געקוקט אויפן נאַטור-בילד מיט אַ פאַרבענקטן בליק פון אַן ארעסטאַנט, וועמען מען פירט ווייזן די פרייהייט זאָל אים רייצן... ער האָט זיך דער-מאָנט אין דעם מיט פאַרבן-צעשפּילטן ים אויף דער פראַנצויזישער „ריוויעראַ" פון וועלכער טויזנטער גליקלעכע קולות האָבן אַרויסגע-לאַכט שווימענדיק אין רחבות פון פּליסיקער בלויקייט. דאָרט האָט ער כמעט יעדן זומער פאַרבראַכט זיין וואַקאַציע צוזאַמען מיט

זיין אדעלא און מיט זיין איינציק מיידעלע זשינעט, וואָס צו דרייצן יאָר איז זי שוין געווען א פּיאַניסטן פון גרויסן סטיל און אויפגעטרעטן אין ניצע, געוואָרן שטורמיש אפּלאָדירט, געטראָגן געוואָרן אויף די הענט פאר איר שיינקייט און טאַלאַנט, באַוואָרפן געוואָרן מיט בלומען...

דער שטורמבאַן־פירער האָט איבערגעריסן זיינע געדאַנקען, ער האָט א קלונג געטאָן מיט זיין זילבערנער ציגאַרניצע, אַרויסגענומען א ציגאַר און פאַרויכערט, א מינוט האָט ער זיך געוואַקלט אין דער מחשבה:

יאָ געבן דעם דאָקטער א ציגאַר, צי נישט...

— א ציגאַר, דאָקטער?...

— דר. סעגאַל איז צעטומלט געוואָרן... זיך אויפגעכאַפּט פון אן אַנדערער וועלט... צום ערשט דערזען די דייטשע געלע שטיוול, ער האָט א ציטער געטאָן... זיך דערמאָנט ווער זיין באַגלייטער איז...

— דאַנקע שיין הער שטורמבאַן־פירער, איך רויכער נישט מער...

— ער האָט נאָך אַמביציע... — האָט דער שטורמבאַן־פירער צאָרנדיק פאַרקלאַפּט זיין ציגאַרניצע.

אין דער אַפּטייק נאָכן איינקויפן די מעדיקאַמענטן, וואָס מען האָט באַלד באַקומען און נאָכן באַשטעלן די „ספּעציאַליטעטן", וואָס מען האָט ערשט געדאַרפט ברענגען פון ברעסלוי, האָט זיך דעם דאָקטער אַרויסגערעדט:

— הער שטורמבאַן־פירער, איך בעט אייך, איך בעט אייך! דערלויבט מיר איין איינציקע שאַכטל היילזאַלבע פאַר א יידישן „קראַנקן־רעוויר". איך האָב דאָרט ליגן געזונטע מענטשן, פאַרוווּנדעט געוואָרן ביי דער אַרבעט. זייערע וווּנדן דאַרפן א ביסל היילזאַלבע, וואָס באַטרעפט קוים דרייסיק פּעניג.

— ווייסטו נישט, אז פאַר יידן איז היילזאַלבע פאַרבאָטן?! — האָט דער שטורמבאַן־פירער זיך געבייזערט און צוגעטופּעט מיט די שטיוול.

די אַפּטייקערן, אן עלטערע ווייסהאָריקע פרוי אין קוועטש־ברילן, האָט אויפן דאָקטער סעגאַל געוואָרפן א מיטפילנדיקן בליק. זי האָט גענומען אין האַנט א שאַכטל היילזאַלבע. באַטאַפּט פון אַלע זייטן און געקוקט אויפן שטורמבאַן־פירער...

באַמערקט, אז ער דערלויבט נישט, האָט זי די שאַכטל צוריק אַוועקגעלייגט, אַרומגעשפּאַנט איבער דער באַשמעקטער אַפּטייק א

נערוועזע, דאָ גלייכגעשטעלט א כלאַש, דאָרט געעפנט און פאַר־מאַכט א שופלעדל.

אז זי איז אפּערגעגאַנגען פון הינטער די טישן און עפּעס אריינגעשטעלט אין שוי־פענצטער, האָט דעם שטורמבאַן־פירער א טונקל געטאָן אין די אויגן... ער האָט באַמערקט די אפּטייקערן אין שוואַרצע זאָקן...

וועמען האָבן זי פאַרלוירן, פרוי גאָטהעלף ?

די פרוי האָט א זיפץ געטאָן.

— מיין מאַן און צוויי זין.

— מייז מיטגעפיל און האָכאַכטונג ! — האָט דער שטורמבאַן־פירער סאַלוטירט.

דער שטורמבאַן־פירער איז ערנסטער געוואָרן...

איר שווייגן האָט אים דערמאָנט אין זיין אייגענעם טויט... ער האָט געקוקט אויפן דאָקטער. זיך דערמאָנט אין זיינע אַטאַקן. און ווי פון עפּעס געריגרט, וואָס האָט א שייכות מיט זיין אייגן לעבן, האָט ער ווייך ארויסגערעדט :

— זייט אַזוי גוט און דערלאַנגט דעם יידישן אַרצט א שאַכטל היילזאַלבע פאַר אונדזערע גוטע פריינט, כע, כע, כע !

די אפּטייקערן האָט נישט מיטגעלאַכט.

איינמאָל אין א נאָכמיטאָג, נאָכדעם, ווי עס איז ארויס א באַפעל, אַז די קראַנקע באַקומען נישט מער, ווי האַלבע טעלער עסן און די טויט־פאַלן האָבן זיך אָנגעהייבן מערן מיט יעדער שעה, איז דר. סעגאַל אַוועק צום שטורמבאַן־פירער, זיך גלייכגעשטעלט און געוואַרט.

דער שטורמבאַן-פירער איז געזעסן ביים טיש און שטודירט די מאַפּע, וואָס האָט זיין פּנים צעפלאַמט פאַר רציחה און אים אריינגעוואָרפן אין א טויט-שרעק...

— אויב אַזוי, האָבן מיר דאָך דעם קריג אנטגילטיק פאַר...

דאָ האָט ער געוואָרפן א בליק און באַמערקט דעם דאָקטער. ער האָט אויף אים לאַנג געקוקט... דער איינציקער ייד, וואָס רופט ביי אים ארויס דאַנקבאַרקייט, איז אים איצטער איבעריק געוואָרן אויף דער וועלט...

ער איז אויפגעשפּרונגען פונעם טיש א ווילדער, ווי ער וואָלט זיך פאַרמאָסטן וועמען צו דערהרגענען און טרייסלענדיק די פיגור פון דר. סעגאַל האָט ער זיך צעשריגן :

— איר יודען, איר באָלשעוויקעס, איר פאַרניכטעט די דויטשע... וואָס ווילסטו דאָקטער?

— איך בין געקומען מיט... מיט... — האָט דער דאָקטער גענומען שטאַמלען.

זאָג וואָס דו ווילסט?

— איך האָב געוואָלט בעטן דעם הער שטורמבאַן־פירער...

דער דאָקטער האָט פאַר שרעק נישט געקענט ענדיקן דעם זאַץ. קעגנאיבער אים איז געשטאַנען א דייטשער מיליטער-מאַן מיט אן אויסגעבויגענעם קאָפּ פון א ווילדן אָקס, וואָס גרייט זיך וועמען ארויפכאַפּן אויף די הערנער... זיינע אויגן האָבן פון הינטער די ברעמען אפּערגעבליצט מיט אזא האַס, אז דעם דאָקטער איז קאַלט געוואָרן אין די ביינער... ער האָט זיך געוואָלט צוריקציען. נאָר עס איז שוין געווען צו שפּעט.

— וואָס האָסטו שוין ווידער געוואָלט בעטן, דו אומפאַרשעמטער שמוציקער הונט! — האָט דער שטורמבאַן־פירער אָנגעהייבן קריצן מיט די ציין, ווי ער וואָלט א הארטן ביין געביסן — וואָס מיינסטו, אז איך האָב שוין פאַרגעסן, אז דו האָסט מיין מיליטערישע ערע באַליידיקט אין דער אַפּטייק?

זיין קאָפּ האָט זיך דערנענטערט צום דאָקטער און ער האָט אים אריינגעבליצט אין די אויגן...

— אין דער אַנוועזנהייט פון א דייטשער אַלמנה, וואָס האָט פאַרלוירן א מאַן און צוויי זין, האָסטו געוואגט צו בעטן היילזאַלבע פאַר יידן, פאַר די באָלשעוויקעס, וואָס האָבן אָנגעצונדן אין פלאַמען אונדזערע שטעט און דערפער. מיין געבורטס־שטאָט! מיין פרוי און קינדער, מיין פרוי און קינדער! — האָט זיך דער שטורמבאַן־פירער אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ און אים געוויגט אין זיינע הענט.

— אנטשולדיקט מיר הער שטורמבאַן-פירער! — האָט דר. סעגאַל פּיגור אָנגעהייבן ציטערן. ער האָט געצאַפּלט פאַר די צוויי דייטשע אויגן, וואָס זענען איצטער געווען מיט בלוט פאַרלאָפן... דער דאָקטער האָט זיך אויף הינטערוויילעכץ געוואָלט ארויס רוקן.

— שטיין בלייבן! — האָט די דייטשע שטימע געדונערט.

— זאָג וואָס דו האָסט געוואָלט!

— קראַנקע באַקומען האַלבע טעלער עסן... האָט דאָקטער סעגאַל ארויסגערעדט צעטומלט.

— נו, ביסטו געקומען איך זאָל דיר דערלייגן? טייוול! קריפּל! אויסוואורף! הימלס-הונט! פאַרברעכער! און אַלץ דערפאַר ווייל דו גלויבסט, אַז איך בין דיר שולדיק דאַנקבאַרקייט, ווייל דו האָסט מיין לעבן געראַטעוועט? באַלוינונג ווילסטו, אָט האָסטו!...

און מיט איין שפּרונג צום טיש, ווי א חיה וואָלט זיך א ריס געטאָן פון אַ שטייג, האָט דער שטורמבאַן־פירער אַ כאַפּ־געטאָן דעם רעוואָלווער און מיט זיין גאַנצער רציחה און האַס אויסגעשאָסן אויף דאָקטער סעגאַל. יעדן שאָס באַגלייט מיט אַ חיה'שן ברום.

אַז דער דאָקטער סעגאַל איז געפאַלן, האָט דער שטורמבאַן־פירער אַרויסגעלאָזט דעם רעוואָלווער פון האַנט... אַ מינוט איז ער געבליבן שטיין איינגעבויגן און געקוקט אויף די עטלעכע טראָפּנס בלוט, וואָס האָבן באַפּלעקט זיין גלאַנציקע פאָדלאָגע... באַלד זיך צוריקגעזעצט צום טיש און מיט די פינגער זיך געקעמט זיין צע־שויבערטן קאָפּ.

עטלעכע וואכמייסטערס זענען מיט שטורעם אריין זען, וואָס עס איז פאָרגעקומען. דער שטורמבאַן-פירער האָט באַפוילן, אָנ-צינדנדיק אַ ציגאַר:

— זאָל דער יידנעלטסטער קומען מיט צוויי סאַניטאַרן מיר צונעמען דעם פגר!...

— זאָפאָרט הער שטורמבאַן-פירער!

אַ ווײַלע איז נאָך דער מערדער געבליבן זיצן ביים טיש, זיך לאָזנדיק איינהילן אין בלויע וואָלקנדלעך רויך, וואָס האָבן זיך גע־קרייזלט אַרום זיין צעהיצטן פּרצוף און צעקנעפּלטן מונדיר. נאָר, אַז ער האָט זיך צופעליק אָנגעטראָפן מיטן דאָקטער סעגאַלס טויטן בליק, וואָס האָט עפּעס דראָענדיק אַרויסגעקוקט פון זיינע אָפּע־נע אויגן, האָט דער שטורמבאַן־פירער זיך אַ ריס-געטאָן פונעם אָרט, אַפּגעגאַנגען מיט האסטיקע טריט און פאַרהאַקט די טיר.

פּאַריז, יאַנואַר 1946.



# ער איז אויפגעשטאַנען

דער העפטלינג מאיר ווילק — פון דער היים אַ חסידישער יונגערמאַנטשיק — איז דעם אָוונט געווען דער לעצטער אין באַראַק זיך צו לייגן שלאָפן. דאָס איינציקע לעמפּעלע אין באַראַק איז שוין לאַנג געווען אויסגעלאָשן. אויף די שמוציקע שטרויזעק האָבן זיך צענדליקער האַלבע־מתים געוואָרפן פון מאָגן־קראַמפּן, וואָס דער הונגער און די שעדלעכע דערנערונג האָט זיי פאַרשאַפט. אַלע ווײַלע איז אַן אַנדערער העפטלינג אַראָפּגעשפּרונגען פון דער הינטי־שער קויקע און געיאָגט פון „דורכפאַל", איז ער מיט די לעצטע כוחות געלאָפן צום קלאָזעט.

דורך אַן אָפענער שפּאַרונקע אין לאָדן האָט מאיר ווילק אַרויס־געקוקט אין דרויסן. אַ פאַרשנייטער קאַצעט זילבערט זיך אין לבנה־ליכט. די אַרומגעצוימטע שטעכל־דראָטן מיט שניי־פּערל אין זייערע ראָסטיקע ציינער, שטעכן זיך נאָך טיפער איין אין דער מענטשלעכער בענקשאַפט נאָך פרייהייט. אין קאָנצענטראַציע־לאַגער איז שטיל, ווי אין אַ „שעכטהויז" נאָכן אויסקוילן קרבנות, וואָס האָבן אַ גאַנצן טאָג, ערב־טויט מוראדיק געשריגן, זיך רייסענ־דיק צום לעבן... אין אַלע פיר ראָגעס פונעם לאַגער ברענען מאַט די לאָמפּן... אַרום זייערע פייערלעך דרייען זיך ווייסע קרייזעלעך שניי, ווי שמעטערלינגען וואָלטן זיך געשפּילט מיט אַ בלישטשיקל. אַ וואַכמייסטער אין אַ פּאָר שווערע פילץ־שטיוול שפּאַנט אַרום. זיין יעדער טראָט פויקט אין מאיר ווילקס מוח, ווי אַ האַמער־שלאַג. דעם וואַכמייסטערס שאָטן ריסעוועט זיך, ווי אַ שוואַרצער פלעק אויפן ווייסן שניי און דער שאָטן פון זיין ביקס, וואָס ווערט גרע־סער אין מאיר ווילקס אויגן, דערמאָנט אים, אַז נישט יידיש לעבן היט דער וואַכמייסטער. אַ שטורעמווינט פייפט אַריין אין דער נאַכט־שטילקייט און רייסט אַראָפּ פון די באַראַק־דעכלעך פּאַסמעס שניי, וואָס שניידן זיך אַריין אין דער ערד, ווי בלאַנקעגדיקע קאָסעס.

אין דייטשן לאגער איז ליכטיק און פרייליך. עס דערטראגן זיך אהער קלאנגען פון א ראדיא־אפאראט. א סימפאנישער אר־קעסטער שפילט ערגעץ־ווו, אין א פרייער וועלט, קלאסישע מוזיק. דייטשע לאבענדיקע קולות הילכן אהער און רעגן אויף... און באלד ווערט ווידער שטיל.

מאיר ווילק שטייט מיט א קאלטן טעלער עסן און ווארט אפ זיין ברודער הירשל, וואס דארף ערשט אנקומען פון נאכמיטאג־שיכט. דעם טעלער זופ „נאכשלאג", האט ווילק באקומען פאר אפלאדן א וואגן קוילן; ער קען אבער דעם טעלער קלאקעס נישט אויפעסן. ער ווייסט, אז זיין ברודער הירשל ארבעט שווערער פון אים. ער מאכט איבערן טאג צוויי שיכטן: איין שיכט פאר זיין אייגענעם נומער און איין שיכט פאר א „פראטעקציע־קינד", וועל־כער קען זיך אויסקויפן מיט א ראציע ברויט, נעמענדיק אן „ער־זאץ". און מאיר ווילק געדענקט גוט מיט וואסערע שווועריקייטן זיין ברודער הירשל פארדינט זיין ראציע ברויט, פונדעסטוועגן האט ער זי נאך קיינמאל נישט אויפגעגעסן אליין. אלעמאל זיך מיט אים געטיילט דעם ביסן און ער, מאיר, האט זעלטן־ווען מיט וואס אפ־צוצאלן זיין ברודער פאר דעם מסירת־נפש.

א ציטערדיקער פאר קעלט, מיט הונגעריקע אויגן, וואס בא־פאלן אפילו אין דער פינצטער דעם קאלטן טעלער עסן, שטייט מאיר ווילק שוין איבער א שעה און ווארט מיט שפאנונג צי דער שניי פארן טויער הייבט נישט אן סקריפען פון דער ארײנמארשירנדיקער נאכמיטאג־שיכט.

פון צייט צו צייט כאפט ער נערוועז ארויס זיין לעפל פון בוזעם, שעפט אן אביסל זופ, שלינגט עס ווילד איין און דערנאך לעקט ער לאנג, זיינע פייכט־געווארענע ליפן...

דערפילנדיק אבער, אז דער לעפל זופ צערייצט נאך מער זיין אפעטיט, דאכט זיך אים, אז ער וועט נישט אויסהאלטן ביז זיין ברודער וועט צוריקומען. און דאס געווויסן וועקט זיך אויף אין דעם פינטעלע מענטש, וואס געהערט נישט צום לאגער, נאר צו זיין אמאליקן איך.

— אז אומגליק, מען קען גאר נישט ארויס פון דעם חיה'שן לעבן אויף איין מינוט.

כדי צו זיין זיכער מיט זיך, שטעלט ער אוועק דעם טעלער עסן אויפן טיש. ער קוקט פון ווייטן, ווי דער גאנצער טיש איז

לײדיק און זײן װײסקײט טײלט זיך אַרױס פֿון דער אַרומיקער טונקלקײט. אַלע קרישקעלעך ברױט, װאָס זענען אױפֿן טיש אַרױפֿגעפֿאַלן בעת'ן אױסטײלן די ראַציעס זענען געװאָרן אױפֿגעלעקט... דער טיש איז איצטער נישט מער װי עטלעכע צוזאַמענגעקלאַפּטע ברעטער, נאָר עפּעס אַ פּליסיקײט אין אַ טעלער װינקט אַהער און רײצט זײן הונגער... ער דרײט אױס זײן קאָפּ און בליקט צום דרױסן. נאָר פֿאַרלירנדיק דעם טעלער פֿון זײן הונגעריק אױג, באַפֿאַלט אים אַן אומרו, אַז ס'זאָל זיך װער נישט אַרױסכאַפּן פֿונעם בעט און בגנבה אײנשלינגען דעם טעלער עסן אין דער פֿינצטער.

מיט אַ שפּרונג פֿון אַ קאַץ כאַפּט ער צוריק דעם טעלער, שטײט און לעקט אַרום די ראַנדן, װעלכע פֿאַרמאָגן פֿאַרגליװערטע שנירעלעך פֿון דעם עסן.

ענדלעך דערהערן זיך סקריפּענדיקע טריט אױפֿן פֿאַרהאַרטעװעטן שנײ פֿאַרן טױער. אַ מחנה סקעלעטן קאָפּירן נאָך, װי מיט קינסטלעכע פֿיס, אַן אַרײנמאַרש פֿון מיליטער־לײט. מאַנאַשקעס קלינגען אָפּ אין דער שטילקײט. דער װײסער שנײ װערט געפֿלעקט מיט הונדערטער שאָטנס. די שאָטנס כאַפּן זיך אַראָפּ די היטלעך אױף אַ באַפֿעל. זײ שטעלן זיך אױס צו פֿינף. זײערע מײלער אָטעמען קױם אױס דאָס איבערצײלן. פֿון יעדענס הױך שלענגלט זיך אַ פֿאַרעלע אין דער קאַלטער לופֿט.

מאיר װילק זוכט מיט צאַפּלדיקע, אַרומלױפֿנדיקע אױגן זײן ברודער הירשל אין דער רײע... דער טעלער עסן ציטערט אין זײן האַנט... און מיט אַמאָל פֿאַלט אים דער טעלער אַרױס פֿון דער האַנט און דאָס ביסל שיטערס גיסט זיך, װי זײן בלוט אױפֿן באָדן.

זײן ברודער הירשל האָט מאיר װילק דערקענט אױף דער טראַגע, װאָס שטײט פֿאַר דער רײע. ער האָט אים דערקענט אין די שיך, װאָס ער האָט אים געבאָרגט צום אַרױסמאַרשירן.

דער װאַכהאַבענדער גינטער, אַ גרױסער, גאָלער קאָפּ, אײנגערעמט אין װײסן שאַלאַװע־קאָלנער פֿון זײן פּעלצל, דרײט זיך אַרױף און אַראָפּ אַרומגערינגלט פֿון עטלעכע װאַכמײסטערס, װאָס באַזוכן די אַרײנמאַרשירנדיקע, צי זײ האָבן נישט מיטגעבראַכט קײן קױלן פֿון דער באַן־ליניע. נאָך דער אונטערזוכונג, טרעט אַרױס דער יודנעלטסטער און מעלדעט:

— הער װאַכהאַבענדער! די קאָמאַנדאָ „דוק“ צוריק פֿון דער אַרבעט. אײן פֿאַרחלשטער אױף דער טראַגע.

— אין דער לייבן־קאַמער! — האָט דער וואכהאבענדער מיט אַ גלייכגילטיקער שטימע באַפוילן.

— הער וואכהאבענדער, ער לעבט נאָך. — האָט דער יידי־שער סאַניטאַר געמאָלדן.

— שווייג! — האָט זיין שטימע געדונערט. — אין דער לייבן־קאַמער! — האָט דער וואכהאבענדער זיין באַפעל נאָך אַמאָל איבער־געחזרט און איז צוריקגעגאַנגען אין דייטשן לאַגער אריין פייפנדיק.

באַלד האָט די קאָמאַנדאָ באַקומען אַ באַפעל:

— אַוועקטראָגן אין דער קיך אריין!

דאָס וואָרט „קיך" האָט די האַלבע מתים אויפגעוועקט צום לעבן. פון די פינף רייעס איז אין איין אויגנבליק געוואָרן אַ צע־שאָטענער קראַנץ מענטשן־גלידער, וועלכע זענען ווילד באַפאַלן דעם פאַרשנייטן מיסט־קאַסטן, ווו צענדליקער פאַרשנייטע טעלער זענען געשטאַנען אויפגעשטאַפּלט. צענדליקער ביינערדיקע הענט האָבן זיך געראַנגלט אין דער לופט.

פון אַ באַראַק האָט זיך ווילד אַרויסגעלאָזט אַ געפאַנגענער. ווי אַ ווינט האָט זיין אויפגעפלאַטערטער לאַגער־בגד זיך אַ יאָג געטאָן איבערן אַפּעל־פּלאַץ און ער האָט נאָך באַוויזן צו דערגרייכן די צוויי סאַניטאַרן, וואָס האָבן זיין ברודער געטראָגן אין דער „לייבן־קאַמער".

מאיר ווילק איז אַ פאַל געטאָן איבער דער טראַגע, ווי ער וואָלט אויסגעהויכט זיין אָטעם מיט ברודערס נאָמען אויף די ליפּן:

— הירשל!

אַ שטעקן פון אַ „קאַפּאָ" איז אים געפאַלן איבערן קאָפּ. דעם ווייטיק פון שטעקן האָט ער נישט געשפּירט. ער האָט נאָר דער־פילט, ווי אַ בייזע האַנט האָט אים אָנגעכאַפּט ביים האַלדז און אַריינגעשלידערט אין שניי. דער קאַלטער שניי האָט געלינדערט די היץ, וואָס האָט אים געשלאָגן אין קאָפּ אַריין. אַ קאָפּע פון אַ שטיוול צוזאַמען מיט אַ שטימע פון אַ „קאַפּאָ" האָט אים נאָכגע־יאָגט:

— אַוועק, ער איז טויט!

אַ ווײַלע איז מאיר ווילק געבליבן ליגן אויפן קאַלטן באָדן. ער האָט זיך נישט געקענט אויפהויבן און האָט דערפילט אַ פאַר־לאַנג שוין אַזוי צו בלייבן ליגן אויף אייביק.

אַ קאָלבע פון אַ וואַכמײַסטער האָט אים אַרויסגעקאָפּעט פון שניי. די קאָלבע האָט אים געשטויסן אין האַרץ אַרײַן און אַ דײַטשע רויע שטימע האָט אונטערגעיאָגט:

— פאַרשווינד, מענטש!

מיט אונטערגעזעגטע פיס איז מאיר ווילק צוריק אַרײַן אין זײַן באַראַק. דערטאַפּנדיק אין דער פינצטער דעם טיש, איז זײַן קאָפּ אַ פאַל געטאָן און אָנגעהייבן צאַפּלען, ווי אַ פיש מיט אַן אײַנגעשניטענעם האַלדז:

— שוין, אוים ברודער!...

פון זײַן אויסגעשריי זענען „העפטלינגען", איבערגעשראָקענע אַראָפּגעשפּרונגען פון די בעטן. ער האָט דערציילט וועגן זײַן ברודערס טויט. די לאַגעריסטן האָבן אים אויסגעהערט גלײַכגילטיק. קיינער האָט אים נישט געטרייסט. מען האָט אים נאָר אויסגעטאָן, ווי אַ פאַרווונדעטן און אַרײַנגעלייגט אין זײַן הינטיש געלעגער.

מיט אָפענע אויגן איז מאיר ווילק געלעגן אויף זײַן שטרויזאַק. צענדליקער יוגנט-בילדער פון זײַן היים האָבן אים געשוועבט פאַר די אויגן... ער האָט זיך געזען מיט זײַן ברודער הירשל, ווי צוויי חדר-ייִנגלעך זיך קריגן, ווער עס זאָל טראָגן די לאַמטערנע זיי צו באַלײַכטן דעם וועג.

— איצט איז מסתמא דער וועג אין שטעטל פאַרשאָטן מיט חורבות. — האָט מאיר ווילק געטראַכט. — און די עלטערן, וואָס האָבן אַמאָל מיט קלאַפּנדיקע הערצער אויף זיי געוואַרט זענען אויך אוועקגענומען געוואָרן און ווער ווייסט, וווּ זייער געביין איז אַ הינגעקומען?...

ווי אַ שלאַנג האָט זיך מאיר ווילק געדרייט אויף זײַן געלעגער און איז בייז געווען אויף זײַן אייגן האַרץ, וואָס איז אין לאַגער פאַרהאַרטעוועט געוואָרן ווי אַ שטיין. אפילו דעם ברודערס טויט קען דאָס האַרץ נישט באַווייַנען...

באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, אַז דער ברודער טראָגט זײַנע שיך. און אויב וואַרט ער ביז מאָרגן פרי, וועט ער שוין נישט האָבן אין וואָס אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט אין אַזעלכע פײַכטע שנייען. דער דראַנג צום לעבן האָט אָנגעצונדן אַ געדאַנק אין זײַן מוח אַרויסצוגיין צו דער „לײַכן-קאַמער" און אַראָפּנעמען די שיך פון זײַן ברודערס טויטע פיס, נאָר עפּעס אַ לויטער געפיל, וואָס האָט אים איצט באַהערשט, האָט אים נישט געלאָזט אויפשטיין.

הירשל ווילקס טראַגע איז געבליבן שטיין אויסער דער „לייכן־קאַמער“. אינעווייניק איז מער נישט געווען קיין פּלאַץ... אין לאַגער איז שוין ווידער שטיל געוואָרן. הירשל האַלט אויף זיינע אויגן. דער ווינט, וואָס פּייפּט אים אין די אויערן, וועקט איינציקווייז אויף זיין באַוווסטזיין. ער גיט אַ טרייסל מיטן קאָפּ, ווי אַ לעבנס־פּלעמל וואָלט זיך דאָרט צוריק אנגעצונדן. ער קוקט זיך ארום און דערקענט דעם לאַגער. און דערקענענדיק דעם לאַגער, באמערקט ער די „לייכן־קאַמער“. זיין גוף גיט אַ צאַפּל און ער דערפילט, אַז ער ליגט אויף אַ טויטן־טראַגע. די לופט ארום אים איז פול מיט ריחות פון מתים. נאָר דער קאַלטער שניי ציט פון אים אַרויס די שטיקנדיקע ריחות. ער דערמאַנט זיך, אַז דער, וואָס ליגט דאָ איז געשטאָרבן. נאָר אים שרעקט עס נישט איבער. ער איז צו דעם גלייכגילטיק; דער גלויבן צו קענען אויסהאַלטן האָט אים שוין לאַנג פאַרלאָזט. נאָר איין איינציקע זאַך בינדט אים נאָך צו צום לעבן. אין געוואוי פון ווינט, דאַכט זיך אים צו הערן זיין ברודערס שטימע: הירשל! ער וויל עפּעס אויסשרייען, ער וויל ענטפערן זיין ברודער. נאָר זיין שטימע בלייבט אים אין האַלדז, ווי ביי אַ שטומען....

מיט דעם איינציקן נערוו, וואָס לעבט נאָך אין אים, שטרענגט זיך הירשל אָן און גיט זיך אַ הויב פון דער טראַגע. ער שטרעקט אויס אַ האַנט און שעפּט אָן אַ דלאָניע שניי. ער רייבט זיך איין דאָס פּנים, דעם שאַרבן. ער אָטעמט שוין לייכטער, ווי אויפגעפרישט. דאָס האַרץ קלאַפּט האַסטיקער. און וואָס אַמאָל שפּירט ער, קומט צו אים צוריק דאָס ביסל כוח, וואָס דאַרף אים פירן זען זיין ברודער פאַרן אויסלעשן זיך. איצטער, אַז ער קוקט זיך אַרום דערקענט ער שוין בעסער דעם גיהנום אין וועלכן ער לעבט טויטער־הייט. און קוקנדיק אַזוי אויפן לאַגער מיט אַן אויסטערלישן בליק און הערנדיק נאָכאַמאָל אין געוואוי פון ווינט זיין ברודערס שטימע, קנייטשט זיך זיין שטערן, ער בייסט די ליפּן. ער וויל, אַז זיין מוח זאָל זיך דערמאַנען איין איינציקע זאַך:

— אין וועלכן באַראַק איז מיין ברודער? אין וועלכן באַראַק איז מיין ברודער? איז וועלכן באַראַק איז מיין ברודער? — שעפּטשען שטיל זיינע ליפּן.

און, אַז ער דערמאַנט זיך נישט, פילט ער, ווי עפּעס אַ טרייב־קראַפט גיט אים אַ הויב פון דער טראַגע. ער וואַרפט האַסטיק

אראָפּ די פּיס. אָט איז ער שוין אינגאַנצן אויפגעזעצט. דער קאָפּ וויל צוריקפאַלן. נאָר זיין פעסטער ווילן האַלט אים אויף זיינע פּלייצעס. און באַלד שטעלט ער זיך אויף. ער פּרוווט געבן דעם ערשטן טראָט און ער גייט, ער גייט...

ווי א בלינדער שפּאַנט ער אַרום אין לאַגער. ער בליקט, ווי אַ וואַנזיניקער אויף די נומערן פון די באַראַקן באַלויכטן מיט לבנה־ליכט און ער קען זיך אַלץ זיין ברודערס נומער נישט דער־מאָנען.

פלוצלונג שווימט פאַר אים אַרויס א וואַכמייסטער:

— ווו אַהין מענטש?

הירשל קוקט אויפן וואַכמייסטער. די שרעק, וואָס דער דייט־שער מונדיר און די ביקס רופן ביי אים אַרויס, שניידט זיך אריין אין זיין אָפּגעטעמפּטן זכרון און רופט אַרויס דעם נומער פון זיין ברודערס באַראַק.

— באַראַק צוואַנציק!

— שנעלער, פארשווינד מענטש!

דער שטויס פון דער קאָלבע איבער זיין אויסגעלאָשענעם קאָפּ, האָט נאָך מער אויפגעוועקט זיין באַוווּסטזיין און טאַפּנדיק מיט די הענט, האָט ער זיך אריינגעשאַרט אין באַראַק צוואַנציק.

ער עפנט לאַנגזאַם די טיר און בלייבט שטיין אויף דער שוועל. אין באַראַק איז פינצטער. אַ שמאָלער שטרייף לבנה־ליכט, אַזוי שמאָל, ווי דער שפּאַלט אין לאָדן פאַלט אויפן באָדן. אין דער פינצטער באַמערקט מען אַ מייל פון די אויסגעשטעלטע שיך ביי די בעטן. עס דערהערן זיך קרעכצן פון שלאָפלאָזע „העפטלינגען"... איבערן באַראַק קלעטערט אַרום אַ „העפטלינג". ער שפּרינגט צו צום קאַלטן אייזערנעם אויוון און קראַצט מיט די נעגל... דעם הונגעריקן „העפטלינג" דאַכט זיך, אַז עטלעכע דינע פּליטשלעך קאַרטאָפל־שאָלעכץ, וואָס ער האָט נעכטן אָוונט אַרויפ־געלייגט צו בראָטן, זענען נאָך געבליבן קלעפּן...

הירשל דערהערט זיין ברודערס אַ זיפץ און ער שרייט אַרויס מיט אַלע כוחות:

— מאיר!...

— ווער איז דאָ? — האָט דער „העפטלינג" ביים אויוון אויפ־געציטערט און גלייך צוגעשפּרונגען און אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע לעמפּל.

— הירשל!!! — האט דער „העפטלינג" זיך געכאפט ביי דער ברוסט. — דו ביסט דאך געשטארבן...

פון זיין געוואלד האבן זיך עטלעכע צוואנציק קעפ אויפגע־כאפט. עס איז געווארן א געשפרונג פון די בעטן. און מאיר ווילק, זעענדיק זיין ברודער שטיין אויף דער שוועל א לעבעדיקן איז צום ערשט פארשטיינערט געווארן, דערנאך ארויפגעפאלן זיין ברודער אויפן האלדז. הירשל האט דערציילט די געשיכטע פון זיין „תחיית־המתים". די צוהערער האבן געפילט א שוידער אין די ביינער. א יונגער לאגער־גנב, האט פון שטרויזאק ארויסגעגראבן א שטיק פארפרוירענע ריב און האט דעם „טויטן" אויסגעשטרעקט.

אבער באלד איז דער דערהויבענער מענטשלעכער מאמענט אוועק. דער לאגער־מענטש איז צוריק וואך געווארן. דער שטובן־עלטסטער האט אנגעהייבן ציטערן פאר זיין הויט.

— האסט געהערט הירשל, גיי צוריק אין דיין באראק אריין. איך טאר דיך דא נישט האלטן. עס שמעקט מיט טויט.

— וווּ יאגסטו אים ביי נאכט? — האט מאיר ווילק אויפ־געציטערט.

— ניין, דא טאר ער נישט בלייבן. מען וועט אלע זיין בא־שטראפט. — האבן שוין אנדערע „העפטלינגען" מיט געשוואלענע קעפ פאר הונגער ארויסגעשריגן פון די בעטן.

— איך זאג, אז ער וועט דא בלייבן נעכטיקן. — האט מאיר ווילק אלע איבערגעשריגן.

— דערווייל ביז איך דא שטובן־עלטסטער און נישט דו.

— איבער מיר דארפט איר זיך נישט קריגן, איך גיי אוועק. איך האב זיך שוין דערמאנט, אז כ'געהער צום באראק 27. — האט דער צוריקגעקומענער פון דער „לייבן־קאמער" קוים ארויסגערעדט — א גוטע נאכט מאיר!

ער האט זיך געלאזט צו דער טיר.

— הירשל! — איז מאיר אים נאכגעלאפן. — דו ווייסט, וווּ דו גייסט?

— איך ווייס.

מאיר איז צוגעלאפן צום פענצטער און ארויסגעקוקט, ווי זיין ברודער גייט אויף די פיס.

מען האט אויסגעלאשן דאס ליכט. אלע אין דער שטובע האבן

זיך צוריק אַרייַנגעלייגט אין די בעטן. איינער האָט אַרויסגערעדט פון דער פינצטערניש מיט אַ זיפץ:

— זעט וואָס מען קען פון מענטשן מאַכן. אפילו איינער קומט צוריק פון יענער וועלט, מוז מען זיך מיט אים וואַרפן.

— עס דאַכט זיך מיר, אַז מיין ברודער קומט צוריק. — איז מאיר ווילק צוגעשפּרונגען און אויפגעריסן די טיר.

— עס איז קאַלט! — האָט מען געשריגן פון די בעטן.

הירש ווילק איז אַריינגעקומען און פאַר שוואַכקייט אַנידער־געפאַלן אויף דער שוועל.

— מאיר, דער שטובן־עלטסטער פון מיין באַראַק לאָזט מיך נישט אַריין. דו ביסט, זאָגט ער, געשטאָרבן. איך האָב דיך שוין אויסגעשטראָכן פון דער ליסטע.

— טאָ לייג זיך אויף מיין בעט. — האָט מאיר ווילק שטיל אַרויסגערעדט.

— אויב זיין שטובן־עלטסטער וויל זיך נישט איינשטעלן דאָס לעבן, טאָ פאַרוואָס זאָל איך זיך יאָ איינשטעלן? — איז דער שטובן־עלטסטער ווידער אַראָפּגעשפּרונגען. ליכטיק געמאַכט און צוריקגעשטויסן מאיר ווילקן, וועלכער האָט זיין ברודער געפירט צו זיין בעט.

— מען איז אַלע איינגעשטעלט מיטן לעבן! — האָבן עטלעכע געפאַנגענע אַרויסגעשריגן פון די בעטן. — מען קען באַלד האָבן אַ „שדים־טאַנץ" אויפן שניי מיט די באָרוועסע פיס.

— מען וועט אונז צונעמען די ראַציע ברויט אויף אַכט טאָג.

— ציטערט אַ „העפטלינג" פאַר זיין לעבן.

— מען קען אונז נאָך באַשטראָפן מיט גיין אַרבעטן צוויי שיכטן. איך מיט מיינע געשוואָלענע פיס וועל דאָס נישט אויסהאַלטן. — פלאַטערט אַ צווייטער אויף דער קויקע.

— זאָל ער צוריקגיין אין דער „לייכן־קאַמער" אַריין! — שרייט אַ הייזעריקער האַלדז.

— אין דער „לייכן־קאַמער"! אין דער „לייכן־קאַמער"־! — האָבן כמעט אַלע אונטערגעהאַלטן.

— מיר געהערן אַלע צו דער „לייכן־קאַמער"! — האָט מאיר ווילק מיט פאַרביטערונג געשריגן. — איך זאָג אייך, אַז ס׳וועט קומען יעדענס רייע.

— אין דער „לייבן־קאַמער"! — האָט שוין דער עולם געשריגן אויפגערעגט.

פון דעם טומל האָבן זיך שוין אויפגעוועקט די שכנותדיקע „שטובעס". מען האָט אָנגעהייבן אַריינפּויקן .אין דער וואַנט. אַ טייל זענען פאַר נייגעריקייט אַריינגעקומען, די אויסגע־פּרוירענע גופים איינגעהילט אין קאָלדרעס. דאָס נייעס האָט זיך באַלד איבערגעטראָגן פון באַראַק צו באַראַק. מאיר ווילקס „שטובע" איז פול געוואָרן מיט אויפגעוועקטע נייגעריקע „העפטלינ־גען". עס איז געוואָרן אַ געלויף און אַ געשריי פון מויל צו מויל:

— הירשל ווילק איז אויפגעשטאַנען פון דער „לייבן־קאַמער"! הירשל ווילק איז אויפגעשטאַנען!

פון דער באַוועגונג איז געוואָרן אויפגעוועקט דער יידנעלטס־טער. ער איז געקומען אַנצולויפן אין אַ פּעלצל אויף אַ לוקסוס־פּיזשאַמע. מיט דער נאַגייקע אין דער האַנט און מיט אַ צע־פלאַמט פּנים פאַר רציחה, האָט ער אָנגעהייבן שמייסן איבער די קעפּ פון די פאַרזאַמלטע לאַגעריסטן. עס איז געוואָרן אַ געלויף און א געפּאַל פאַר איבערגעשראָקנקייט. באַלד האָט זיך דער גאַנצער ליארעם איינגעשטילט. הירשל ווילקן האָט דער יידנעלט־סטער צוריקגעפירט צו דער „לייבן־קאַמער", אים אַנידערגעוואָרפן אויף דער טראַגע, זאָגנדיק:

— דאָ האסטו באקומען דיין געלעגער, טאָ ליג איינגעלייגט!

הירשל ווילק האָט מער נישט געפילט, צי ער לעבט, צי ער איז געשטאָרבן. ווי אַן אונטערגעזוגטער איז ער אוועקגעפּאַלן אויף דער „טראַגע" און פאַרמאַכט זיינע אויגן. ער האָט מער נישט געוואָלט זען דאָס ליכט פון לעבן...

פּאַריז, אָקטאָבער 1947.



# אַ מענטש פון דער אונטערוועלט

ווי גרויס גיבור יאָסל אָרטשיק איז געווען אין פּריוואַטן לעבן, אין „קאַצעט" האָט ער פאַרט אַ ציטער געטאָן הערנדיק, אַז דער יידנעלטסטער האָט נאָך אים געשיקט.

דאָס איז געשען באַלד אויפן צווייטן טאָג פון זיין אנקומען אהער. איין איינציק מאָל איז ער געווען מיט אַ „קאָמאַנדאָ" ביי דער ארבעט. באַלד ביים איינגאַנג פון דער ציגעלניע, האָט ער באַמערקט א בילד, וואָס האָט אים אויפגעשוידערט... א באַחנט ברונעט יידיש יינגל איז געהאנגען מיט אַ שוואַרץ־בראַנדיק פּנים אויף אַן עפּלבוים פאַר גנבענען אַ שניטקעלע ברויט פון א דייטשן מייסטערס מאַרינאַרקע. נאָכן איבערציילן די העפטלינגען האָט דער קאָמאַנדאָ־פירער אים יאָסלען אויסגעקליבן אויסצוגראָבן א גרוב הינטערן פּלויט, מקבר צו זיין דאָס יינגל. דער קאָמאַנדאָ־פירער האָט געהאַט אַ באַפעל נאָר „נאַטירלעכע טויטן" צוריקצוברענגען אין לאַגער, אָבער א טויטן „שטראָפלינג" קען מען לאָזן אין וועג אפילו אין א מיסטקאַסטן...

יאָסל איז פון זיין ערשטער אַרבעט צוריקגעקומען א דערשוויצטער און מיט פייכטע אויגן. וואָס פאַר אַ האַרטע נאַטור ער איז געווען, האָט ער דאָרט ביים יינגל'ס קבר מיטבאַגראָבן זיינס א טרער... דערנאָך האָט ער זיך באַקאַנט מיט דער ארבעט. א גאַנצן טאָג אומגעגעסן, ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָט ער צוזאַמען מיט נאָך יידן געדאַרפט פירן טאַטשקעס ציגל. די גרעסטע טייל יידן — הויט און ביין — ביים אדורכפירן די טאַטשקעס איבער א שמאָלינק לייסטעלע, וואס האט דא געדינט ווי א בריקל, האבן זיי די שווער געלאַדענע טאַטשקעס איבערגעדרייט, צעבראָכן עטלעכע ציגל, אַרויסגערופן א געלעכטער ביי די פּאָליאַקן און א רציחה ביי די דייטשע וואַכמייסטערס, וועלכע זענען זיי באַפאַלן מיט די קאָלבעס און האָבן אזוי לאַנג געפּייניקט איבער די יידישע קעפּ, ביז איינגאַנצן באַגאָסן מיט בלוט זענען די גופים ווי אונטערגעזעגטע געזונקען אין דער ערד.

הערנדיק, ווי די וואכמייסטער פרעגן די שוואכע יידן, פאר וואס ער יאסל קען יא אדורכפירן די טאטשקע, האט ער זי צום צווייטן מאל אויך איבערגעדרייט און נאך מער ברוטאל ווי אנדערע צעשלאגן געווארן, געפלעקט געווארן מיט בלוט.

ביים צוריקגיין אין לאגער אריין איז געפאלן א שניי. די הימלען זענען געווען נאכטלעך גרוי און קאלט ווי די ערד. א שטורעם־ווינט האט געפיפן אין די אויערן. די שווארצקייט פון דער אנקומענדיקער נאכט האט זיך געשפיגלט אי״ם גלאנץ פון ווייסן שניי און איז העלער געווארן. די עטלעכע טויטע, וואס מען האט צוריקגעפירט אין לאגער אריין, זענען געטראגן געווארן פון פיר מאן — אויסער יאסל ארטשיק, וואס האט געשלעפט א טויטן איינער אליין...

אהיימגעקומען איז יאסל א פארביטערטער. בייז אויף דער גאנצער וועלט און נאך מער אויף יידן גופא, פארוואס זיי שטעלן זיך נישט אנטקעגן, נאר גייען צו דער שחיטה ווי שטומע שאף...

— ווען איך זאל צו מיר האבן מיינע אמאליקע פאך־קאלעגן! כאטש מאיר דאנדיק, בערל אגער, דעם בלינדן מאקס און אייזיק קודלאק, וואלטן מיר געמאכט אן אויפשטאנד. איך וואלט אויך אומגעקומען, אבער פריער וואלט איך אוועקגעלייגט א פאר צענדליק שטיק פון „זיי"... — האט יאסל ארטשיק געלאזט פאלן א ווארט ביים קראצן די שיסל.

אפגעגעסן די שיטערע זופ מיט א שלונג נאך צען שעה ארבעט, האט יאסל אנגעהייבן שפייען פאר הונגער, שעלטן פאר כעס, קריגן זיך מיט יעדן, וואס האט אים אנגערירט. אלץ אין באראק האט אים אויפגערעגט. קיינער האט אים נישט געענטפערט. אלע האבן פאר אים מורא געהאט.

— נו, מען וועט זיך א ביסל אוועקכאליען און זאל זיך זיי די גאל איבערקערן!

— יאסל! לייגן זיך אויפן בעט שמעקט דאך מיט פינף און צוואנציק! — ציטערט דער שטובן־עלטסטער.

— וועל'ך דיר בארגן מיין הינטן, אידיאט!

אוועקגעלייגט זיך האט ער זיך צערעדט:

— חברה, וויפיל כ'האב אמאל אריינגעוואליעט איז אלץ נאך ווייניק. ווער האט זיך געקענט אויף דעם ריכטן, אז איך יאסל ארטשיק, וואס האב אמאל אראפגעלאזט מיט איין צי א גאנץ פלעשל ביינציקער; נאכגעווארפן ווי פילן פופצן הארטע אייער; אריינגע־

קנייטשט אַ טוץ פרישע זעמל, נאָכגעפּאַלמעסט אַ גענדזל, וועל זיך דארפן דערנערן מיט אזא שיסל שקארפעטקע־יויך און האלטן די מארדע.

מיט דעם איז ער איינגעשלאפן, געסאפעט ווי א בלאז־זאק איבער דער „שטובע“.

ווען דער שטובנעלטסטער האָט אים האסטיק אויפגעוועקט, אז דער יידנעלטסטער האָט נאָך אים געשיקט און צוויי „קאַפּאָ'ס“ ווארטן אויף אים, האָט זיך יאָסל אויפגעכאפּט פון זיין הינטיש געלעגער. מיט א שפרונג, ווי א געביידע וואלט מיט אים איינגעפאלן, איז ער אראפּ פון דער „קויקע“, זיך אויסגעקנאקט די ביינער, א געניץ געטאן אין קאלטן באראק אריין. א וואָלקנדל פּארע האָט זיך אָנגעהויבן קרייזלען ארום זיין שווער גוף. נאָכדעם האָט ער אַ זאָג געטאן:

— מעגלעך אַ מסירה, נאָר גיין מוז מען!

אריינגעקומען צום יידנעלטסטן אין זיין באראַק־צימער האָט אים אָנגעהויבן איבלען פון די פלייש־ריחות, וואָס האָבן נאָך פאר־שמעקט די לופט. דאָס צימערל איז געווען א קליינינקעס, א נידרי־קעס, נאָר עלעגאנט אויסגעפּוצט. א שפּיגל אריינגעשרויפט אין דער וואנט. א קונסט־בילדל — די פערספּעקטיוו פון לאגער. דאָס פענצ־טער פארצויגן מיט פּאַפּירענע פּליסירטע פארהאנגלעך. ביים איי־זערנעם גל ענדיקן אייוועלע איז געזעסן אַ בילד־שיין ברונעט מיידל, אין אַ באָרדאָ־שטאָפן־קלייד, מיט א רונדיק ווייס קעלנערל — אַ קונסטשטיק פון העפטעריי. א האלדז־באנד, וואָס האָט געוואָרפן פארשידנפארביקע טענער האָט האלבירט איר ווייסן האלדז. זי איז געווען די איינציקע פרוי אין מענער־לאַגער. פאר דער דערלויבעניש האָט דער יידנעלטסטער באצאָלט מיט יידישע לעבנס, וועמענס נשמות ווייכען אין געוואי פון ווינט און קיינער הערט זיי נישט... דאָס מיידל איז זיך געזעסן ביים אויוון און געשטריקט א סוועטער. ווען אירע פינגער האָבן זיך אויף א ווײַלע אָפּגעשטעלט, אירע סאַ־מעטענע שווארצע אויגן געוועגדעט צום קאַלטן דרויסן, האָט איר טרויעריקער בליק עדות געזאָגט, אז זי געדענקט איר טראגעדיע... דער יידנעלטסטער, אַ שטאַרק געבויטער ברונעטער מאַן אין א ספּאָרט אנצוג, אין א פּאָר דייטשע אָפּיצערסקע שטיוועלעך איז געזעסן ביים טיש באוואָרפן מיט ליסטעס און דיקע ביכער, געגרויבערט אַ ציגאַר

אויסזוכנדיק נעמען פון לעבעדיקע, וואָס דאַרפן פאַרטרעטן די טויטע.

יאָסל אָרטשיק האָט זיך גלייכגעשטעלט מיטן בלוי־ווייסן רונ־דיקן מיצל אין דער האַנט.

דער יידנעלטסטער האָט אים באַטראַכט, ווי ער וואָלט אים צום ערשטן מאָל געזען. אַ גרויסער קאָפּ פון אַ העלדיש־געבויטן מאַן. די געדיכטע נעגערישע לעקעלעך זענען אינמיטן קאָפּ אויסראַזירט: אַ „העפטלינג־שטרייף". דער קאָפּ דערגרייכט ביזן סופיט. זיין טאָפּל־טער גוידער באַהאַלט אַ זיגזאַגישן שראַם — אַ מעסער־שניט, וואָס וואַרפט זיך דאַך אין אויג אַריין. זיינע צוויי שאַרפע בליצערס קוקן אויפן יידנעלטסטן, אָבער זעען נאָר דאָס ברונעטע מיידל, וואָס לאָזט איבער אַ מחשבה אין זיין מוח: „איך האָב אויך אַמאָל אַריינגענאַרט אומשולדיקע מיידלעך צו מיר, אָבער איצטער האָב איך חרטה ביז ווייטיק..." דער יידנעלטסטער אָבסערווירט אים מיט אַן איראָ־נישן שמייכל, וואָס שטעכט יאָסלען ביז אין דער זיבעטער ריפּ אַריין.

— הער נאָר, דו! — האָט דער יידנעלטסטער אָנגעהויבן. — כ'האָב עפּעס געהערט וועגן דיר שיינע זאַכן: אַ העלד פון דער לאָדזשער אונטערוועלט, אַ גיבור, וואָס ברעכט אייזן, גייט וואָל־קעס מיט ריזן, געהאַט אַ „הייזל" אויפן גרויסן פּאַריזער שטייגער מיט איין וואָרט אַ לייטיש יינגל.

— געווען אַמאָל! — זיפצט אָרטשיק.

— רויכער אַ ציגאַר! — דערלאַנגט אים דער יידנעלטסטער זיין ציגאַרן־קעסטעלע.

כאָטש יאָסל אָרטשיק איז שוין לאַנג געשטאַנען אָנגעשיכורט פון טאַבאַק־רויך, האָט ער אַליין נישט געקענט באַנעמען, פאַרוואָס זיין האַנט שטרעקט זיך אַזוי שנעל נישט אויס צו כאַפּן אַ ציגאַר.

— וואָס דו לאָזט דיך גאָר בעטן?

ערשט איצטער גיט יאָסל אַ שפּרונג, אַ כאַפּ אַ ציגאַר, פאַרוי־בערט ביים יידנעלטסטנ'ס אָנצינדער און קוויקט זיך:

— אָ, שוין לאַנג נישט געשפּירט דעם טעם!

— אַז דו וועסט זיך אויסטויגן וועסטו האָבן ציגאַרן אָנן צופּרעסן ווי אין אַ באַלוטער קנייפּע. אַ שנאַפּס יאָסל?

יאָסל האָט אינסטינקטיוו אויפגעציטערט... דעם יידנעלטס־טנס העפלעכקייט האָט אים איבערגעשראָקן.

— האסט נישט ליב קיין שנאפּס?

— כ'האב ליב, נאָר...

— טאָ מאַך נישט קיין סמאָקעס, שלעפּ אַראָפּ!

יאָסלס האַנט ציטערט. ער נעמט אָן אָנגעגאָסן גלעזל, לאָזט עס אַראָפּ מיט איין צי, פּילט א ברען אינעווייניק, שטעלט אוועק ס'גלעזל, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

— נאָך איינס?

דאָס גלעזל האָט אים אויפגעבונדן די צונג.

— אזוי לאַנג ווי מיין פּיסק איז אָפן וועל'ך קיין שנאַפּס נישט אָפּזאָגן.

— אין אַ וואָך אַרום וועסטו מיר צאָלן גלעזלעך.

— איך וועל צאָלן גלעזלעך?... ווי אַזוי?... — איז יאָסל אינגאַנצן צעטומלט געוואָרן, אויסגעשטעלט אויפן יידנעלטסטן צוויי אויגן — לויטער שרעק און חידוש.

— טאָ, הער יאָסל נאָך וואָס איך האָב נאָך דיר געשיקט. איך האָב דאָ א לאַגער־אָרדענער, א בענדינער יינגל, וואָס שטעלט צו צען טויטע א טאָג בלויז פאַר שטראָפן. די, וואָס שטאַרבן אויס פאַר הונגער רעכענען זיי נישט. מיין „וואכהאבענדער", דער יעקע, עסט מיך אבער לעבעדיקערהייט, אַז אויף א לאַגער פון זעקס טויזנט מענער איז דאָס צו ווייניק... נו וואָלט איך געוואָלט, אַז דו זאָלסט אַנעמען דעם פּאָסטן אַלס לאַגער־אָרדענער און ווייזן, וואָס דו קענסט...

יאָסל אָרטשיקס שווערער גוף האָט א צאַפּל געטאָן, ווי א גיפּ־טיקע שלאַנג וואָלט אים א ביס געגעבן. זיינע אויגן האָבן אָנגעהייבן ציטערן... זיינע הענט האָבן פאַר אויפרעגונג צעקוועטשט די דייטשע ציגאַר, ווי ער וואָלט אומגעבּרענגט זייערס אַ לעבעדיק באַשעפעניש... דאָס מויל איז אים געווען אָפן, נאָר די קעל פאַרקלעמט ווי אַ קלאַפּשלאָס...

— נו, צעפרידן יאָסל?

ער קען נאָך נישט ענטפערן.

— עפּעס גאָרנישט דיין טבע, יאָסל?

— איך... איך... כע... כעמיך דאָס נישט אונטערנעמען...

— ביסט נישט א מאָל משוגע געוואָרן?

— נישטא די אמאליקע כוחות דערצו...

— וועסט אָנהייבן גוט פרעסן, וועסטו קומען צו די כוחות.

— ניין! — האט יאסל ארויסגעזיפצט — איך גלויב נישט מער אין מיינע כוחות.

— זאגסטו דיך אפ, ווילסט בעסער שטארבן פאר הונגער? — האט דער יידנעלטסטער זיך אויפגעכאפט און ארויפגעצויגן א מער אמטלעכע מינע אויף זיין פנים.

— איין טייוול — האט יאסל זיך פארקרימט — אז שטארבן מוז מען דא...

— דו ברויכסט אבער נישט צו שטארבן, קענסט דאך האבן פון כל־טוב...

— כא! פון כל־טוב! — האט זיך יאסל מער נישט געקענט איינהאלטן פאר געלעכטער. דאס געלעכטער האט אבער דעם יידנ־עלטסטן שטארק אויפגערעגט.

— זאג מיר דעם אמת יאסל, פארוואס ווילסטו נישט אנעמען דעם פאסטן ווייל איך וויסן! — האט דער יידנעלטסטער מיטאמאל א פויק געטאן אין טיש אריין.

— איך וועל זאגן. — האט יאסל געסאפעט, עטלעכע מאל אנגעהייבן און נישט געקענט געפינען דאס פאסענדיקעווארט אויס־צודריקן דאס, וואס ער פילט. — המ... א...א... דאס, וואס איך בין א מענטש פון דער אונטערוועלט, דאס, וואס איך האב געהאט א „הייזל", דאס, וואס איך בין געווען א נאכאלניק, אן איינברעכער, דאס איז עפעס אנדערש. דאס איז ביי מיר געווען א כשרע פרנסה. איך האב קיינעם נישט געמארדעט, קיינער האט מיך נישט געמאר־דעט. אבער אין א קאנצענטראציע־לאגער — איז זיין שטימע גע־ווארן שטארקער — ווו מען ברענט און מען בראט מיינע שוועסטער און ברידער בלויז דערפאר, וואס זיי זענען יידן. מיין מאמע, דיין מאמע, אלעמענס מאמעס און קליינע זויג־קינדער אין די פיעקע־ליקעס אריין, אין די גאז־קאמערן, זאל איך אויפהויבן א האנט אויף א ייד, אפגעדארט זאל זי מיר בעסער ווערן!...

די טיר פון יידנעלטסטנס צימערל האט זיך האסטיק אויפגע־פראלט דורך צוויי „קאפאס", וואס האבן געוואכט אין קארידאר. מיט שטורמישע טריט איז אריינגעקומען א נידעריקער טיפ אין א קורצן פעלצל — דער דייטשער „וואכהאבענדער", פריץ צימערמאן.

דער יידנעלטסטער האט זיך אויסגעצויגן ווי א סטרונע, א פויק געטאן מיט די שטיוול און פארגעשטעלט יאסלען.

— הער וואכהאבענדער, אט איז דער נייער לאגער־ארדענער!

— זייער גוט, זייער גוט! — האָט זיך דער יעקע באַלעקט קוקנדיק אויף יאסלען — גענוי ווי דו האָסט מיר אים געשילדערט, יידנעלטסטער! — האט זיך דער יעקע געריבן אין די הענט מיט א סאדיסטישער צעפרידנקייט. — נו מענטש, נעמסטו זיך אונטער מיר צושטעלן כאָטש הונדערט טויטע פון צווישן די „שוואַכע", וואָס קענען נישט מער ארבעטן?

יאסל איז געשטאַנען מיט אן אויסדרוק אויפן פנים, ווי עס וואָלט אים ווער געגאָסן קאַלט וואסער אויפן גאָלן שארבן...

— אפילו איין ייד נעם איך זיך נישט אונטער צו טויטן! — האט יאסל געזאגט אנטשלאסן.

— וואס רעדט ער? — האט דער „וואכהאבענדער" אויפגע־ריסן זיין בליק און אנגעהאנגען זיינע אויגן אויפן יידנעלטסטן.

— איך האָב מיין ארבעט געמאַכט, „וואכהאבענדער". איך האָב אויף אייער באַפעל א פאַסענדיקן מענטש צוגעקליבן, אָבער ער זאָגט זיך אָפּ אויסצופירן אייערע באַפעלן.

— וואָס, ער זאָגט זיך אָפּ? — האָט דעם „וואכהאבענדערס" שטימע אויפגעפלאקערט ווי א קנאקענדיק פייער...

ער האט ארויסגעצויגן זיין ריטל פון שטיוול און מיט ווילדקייט אנגעהייבן צו באַוועגן זיין רעכטע האנט איבער יאסל ארטשיקס פנים.

אויפגעהערט, איבערלאָזנדיק יאָסלס פנים ווי נאָך אן אָפּע־ראַציע, צוגענייט מיט שווארצע פרענגעס, האָט ער שטרענג באַ־פוילן:

— איר נעמט מיר דעם העלד אריין אין וואש־באראק, הענגט מיר אים א נאַקעטן ביי די הענט און שמייסט אזוי לאַנג, ביז ער שפּייט אוים זיין הינטישע נשמה. איך קום זאָפאָרט בייוווינען די עקזעקוציע. — האָט דער „וואכהאבענדער" אויסגעשטעלט א פינגער דעם יידנעלטסטן אין פנים, ווי אויסגעשטרעקט א לופע פון א רע־וואָלווער. — יידנעלטסטער, דו שטעלסט מיר צו א צווייטן לאַגער ארדענער!

— צום באַפעל, הער וואכהאבענדער.

מיט א שטיוול האָט דער „וואכהאבענדער" אויפגעפויקט די טיר און איז אוועק מיט אויפגערעגטע טריט.

— נו, האסטו איצטער נישט חרטה יאָסעלע? — האָט דער יידנעלטסטער געפרעגט מיט א באהאלטן שמייכעלע.

— ביי בלאַטע גיבן קיין חרטה — האָט יאָסל אַ ברום געטאָן.

— נו גוט!

אויף אַ פייף האָבן צוויי שטאַרקע שלעגערס אויפגעריסן די טיר און זיך שטראַם אַוועקגעשטעלט וואַרטנדיק אויף אַ באַפעל.

— אין וואַש־באַראַק, אויפהענגען נאַקעט ביי די הענט, איר האָט דאָך געהערט דעם וואַכהאַבענדערס באַפעל?

— יאַוואָל יידנעלטסטער!

— איז גענומען און געגאַנגען און קומט מיר מעלדן ווען דער מאַטשאַרניק איז טויט.

— יאַוואָל הער פאַרשטאַנד!

— טאַדזשעק לאָז אים לעבן! — איז דאָס ברונעטע מיידל אויפגעשפּרונגען, אַנגעכאַפּט דעם יידנעלטסטן ביי די הענט מיט אויגן, וואָס האָבן געזען דעם טויט... — ער וועט זיך נאָך איבערלייגן.

— דיר האָב איך שוין טויזנט מאָל געזאָגט: הערן, זען און שווייגן! — האָט דער יידנעלטסטער געטופּעט מיט די פיס. — חברה גענומען און געגאַנגען!

— קומט פעטער! — זאָגן די שלעגערס איראָניש און נעמען יאָסלען אונטערן אָרעם.

יאָסל שטייט נאָך ווי פאַרשטיינערט... זיין בליק אַנגעהאַנגען אויף דעם מיידל, וואָס האָט זיך איצטער די איינציקע אויף דער וועלט געשראָקן פאַר זיין לעבן... ער וואָלט איר געדאַנקט. ער פילט אַ דראַנג איר עפּעס צו זאָגן, נאָר די צונג דינט אים נישט.

די שלעגערס פירן אַרויס יאָסלען. דער יידנעלטסטער גייט לאַנגזאַם, צום פענצטער. פאַרוקט די פאָרהענגלעך און קוקט אַרויס אין דרויסן. די באַראַקן שטייען ביז צו דער גאַרטל פאַרזונקען אין שניי. די גאַז־לאָמפּן ברענען בלאַס אין די ראָגעס פון אַפּעל־פּלאַץ. יידישע געפאַנגענע מיט האָלצערנע שניי־שאַרערס אין די הענט ריי־ניקן דעם שניי. אַ קאַפּאָ שלאָגט איבערן קאָפּ די, וואָס שטייען איינגעקורטשעט און הויכן זיך אין די הענט אַריין. דאָ און דאָרט קריכט אַ געפאַנגענער, ווי אַ שאָטן מיט אַ שיסל עסן און זופּט איבערן וועג ווי אַ בהמה פון אַ קאַרעטע אַרויס. פון די באַראַקן־קוימענס שלענגלט זיך נישט קיין רויך, דאָך שטייען די פענצטער פון די באַראַקן אויפגעפּראַלט. צווישן די בעטן דרייען זיך אַרום געפאַנגענע מיט געשוואָלענע פיס, מיט געשוואָלענע פּנימער פאַר הונגער. אַ טייל האַלטן די הענט הינטער די קאָלדרעס זיך צו דער־

ווארעמע. אנדערע שלעפן ארום זייערע געפרוירענע פיס מיט לאנגזאמע כינעזישע טריטלעך. זייער טאנץ איז קאמיש און טראגיש צוזאמען... א קאלטער ווינט קומט אן פון וואלד, וואס שטייט אויף א בארג און רייסט זיך אריין מיט שטורעם אין טאליקן קאצעט אריין, טראגנדיק אויף זיינע פליגל גאנצע פאסמעס שניי, וואס ווערן צעיאגט. דא וויגט זיך א לאדן אויף איין זאוויאסע, דארט א טיר — אויף איין האק. דער איינציקער קוימען, וואס שלאגט מיט א וואלקנדל רויך, איז דער, וואס געהערט צום יידנעלטסטן. זיין קוימען קען דער יידנעלטסטער נישט באמערקן. אבער ער דערשפירט די ווארעמקייט אין די ביינער. דער ווינט פייפט, ווי עס וואלט ווער געשפילט אויף א זעג. ער הויבט אויף פון דער אויבערפלאך פארהארטעוועטע שטיקער אייז און קייקלט זיי, ווי א טייוול וואלט זיך מיט זיי געווארפן איבערן אפעל־פלאץ. צוויי סאניטארן טראגן אויף א טראגע פארביי א טויטן באדעקט מיט א שווארצער קאלדרע. דער ווינט רייסט אוועק א שטיק קאלדרע און לאזט ארויסקוקן דעם טויטנס נאקעטע פיס...

יאסל ארטשיקס האליץ־שיך טרעטן פעסט און זיכער אויפן הארטן סקריפנדיקן שניי, איבער די האלצערנע לייטערקעס, וועלכע ליגן אויסגעלייגט איבערן פלאץ, ווי בריקלעך אדורכצוגיין, ווען די בלאטע דערגרייכט ביז צו די קנעכלעך. דעם קאפ האלט יאסל ארכישיק אינדערהויך. ער נעמט ארום מיט א בליק אלץ, וואס ער זעט צום לעצטן מאל... א ייד שטייט און רייניקט דעם שניי מיט א נאקעטן האלדז, נעמט יאסל אראפ זיין וואלענעם שאל, דאס איינציקע, וואס איז אים נאך פארבליבן פון אמאל. ווארפט צו דעם ייד און שפאנט ווייטער מיט א זיכערן טראט, אז קיינעם קען נישט איינפאלן, אז ער גייט צום טויט...

אריינגעקומען אין וואש־באראק האבן די צוויי שלעגערס אפגעשלאסן די טיר. און ערשט דעמאלט איז אויף יאסלען אנגעפאלן די אימה פארן טויט... דעם דאזיקן פחד פלעגט ער דערפילן נאר איינמאל אין יאר — ערב יום־כיפור פארנאכט ביי זיינע עלטערן אין דער היים. ווען ביי זיי אין שטוב האבן גרויסע יום־כיפור־ליכט געברענט... זיין מאמע אן איינגעשרומפן ווייבל, וואס האט דווקא געהאט גרויסע „דערוואלעס“, שטייט ביי די ליכט אין א שווארץ זיידן־קלייד און מיט די הענט אויפן פנים, בעט זי אויס ביי גאט, אז איר יאסל זאל זיין געזונט. דער פאטער זיצט אין ווייסן

קיטל און ליגט אַרויף זיין רעכטע האַנט אויף יאָסלס קאָפּ און זאָגט:

— גרויס ביסטו געווען מיין זון, איצט זאָל דיר דאָס מזל וואַקסן! ...

אויף דעם ענטפערט דאָס מאַמעלע מיט טרערנדיקע אויגן:

— מענדל, באַשרענק מיר נישט די קינדער!

און דער טאַטע ענטפערט:

— יאָסל, וואָס דו טוסט אָפּ אַ גאַנץ יאָר בין איך דיר מוחל. דו מוזט אָבער בעטן, אַז גאָט זאָל דיר אויך מוחל זיין.

אויף דעם ענטפערט דאָס מאַמעלע:

— דער, וואָס איז איבער אונדז איז אַ גוטער. ער איז מוחל אַלע, וועט ער אונדזער יאָסלען אויך מוחל זיין!...

און יאָסלס פּנים צעשטראַלט זיך, ווי ער וואָלט איצטער די מוטער דערזען ביי די יום־כּיפּור־ליכט.

מיטאַמאָל כאַפּט יאָסל אַ בליק און דערזעט, ווי די צוויי שלע־געהס וויקלען אויף אַ שטריק... ער הייבט אָן ברומען, ווי אַן אָקס פאַר דער שחיטה... ער פילט אַ טויטשרעק, וואָס גרינצלט די הויט אויף זיין לייב... אַן עק פון די שטריק וואַרפט זיך אויפן באַדן אַהין און צוריק... יאָסל שטעלט אַרויף אַ פוס אויף דעם עק־שטריק, מיט אַן עקל, ווי ער וואָלט געטרעטן אַ גיפטיקן שלאַנג...

— אוי בענקאַרטעס, ווען איך האָב מיינע אַמאָליקע כּוחות!...

אַ פּאַטש האָט אים אַ פלאָם געטאָן איז דער באַק. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי מען וואָלט אים געבונדן זיין פאַר־שטאַנד, וואָס וויל נישט שטאַרבן פרייוויליק.

— וואָס טו איך דאָ, טאַקע זיך לאָזן בינדן?... — האָבן זיינע אויגן געזוכט דאָס לאַגער־מעסער, וואָס איז געבליבן ליגן אין זיינע שיך; ער האָט אָבער דערצו נישט געקענט צוקומען.

— אויסטאָן זיך פריץ לעבן!... — שרייען די יונגען מיט רויע קולות און הייבן אָן רייסן די קליידער פון זיין גוף אַראָפּ.

פילנדיק די פרעמדע פינגער אויף זיין קערפּער, איז יאָסל גע־וואָרן אויסער זיך פאַר כעס. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי שלעפּן נישט זיינע קליידער פון אים, נאָר שטיקלעך לעבן... זיין רויע נאַטור האָט זיך געבונטעוועט.

— דו יאָסל, וואָס האָסט זיך מיט אַן אָרטשיק אנטקעגנגע־שטעלט אַ גאַנץ דאָרף קריסטלעכע רעקרוטן פאַר טשעפּען אַ יידישע פּיאה פון אַ ישיבה־בחור, לאָזט דיך בינדן פון צוויי לערן־יונגען...

און נישט לאַנג טראַכטנדיק האָט זיין רציחה, ווי אַ געפּענ־טעטער כוח אויפגעריסן. אָט האָט שוין איינער פון די יונגען באַ־קומען „אַ קעפּקע", דער צווייטער — אַן „אייזערנע הענטשקע" איבערן קאָפּ. אבער זעענדיק, ווי די יונגען זענען נישט געזונקען אין דער ערד ווי אַמאָל, נאָר שטייען, ווי די מויערן אויפן אָרט, האָט ער דערפילט מיט ווייטיק, אַז די כוחות האָבן אים פאַרלאָזט... ער איז געבליבן שטיין ווי אַ קאַלעדיקע מאַשין... פונעם מויל האָט אים געזעצט אַ פּאַרע. די אויגן — צוויי שטיקער פייער...

— דאָס אנטקעגנשטעלן זיך רבי, וועט דיר העלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס. — האָבן די שלעגערס געטרייסלט זיין גוף און אים אַראָפּ־געצויגן דאָס געלאַטעטע העמד.

— פריער אָדער שפּעטער, דער סוף קומט! — האָט יאָסל אויפגעהויבן זיינע אויגן צום סופיט... — מאַמע דו זעסט מיין טויט?... דו ווייסט כאָטש פאַרוואָס איך שטאַרב?...

און כאָטש אין יאָסלס אויגן האָבן זיך קיינמאָל קיין טרערן נישט באַוויזן, האָט ער זיך איצטער נישט געקענט באַהערש׳ן. ער האָט געפילט, ווי עפּעס וויינענדיקעס ווערגט זיין קעל...

— זיי מיר מוחל מאַמע מיינע, וואָס כ׳האָב דיך מיין גאַנץ לעבן מצער געווען און פאַרשעמט! ווען איך זאָל דיך אַלעמאָל אַזוי ליבן ווי איצטער, ווען כ׳זע דעם טויט פאַר די אויגן, וואָלט איך... וואָלט איך... קיין האַנט אויף קיינעם נישט אויפגעהויבן!...

און אין קול פון זיין געוויסן, האָט ער פאַרלוירן זיין באַוווסט־זיין. ער האָט כמעט נישט געשפּירט, אַז מען הענגט אים אויף ביי די הענט...

ער איז ערשט אויפגעוועקט געוואָרן, ווען די בייטשן, ווי שוואַר־צע שלאַנגען האָבן אָנגעהייבן זיך וויקלען אַרום זיין ווייסן, ווי פון מאַרמאָר־אויסגעטאַקטן קערפּער...

— איך איינס, דו איינס! איך צוויי, דו צוויי! — האָבן די שלעגערס געציילט און זייערע בייטשן האָבן געפּיפן אין דער לופט, אויפגעשניטן די הויט פון יאָסלס לייב, אויפגעשפּאָלטן די שאָל פון זיין שאַרבן.

— גע־וואַלד! מאַ־מע! — האָט יאָסלס קול, ווי אַ פלאַם אַרויסגעזעצט פון זיין מויל. מער נאָך ווי די בייטשן, האָט אים וויי געטאָן דאָס הענגען אויף די הענט. אים האָט זיך געדאַכטן, אַז די הענט זיינע רייסן זיך איינציקווייז אַרויס פון זיין קערפּער און

אָט־אָט פאַלט ער אַראָפּ אויף דער ערד און די הענט בלייבן הענגען...

די בייטש, האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט, נאָר מיט נאָך מער פארביסנקייט געפּאַלמעסט זיין לעבן.

— גענואַלד! מיינע הענט! הענט! מאַמע ראַטעווע! הענט!

יאָסל האָט שוין געקוקט מיט אונטערגעשוואָלענע אויגן... געזען האָט ער סיי ווי סיי גאָר נישט אויסער אַ שוואַרץ שטיק וואַנט באַשפּריצט מיט בלוט... דאָס בלוט, וואָס האָט אים געפלאָסן פון קאָפּ אויפן לייב האָט אים דערוואַרעמט. מיט דעם בלוט, וואָס האָט אים געריננען אין דער קעל האָט ער זיך געשטיקט... זיינע געשפּאָלטענע ליפּן האָבן קוים אַרויסגעבראַכט:

— הערט אויף! איך עגדיק!...

מיטאַמאָל האָט זיין גוף אַ צאַפּל געטאָן אויף דער שטריק... מיט דעם לעצטן נערוו פון זיין כמעט טויטן קערפּער, מיט אויגן פאַרלאָפענע, מיט ליפּן צעשניטענע פון נאַהייקעס האָט יאָסל מיטן לעצטן פּלעמל פון זיין באַוווסטזיין, געצילט מיט אַן אויג, וואָס קוקט אַרויס פון אינעווייניק און געגעבן אַ שפּיי מיט אַ פלעגמע בלוט די צוויי שלעגערס אין פּנים אַריין...

זיין פּנים איז באַדעקט געוואָרן מיט דריבנע שווייסיקע טראָפּנס... אין זיינע צוויי אויגן־לעכער האָבן זיך אָפּגעשטעלט צוויי גרויסע פאַרגליווערטע ווייסלען... די צוויי ווייסלען האָבן אַרויסגעוואָרפן אַ טויטלעכן אָפּשיין, וואָס האָט העלער געמאַכט די בין־השמשות־טונקלקייט.

די ווענט, די בלויע פענצטערלעך פון וואַש־באַראַק האָבן זיך אָנגעהייבן רויטלען פון די שקיעה־פלאַמען... און צוזאַמען מיטן טאָג,ביידע איינגעהילט אין בלוטיקע פלעקן, האָט זיך יאָסל אַרטשיקס לעבן איינציקווייז, איינציקווייז אויסגעלאָשן...

פאַרטיק! — האָט איין שלעגער געזאָגט צום צווייטן.

מיט צעפּלאַמטע פּנימער, דערהיצטע, אַזש אַ פּאַרע האָט געצעצט פון זייערע קליידער, ווי אויף אָפּגעאַרבעטע פערד, זענען זיי אַריינגעלאָפן מעלדן דעם יידנעלטסטן.

— הער פאָרשטאַנד, מיר מעלדן, יאָסל אָרטשיק איז פאַרשמיסן צום טויט!...

דאָס ברונעטע מיידל איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט. דער קנויל־וואָל האָט זיך איר אפּערגעגליטשט פון הינטערן אָרעם. אַראָפּ־

געפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע און זיך אנגעהייבן קייקלען, נאָכשלעפּנדיק פאַרפלאָנטערטע פעדים.

— זעסט, אפילו אַזאַ מענטש, האָט דאָס נישט געוואָלט אונטערנעמען...

— שווייג! — האָט דער יידנעלטסטער אַ זעץ געטאָן אין טיש אריין. — אפשר וואָלסטו געוואָלט, איך זאָל זיך לערנען ביי אַ מענטש פון דער אונטערוועלט...

פאַריז, דעצעמבער 1946.



# סאַבאָטאַזש

דער וועג צו דער אַמוניציע־פֿאַבריק פֿירט באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ. פֿון ביידע זייטן שאָסיי זענען אויסגעשטעלט צוויי שורות טאָפּאָלן באַדעקט מיט שניי. זייערע צווייגן־הענט זענען אויסגעשטרעקט צום טיף־בלויען, אויסגעשטערנטן הימל, ווו ס'בלאָנדזשעט אַרום אַ בלוט־רויטע לבנה צווישן טורעמדיקע אייז־בערג. אַ בלוט־רויטע, ווי אַ סימבאָל פֿון אַ ברוטאַלער מלחמה.

פֿון ביידע זייטן שאָסיי שטייען רויט־ציגלדיקע פּויערישע הייזקעס מיט ווייסע שניי־קופּקעס אויף די קעפּ־דעכלעך. פֿון טייל פֿענצטער בלישטשעט נאָך אַרויס אַ דין, עלעקטריש פֿלעמל, וואָס וואַרפֿט אויפֿן שניי ליכט־פּערל, דערמאָנט, אַז דאָרט, אונטערן דאַך, איז נאָך פֿאַראַן אַ לעבעדיקער נפֿש. אַנדערע פֿענצטער זענען אויסגעלאָשן, — זייערע איינוווינער זענען אויף די שלאַכט־פֿעלדער...

ווי אַ שוואַרצע שלאַנג וואָלט אויפֿן בויך געקראָכן, דראַפּעט זיך באַרג־אַרויף אַ גרופּע יידישע געפֿאַנגענע: מענער, פֿרויען און יונגע מיידלעך. ווי שווערע פֿאַרברעכער, זענען די יידישע געפֿאַנגענע באַוואַכט פֿון צענדליק וואַכמייסטערס, וואָס האַלטן די ביקסן מיט די בלאַנקע מעסערס אין די הענט.

די געפֿאַנגענע שפּאַנען צו דריי אין דער רייע, אַנגענומען ביי די הענט, אַז זיי זאָלן זיך נישט אויסגליטשן. דער אָנגעפֿאַלענער שניי קלעפּט זיך זיי עקשנות'דיק צו די האָלץ זוילן. דאָ און דאָרט זינקט איינער אין דר'ערד. און שטעלט זיך ווער איין זיין לעבן, רייסט זיך אַרויס פֿון דער רייע אָפּקלאַפּן דעם שניי אין אַ שטיין, לויפֿן אים די וואַכמייסטערס נאָך. בילנדיק ווי הינט, שלאָגן מיט די קאָלבעס איבערן קאָפּ פֿון אומבאַהאָלפֿענעם ייד, אָדער פֿאַרצווייפֿלטן יונגן מיידל.

— אַריין אין דער רייע, שמוציקער „זאַו"!

אַ גרופּע אוקראַיִנישע מיידלעך, אָנגענומען ביי די הענט, וואָס

גליטשט זיך צו דער ארבעט אין דער זעלבער פאַבריק אריין, שלענ-גלט זיך, ווי אַ פאַרביקע קייט פאַרביי דעם יידישן צוג. אוקראַאינישע לידער פאַרהילכן די לופט, עס קומען אונטער אַ חברה אוקראַאינישע יונגען. וואַרפן די מיידלעך קוילן שניי. מען יאָגט זיך, אַ מיידל פאַלט. אַ שוואַרצע מאַרינאַרקע פאַלט אויף איר אַרויף. אַ געזונט פויעריש געלעכטער שפּריצט אַרויס פון שניי, ווי זיך געריייצט מיט דער געדריקטער שטילקייט פון די יידישע מיידלעך...

ווי פאַרפּאַקט די אויערן פון די יידישע מיידלעך זאָלן נישט זיין, הערן זיי די לידער, געזונגען פון פרויען... הערן זיי דאָס לוסטיקע געלעכטער פון די אוקראַאינישע מיידלעך. ווי פאַרלאָפן זייערע אויגן זאָלן נישט זיין פון הונגער און ווינט, זעען זיי דאָס בילד, וואָס דערמאָנט די גליקלעכע, זאַטע יוגנט פון אַמאָל... דאָס האַרץ שניידט פאַר צער, נישט ווייניקער, ווי די קעלט. און אינערלעך געוויין שטיקט זיך אין דער קעל, ביז צו פאַרלירן דעם אָטעם... און דערצו יאָגט מען אונטער, באַרג־אַרויף, באַרג־אַרויף.

פאָרויס שלעפּט זיך אַ שליטן, געדיכט באַלייגט מיט יידישע סקעלעטן־הענט, וואָס רירן קוים דעם שליטן פון אָרט. אויפן שליטן דריי קעסלען וואַסער, ווו עס שווימען אַרום לאָקשן פון געפרוירענע ריבן. דאָס ווערט מיטגעפירט פאַר דער נאַכט־שיכט.

די אויגן פון די יידישע געפאַנגענע זעען גאָרנישט מער פון דעם אַרומיקן לאַנדשאַפט, ווי די דריי קעסלען, פון וועלכע עס שלאָגט אַ שוואַך פאַרעלע, וואָס קרייזלט זיך און פאַרלירט זיך אין דער לופט. יעדעס מאָל, ווען דער שליטן באַקומט אַ שטויס און פון די קעסלען גיסט זיך איבער אביסל וואַסער, גיסט זיך פון יעדן געפאַנגענעם בלוט...

די סקעלעטן, וואָס שלעפּן דעם שליטן, ווערן אַנגעיאָגט פון צוויי וואַכמייסטערס, וואָס זענען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער באַקאַנט ווי די גרעסטע צוויי סאַדיסטן צווישן די ס. ס.־מענער. אַ גאַנצן וועג הערן זייערע שטעקנס נישט אויף צו האָגלען איבער די יידישע ביינער. קלעפּ און אויסגעשרייען רייסן אויף די נאַכטישע שטילקייט, שרעקן איבער די קראָען, וואָס פליען אַוועק פון די שאָסיי־טאָפּאָלן מיט פּראָטעסט צו די הימלען...

אין דער לעצטער רייע גייט דער יידישער סאַניטאַר, אינדערמיט צווישן צוויי האַלבע־מתים, וואָס הענגען אים אויף די אַקסלען, ווי צוויי אויסגעריסענע ביימער. די האַלבע־מתים האָט מען אַרויס־

גענומען פון דער „קראַנקן־שטובע" צו קאָמפּלעטירן די נאַכט־שיכט. מען האָט זיי גענומען, ווייל מענטשן, וואָס קענען גיין אויף די פיס הייבן אָן אויסצופּעלן... בלויז פון דער לעצטער נאַכט־שיכט האָט מען אהיימגעבראַכט צוועלף טויטע...

הינטער די צוויי האַלבע־מתים שפּאַנט דער טרויעריק־באַרימטער קאָמאַנדאָ־פירער, האַנס פּעטערמאַן. אַ נידעריקער, בייכלדיקער מאַן אין די פּופציקער. זיין פּנים זעט אויס ווי אַ האַלץ־שניצעריי. אַלעמאָל טונקל, באַלייגט מיט טיפע קנייטשן. בייזע, גרינע אויגן, ווי ביי אַ ווילדן הונט. אַ שפּיציקע גאָמבע. אַ בילע אויפן הינטער־קאָפּ, גרויס ווי אַן איי. עטלעכע ציין אין מויל פּעלן אים מער אויס צו קריצן מיט זיי פון רציחה צו יידן, ווי צום עסן. פון רעכטן שטיוועלע קוקט אים ארויס אַ דין ריטל, וואָס האָט שוין אין זיך איינגעזאַפּט בלוט פון הונדערטער יידישע לעבנס, וועלכע האָבן שוין זייער רו געפונען, נאַקעטע אין וואַסער־גרוב, אויפן בערגל אין וואַלד, וואָס רופט זיך „פירטער אָפּשניט"...

הינטערן קאָמאַנדאָ־פירער סקריפּעט אַ מיסט וואָגן אויפן שניי־איקן שאָסיי. אין מיסט־וואָגן ליגן איינגעהילט אין קאָלדרעס יידישע מתים... דער וואָגן ווערט געצויגן פון אַ מחנה יידישע געפאַנגענע — האַלב־טויטע... אויסגעפּרוירן, אויסגעהונגערט, בלויז פון דער שלעכטער דערנערונג. מיד פון די שלאָפלאָזע נעכט, וואָס לאָזן נישט קיין אויג צוטאָן פאַר הונגער און קעלט, שלעפּן זיי זייערע לאַגער־ברידער. ערשט נעכטן געגעסן אויף איין ברעט, זיך געקריגט איבער אַ רוי שטיקל פּאַרפרוירענעם ריב און היינט זענען זיי מתים, וואָס מען דאַרף איבער די כוחות שלעפּן צו דער אייביקער רו...

די, וואָס שלעפּן דעם וואָגן מיט די מתים, ווערן אָנגעיאָגט פון די וואַכמייסטערס, וואָס באַשעפטיקן זיך נאָר מיט טויטע און האָבן נישט צו ווען אויסצולאָזן זייער כעס און האַס, ווי צו די מענטשן־פערד, וואָס ציען דעם מיסט־וואָגן.

אויסער דעם, וואָס דער וואָגן איז אַזוי שווער, זענען נאָך שווערער די מחשבות, וואָס פּלאָנטערן זיך די געפאַנגענע אין מוח: „ווער ווייסט, צי מאָרגן וועלן נישט אַנדערע שלעפּן מיין קערפּער אויף דעם זעלבן מיסט־וואָגן ?"...

ביז די נאַכט־שיכט קומט אָן אין פאַבריק, ווערט דער וואָגן מיט די מתים נאָך שווערער... דעם סאַניטאַר האָבן זיך ביידע סקעלעטן אַראָפּגעגליטשט פון די אַקסלען און געבליבן ליגן פאַרגליווערטע אויפן

שניי... מעלדנדיק דעם קאָמאַנדאָ-פירער, שענקט ער די טויטע עטלעכע פעסטע קאָפּעם מיטן באַנעגלטן שטיוול און באַפעלט:

— אויפן וואָגן אַרויף און נאָטיר זייערע נומערן!

מיט סכנות־נפשות דערשלעפּט זיך די נאַכט־שיכט און בלייבט שטיין פאַר א גרויסן־טויער — פאַרן אַריינגאַנג אין פאַבריק.

דאָס טויער ווערט געעפנט פון באוואָפנטע מענער אין גרינע מונדירן. זיי רופן זיך: „ווערק־שוץ“. ווען ס'טויער עפנט זיך, זעט מען פאַר זיך וסמנים פון א גרויסן וואַלד אויף א באַרג, וואָס איז אינדערמיט אויסגעהאַקט געוואָרן צו מלחמה־צוועקן. אָבער ביים זוים, ארום און ארום שטייען נאָך שלאַנקע סאָסנעס, וואָס זילבערן זיך אין לבנה-ליכט און צופוסנס זייערע שטאַמען זעט מען נאָך פּלעקלעך גרין גראָז, פייכט פון צעגאַנגענעם שניי.

די „ווערקשוצלער“ קומען אנטקעגן מיט עלעקטרישע לעמפּלעך. זיי ציילן געגוי איבער דאָס ביסל קרבנות, וואָס דאַרפן דאָ מקריב זיין צוועלף שעה לעבן.

נאָכן איבערציילן, ווערט יעדער געפאַנגענער שטרענג באזוכט, צי ער פירט נישט אריין אמאָל א קעגנשטאנד צו באקומען ביי די אריער עטלעכע גראַם ברויט...

ערשט נאָך די שטרענגע אונטערזוכונגען, ווערן די געפאַנגענע אריינגעפירט אין טויער. זיי מאַרשירן פאַרביי די „בונקערס“, ווו די נאָכמיטאָג-שיכט געפינט זיך נאָך אינעווייניק, אָנגעטאָן אין פאַר-שידנפאַרביק-איינגעפּולווערטע אַרבעט־קאָמבינעזאָנס.

ווען די אויגן פון די יידישע געפאַנגענע באַגעגענען זיך, איז די ערשטע פראַגע:

— וואָס איז אויף „פּאַסונג“?

— טרוקן ברויט. דער טראַנספּאָרט מאַרגאַרין איז נאָך אַלץ נישט אנגעקומען.

אין עטלעכע מינוט ארום שפּייען די „בונקערס“ אויס די נאָכמיטאָג־שיכט און שלינגען איין די נאַכט־שיכט. א מינוט ווערט די צענטראַל־באַהייצונג באַפאַלן, ווי פון היישעריקן, פון אויס־געפרוירענע פינגער. ווער ס'האָט שוין נישט קיין פּלאַץ, לייגט די הענט ארויף אויף יענעמס פּלייצע, וואָס וואַרעמט זיך. פון די פייכטע קליידער זעצט א פּאַרע, וואָס שמעקט מיט קאַזאַרמע-לופט.

באַלד הייבט א סירענע אָן וואָיען. די געפאַנגענע שפּרינגען אַוועק פון דער באַהייצונג. יעדער זעצט זיך, אָדער שטעלט זיך אַוועק

אויף זיין פּלאַץ. „קאַפּאָס" לויפן ארום קאָנטראָלירן, צי אַלץ איז אין אָרדענונג און די ארבעט הייבט זיך אָן.

די ערשטע פערלמוטערנע-לעפל זענען שוין אריינגעקראָכן אין פּולווער־פּאַס, וואָס איז איינגעפּאסט אין טיש. אין דער לופט שוועבן שוין די רויטע און זילבערנע וואָלקנדלעך שטויב, וואָס מאַכן ניסן און הוסטן די מענער און די פרויען ביי די אויסגעזעצטע טישן, וואָס זיצן און וועגן ביי קליינע וואָגלעך טויזנט גראַם פּולווער, צו פּאַברי־צירן א פּארניכטונג־שטאָף...

ווי שעדלעך דער פּולווער איז פאַר דעם געפאַנגענעמס לונגען, פילט ער זיך אין דער פאברייק גליקלעכער, ווי אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. זיין אויסגעפרוירענער קערפּער קוויקט זיך מיטן ביסל ווארעמ־קייט אין פאַבריק. די צענטראַלע באַהייצונג לאָזט זיך פילן אפילו פון דער ווייטנס, די גרויסע לאָמפּן אין די ווייסע באַניעס רייסן אויף די מידע אויגן — פאַרחלש'טע נאָך שלאָף... דער שטול איז באַקוועם, האָט אַן אָנלען, צו וועלכן דער געפאַנגענער איז שוין נישט צוגע־וווינט. אָט דער אנלען ווערט אין זיינע אויגן א שטיק פון א היים און ער אליין — אַן אבר פון א באַפרייטן מענטש, וואָס ליגט דערויף... קעגנאיבער א מאַן זיצט א יונג מיידל און וועגט. ווי אויסגעפּייניקט דער „ער" און „זי" זאָלן נישט זיין, פלעמלען דאָך די אויגן פוןביידע, ווען זייערע בליקן באַגעגענען זיך... איינער איז פאַרן צווייטן א דערמאָנונג פון פריוואַטן, פרייען לעבן... אן אָפּ־שפּיגלונג פון א באַגעגעניש צווישן מאַן און פרוי... אַז איבערן קאָפּ שטייען נישט קיין דייטשע וואַכמייסטערס, רעדט אַזאַ א פּאָרל אמאָל א וואָרט אויך אַרוים... טיילמאָל הוסט דער „ער" אוים א קאָמפּלי־מענט, וואָס רויטלט די בעקלעך פון מיידל:

— אוודאי בין איך אַמאָל געווען שיין!... — זיפצט דאָס מיידל און פאַרטראַכט זיך.

אין יעדן „בונקער" ארבעטן אויסער יידן, אויך רוסן, פּאָליאַקן און טשעכן.

די ארבעט קומט פאָר אין דער שטיל. דאָס וועגן מאַכט נישט אַן קיין גערויש. דאָס מעסטן די פּארטיקע צינד-קערפּער, גרויס, ווי גלעזער אָן א דנאָ, מאַכט נאָך ווייניקער טומל. דער איינציקער גערויש קומט פון רעדל.

דאָ שטייט א מענטש און פירט אריין אויף שמאָלינקע שינעלעך אַן אייזן-וועגעלע, וועמענס צוועלף לעכער זענען אָנגעשיט מיט פּול־

ווער. דאָס וועגעלע ווערט דורכן רעדל אַרייַנגעפירט אין א קליין, שמאָל טונעלעכל און צוויי טירעלעך פאַרמאַכן זיך. און אָט פון דעם טונעלעכל ווערט דאָס וועגעלע ווידער ארויסגעפירט מיט פאַר־טיקע צינד־קערפּער, וואָס דינען ווי אן אויפרייס־מאַטעריאַל צו האַנט־גראַנאַטן.

מיטן אַרייַנפירן און אַרויספירן דאָס אייזערנע וועגעלע פון טונעלעכל, ווערט פאַרטיק א „פּרעסע", וואָס דער רעדל־דרייער פאַרצייכנט אויף א טאָוול.

יעדער „בונקער" האָט צוויי וועגעלעך, צוויי איינריכטונגען. די גאַנצע איינריכטונג רופן די דייטשן אויך „פּרעסע".

די „פּרעסע" איינס און צוויי געפינען זיך אין ערשטן „בונקער", וואָס איז דער באַרימטסטער אין פאַבריק. דאָ שלאָגט מען דעם רעקאָרד פון שנעלקייט. דאָ אַרבעטן עטלעכע רוסן, וואָס וואַרפן אמאָל בגנבה צו א שטיקל ברויט. דאָ אַרבעט א טשעכישע שיינהייט, א פּראָפעסיאָנעלע טענצערן. אַלע קענען איר נאָמען: וולאַסטאַ זאַרו־באָווא. אַלע קאָמאַנדאָ־פירער זענען אין איר פאַרליבט. און צוליב דעם, וואָס זי איז אַ גרויסע יידן־פריינדן, זענען זיי נישט אַזוי שטרענג צו די יידן אין איר אָנוועזנהייט. ערשט אויפן וועג, אהיים־גייענדיק, נעמען זיך די וואַכמייסטערס אָפּ די קלעפּ, וואָס זיי האָבן יידן איינגעשפּאָרט אין דער אָנוועזנהייט פון דער טשעכישער טענצערן.

אין „בונקער" איינס שלאָפט איצטער דער וואַכמייסטער, אָנגע־לענט דעם קאָפּ אויף דער ביקס, מיט אן אויסגעלאָשענער פּייקע אין מויל. אין „בונקער" איז שטיל. פון דרויסן טראָגט זיך אַריין דאָס ריטמישע סאָפּען פון דער עלעקטראָוועניע. עפנט ווער די טיר, כוואַליען זיך פאַרן אויג אַדורך ווייסע פאַסמעס רויך, וואָס וויקלען זיך ארויס פון די גרויסע הימלקראַצערישע קוימענס און שוועבן אוועק אין דער באַזילבערטער נאַכט אַריין.

דער „קאַפּאָ" קאַטהאַמער, א דייטשער ייד מיט א מעפּיסטאָ־נאָז, טראָגט א פעלצל מיט אַ שאַלאָוון קאָלנער, א פּאָר שיך מיט לעדערנע גילזן, דרייט זיך ארויף און אראָפּ אין בונקער. מיטן ריטל אין דער האַנט גיט ער דאָ און דאָרט א שמיץ א טיש, אָדער א קעסטעלע אויפצוועקן די יידישע אויגן, וואָס קלעפּן זיך צו פאַר שוואַכקייט, מידקייט און הונגער...

ער, קאַטהאַמער, איז דער קראַנקסטער צווישן די „קאַפּאָס", דאָך

זענען אים אַלע מקנא, ווייל ער קען זיך קויפן מעדיקאַמענטן פאַר אייגן געלט.

א ווײלע שטעלט זיך דער „קאַפּאָ“ אָפּ ביים רום סערגיי, וואָס פאַרשטייט אביסל דייטש, כאַפּט מיט אים א וואָרט, א וויץ און דערנענטערט זיך צו דער טשעכישער טענצערן. ער שטופּט איר אריין א שטיקל שאָקאָלאַדע פאַר א שמייכל... פאַר דער שאָקאָלאַדע האָט ער געצאָלט גאָלד, אָבער איר שמייכל איז אים ליבער, ווי דאָס פאַרשטעקטע גאָלד, וואָס האָט זיין לעבן אריינגעוואָרפן אין אן אומרו... די יידישע מיידלעך, וואָס זיצן נעבן דער טשעכישער טענ־צערן, פאַרמאַכן די אויגן נישט צו זען דאָס, וואָס קרענקט און באַליידיקט אַזוי טיף... און זיי זעען דאָס נישט צום ערשטן און נישט צום לעצטן מאָל...

ביי דער „פּרעסע“ איינס שטייט דער רום סערגיי ביים רעדל. ביי דער „פּרעסע“ צוויי — דער ייד מענדל וויסבערג.

מענדל וויסבערג, א היימישער בעקער-יונג, רעכנט זיך דער שטאַרקסטער אין דער קאָמאַנדע. זיינע באַקן האַלטן נאָך אויף די היימישע געזונטע פאַרב, זיינע שוואַרצע אויגן — דעם פלאַם און גלויבן פון א מענטשן, וואָס גייט איבער אַלע שטרויכלונגען פון לעבן מיט א פעסטן טראָט. אפילו ביי די יעקעס רופט ארויס דער פעסטער ברונעטער דרייסיק יאָריקער יונג צוריקגעהאַלטנקייט און זעלטן-ווער לייגט אויף אים א האַנט.

איבער דער גאַנצער „שיכט“ זענען דער רום סערגיי און מענדל וויסבערג די איינציקע, וואָס ווייזן ארויס אַביסל פריילעכקייט. דער רום הייבט אָן א רוסיש ליד מיט נישט קיין אויסגעשולטן באַריטאָן און מענדל וויסבערג כאַפּט דאָס ליד אונטער מיט התלהבות, ווייל ס'איז א רוסיש ליד... א ליד פון די איינציקע, וואָס וועלן קומען באַפרייען.

— סערגיי, וויפיל „פּרעסעס“ האָסטו שוין אריינגעיאָגט ? — פרעגט וויסבערג אויף פויליש און מיינט, אז ס'איז רוסיש.

— קוים הונדערט-פופציק. איך וויים, אז דו קענסט מיר נישט נאָכקומען, ברודערל.

— דער קאָמאַנדאָ-פירער האַנס פעטערמאַן, רייסט האסטיק אויף די טיר און מיט אומרואיקע, צאַפּלדיקע אויגן שרייט ער אוים :

— שנעלער, שנעלער, זויבער מאַכן ! אַלץ מוז דאָ בלאַנקען. א קאָמיסיע ! א קאָמיסיע !

דער וואַכמייסטער, וואָס האָט געדרימלט איבער דער ביקס, וועקט זיך אויף פון די גוואַלדן. ער הערט דאָס וואָרט „קאָמיסיע“, כאַפּט ער זיך אָפּפּוצן די שטיוול. דער קאָמאַנדאָ-פירער קעמט זיך איילנדיק, זעצט זיך דאָס היטל בעסער ארויף אויפן קאָפּ, עס שווינדלט אים פאַר די אויגן. די צענדליקער הענט, וואָס פּוצן די טישן, שפּריצן דעם באָדן מיט וואַסער, לויפן מיט באַרשטן אהין און צוריק. דער וואַכמייסטער יאָגט אונטער. דער „קאַפּאָ“ שרייט:

— שנעלער, שנעלער!

אין עטלעכע מינוט ארום איז דער „בונקער“ אין אָרדענונג. אַלע זענען ווידער אויסגעשטעלט און אויסגעזעצט ביי דער ארבעט.

די טיר ווערט פון דרויסן פלוצלונג אויפגעריסן. אן אונטער־אָפיציר בלייבט שטיין אין א פּאַראַדנער פּאָזע, עס באַווייזט זיך א דייטשער אויבער-לויטנאנט. א הויכער, אָנגעגאָסענער מאַן מיט א בויך, מיט א גאַמבע טאָפּלטע גוידערס. אויף א קרומער נאָז — א פּאָר ברילן מיט שוואַרצע ראַמען. ביי זיין רעכטער האַנט — דער באַטריבס-לייטער, ביי דער לינקער — דער שיכט-לייטער. הינטער זיי — א גרופּע אונטעראָפיצירן, יונגע און פרעכע פּנים׳ער.

דער קאָמאַנדאָ־פירער שפּרינגט אנטקעגן און מעלדעט:

— הער אויבער-לויטנאַנט! די נאַכט-שיכט ביי דער ארבעט, אַלץ אין אָרדענונג!

דער „קאַפּאָ“ רוקט זיך ארויס אן איבערגעשראָקענער און מעלדעט:

— הער אויבער-לויטנאַנט! איך מעלדע געהאָרזאַם — זעקס הונדערט יידן ביי דער ארבעט. די „לייסטונג“ — צופרידנשטעלנדיק.

— די „לייסטונג“ זאָגסטו, איז צופרידנשטעלנדיק. וויפל „פרעסעם“ גיט ארויס די נאַכט שיכט?

— פיר הונדערט, הער אויבער-לויטנאַנט! אָט איז דאָס קאָנטראָל-בוך.

— וואַ־אַס? פיר הונדערט „פרעסעם“ — א נאַכט שיכט און דו מעלדעסט מיר: די „לייסטונג“ איז צופרידנשטעלנדיק!! דו ווערסט ביי מיר דערשאָסן ווי א הונט, מענטש! פאַר די יידן איז דאָס צופרידנשטעלנדיק, אָבער נישט פאַר אונדז. זעקס הונדערט „פרעסעם“ מינימום פון היינט און ווייטער. קאָמאַנדאָ-פירער! זי מוזן די לויטע אונטעריאָגן! וואַכמייסטער, די שווייגען אונטעריאָגן! „קאַפּאָ“, דו ביסט מיר פאַראַנטוואָרטלעך.

— אָבער, הער אויבער־לויטנאַנט, די לויטע קראַפּירן דאָך פון הונגער!...

— זאָלן זיי קראַפּירן, וועלן קומען אנדערע יידן. מיר האָבן די שייסע געַנוג פון גאַנץ אייראָפּע. כאַ־כאַ! וואָס האָט איר געוואָלט, איך זאָל געבן צו פרעסן און אונדזערע סאָלדאַטן לאָזן הונגערן אויפן פראָנט? קיין וואָרט מער! קראַפּירן און זעקס הונדערט „פרעסעס" מוזן זיין! פאַרשטאַנען?

די יידן זענען געבליבן זיצן און שטיין, ווי באַרוישט. מען האָט געהערט אָפּגייענדיקע טריט פון דייטשע שטיוול און די טיר האָט זיך האַסטיק פאַרקלאַפּט.

מענדל ווייסבערג איז געבליבן שטיין מיטן רעדל אין האַנט, ווי פאַרגליווערט. זיינע אויגן, אויפגעריסענע, האָבן געקוקט צו דער טיר, דורך וועלכער דער אויבער־לויטנאַנט איז אַרויסגעגאַנגען... דער אויסדרוק: „קראַפּירן און זעקס הונדערט „פרעסעס" מוזן זיין!" האָט אינגאַנצן אָפּגענומען דעם כוח פון זיינע הענט. דער אויסדרוק האָט זיך, ווי אַ פליג אַריינגעריסן אין זיין מוח און זשומעט, זשומעט...

זיין בליק פאַלט אויפן אייזערנעם האַמער, וואָס ליגט אויפן טישל אַריינצוקלאַפּן די אייזערנע קלינקעס... פאַר זיינע אויגן באַוועגן זיך צוויי פיגורן: דער געלער וואַכמייסטער מיטן ציניש שמייכל: „שנעלער, זעקס הונדערט פרעסעס!" און דער קאַפּאָ, וואָס גלעט מיטן ריטל איבערן פנים: „לאָמיך צוליב אייך נישט דאַרפן ליידן". אים דאַכט זיך, אַז אָט־אָט כאַפּט ער דעם האַמער און שפּאַלט וועמען פון די צוויי דעם קאָפּ... ער האָט אַליין נישט געקענט פאַרשטיין, וועלכער אויסגערעכנטער געדאַנק האַלט אים אָפּ...

— שנעלער וועגן, שנעלער מעסטן, שנעלער דרייען ביים רעדל! — שרייט דער וואַכמייסטער.

— ווייסבערג שלאָפט היינט — שרייט דער קאַפּאָ.

ווייסבערג קוקט אַריבער צום רוסישן רעדלער. אויף שטום־לשון גיט ער אים צו פאַרשטיין, אַז ער וועט דרייען נאָך לאַנגזאַמער. דער רוס גלעט זיך די ברוסט, ווייזנדיק, אַז ער האָט נישט קיין מורא.

— איר האָט געהערט? קראַפּירן און זעקס הונדערט „פרעסעס" מוזן זיין! — האָט אַ יונג מיידל אַ זיפץ געטאָן, זיך געריבן דעם שטערן פון פאַרצווייפלונג.

— באַוועגונג, באַוועגונג! — האָט זיך דער „קאַפּאָ" אַרומגעדרייט און די ווייבער געשטויסן, ווי אָפּשטייענדיקע בהמות.

— ער זאָל האָבן מיין הונגער! — האָט א פרוי אויסגעשפּיגן פאַר האַרץ־חלשות.

מיטאַמאָל האָט זיך פון דרויסן דערטראָגן א סיגנאַל פון אן אָנפאָרנדיק עלעקטריש טראַנספּאָרט־וועגעלע. באַלד האָט זיך די טיר געעפנט און צוויי יונגע דייטשע מיידלעך, אָנגעטאָן אין גראַנאַ־טענע הויזן, פוטערנע קורצע זשאַקעטלעך מיט קאָפּ־טיכלעך אויף בלאָנד־פאַרשנייטע האָר, האָבן אריינגעבראַכט א גרויסע אלומיניום־קאַן.

די נישט־יידישע אויגן האָבן נישט דערזען די קאַן, נאָר די מיידלעך... די יידישע אויגן דאַקעגן האָבן געקוקט אויף דער קאַן, ווי א דורשטיקער, אויסגעשעפּטער מענטש קוקט אויף א פרישן קוואַל, וואָס קען דערקוויקן, נאָר מען קען צום קוואַל נישט צוקומען...

די דייטשע מיידלעך האָבן ארומגעטאַנצט צווישן די אריער, אריינגעגאָסן א ליטער הייסע מילך און יעדן צוגעטיילט עטלעכע וויטאַמין־צוקערלעך. זיי האָבן דאָס אויסגעטיילט מיט א פרייל־עכער מינע. זיי האָבן געלאַכט פון די קאָמפּלימענטן, וואָס מען האָט זיי געשאָנקען. זיי האָבן זיך אפילו געלאָזט א גלעט טאָן פון א געשטופלטן פּאָליאַק.

אז די מיידלעך האָבן פארבייגעפירט די קאַן פאַר ווייסבערגן, האָט ער מיט א געקינצלט שמייכעלע ארויסגערעדט:

— מיר האָבן זי, פריילן, פארגעסן!

— פאַר יודען מילך — פאַרבאָטן! — האָט דאָס מיידל דעם ענטפער ארויסגעלאַכט און פארקלאַפּט די טיר.

האָט דען ווייסבערג נישט געוווסט, אז פאַר יידן איז מילך פאַרבאָטן?... און דאָך, פאַרוואָס האָט אים דאָס מיידלשע געלעכטערל אזוי לאַנג געקלונגען אין די אויערן, נאָך לענגער געררישט אין קאָפּ?...

— דו אַרבעטסט אויך היינט, ווי א יידענע! — האָט זיך דער קאַפּאָ אָפּגעשטעלט ביי ווייסבערגן.

— וואָס דריקט מיר נאָך אָפּ די גאַל דער שטיוול־לעקער?...

ער האָט האַסטיקער אָנגעהייבן הרייען דאָס רעדל, נישט פאַר שרעק, נאָר פאַר אויפרעגונג, פאַר רציחה... און א מאָדנע זאַך, אין גערויש פונעם רעדל האָט דאָס געלעכטערל פון דייטשן מיידל ווידער אויפגעקלונגען אין זיינע אויערן: „פאַר יודען מילך פאַרבאָטן!...“

— זאָל איך, הייסט עס, בלייבן אַן עקלהאַפּטיק באַשעפעניש, אַרבעטן, ווערן געטרעטן, ווי אַ וואָרים און שווייגן?

זיינע אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויפן יונגסטן מיידל ביים טיש. ער האָט געזען אירע הענט שטעלן זיך לאַנגזאַם אָפּ. זי לייגט אַנידער דעם פּולווער-לעפל.

— איך קען נישט מער!... — זאָגט דאָס מיידל שטיל און איר יונגער קאָפּ מיט די צוויי ליכטיקע, שוואַרצע אויגן, פאַלט אַריין אין אירע אויסגעדאַרטע איינגעפּולווערטע הענט...

אַ שטורים פון אַ קאָלבע האָט זי אויפגעוועקט:

— זעקס הונדערט „פּרעסעס", קרויץ-דאָנער-וועטער נאָכאַמאָל!

— איך וויל דיר ווייזן אַ שלאָפן, פוילע קאַץ!...

דאָס מיידל האָט אַרויסגעכאַפּט דעם קאָפּ פון אירע הענט. איר פּנים האָט זיך פאַרקרימט פאַר ווייטיק, וואָס די קאָלבע האָט איר פאַרשאַפט. אין אירע אויגן האָבן זיך נישט באַוויזן קיין טרערן, נאָר וויסבערג האָט באַמערקט, ווי איר האַלדז שלינגט די טרערן... זי קען נישט אַרויסווייזן...

ער האָט זיך אַזוי איינגעגעסן מיטן בליק אין דעם מיידל, אַז זיינע הענט האָבן מעכאַניש אָפּגעשטעלט דאָס רעדל.

— און דו, גרויסער דענקער, וואָס שטייסטו און דענקסט? — האָט דער וואַכמייסטער אַ שטורים געטאָן וויסבערגן מיט דער קאָלבע.

וויסבערגס געדולד האָט געפּלאַצט. זיין קול האָט, ווי אַ פּאַסמע פייער געקנאַקט אין דער לופט:

— איך שטיי און דענק פאַר וועלכן פאַרברעכן קומט דעם יונגן מיידל נישט קיין ביסל הייסע מילך, אַזוי גוט ווי די אַרישע פרויען? פון וואָס, פרעג איך, זאָל זי האָבן כוח צו אַרבעטן? גיט איר כאָטש אַ שטיקל טרוקן ברויט, אַ שטיקל טרוקן ברויט!

אַ פּאַטש האָט אָפּגעהילכט. וויסבערג האָט דערזען אַ פלאַם פאַר די אויגן און דעם וואַכמסייטערס האַנט. נאָכדעם האָט אַ שטעקן אָנגעהייבן פאַלן איבער זיינע ביינער. דער „קאַפּאָ" האָט זיך מיט די קלעפּ געוואָלט פאַרענטפערן פאַרן וואַכמייסטער, וואָס אַ ייד רעדט אַ וואָרט, וואָס פּאַסט גיכער פאַר אַ מענטש, ווי פאַר אַ יידישן געפאַנגענעם.

— איצטער וועסטו ביי מיר קיין איין מינוט נישט רוען! — האָט דער וואַכמייסטער געשריגן אַן אויפגערעגטער.

— נישט אַנדערש, דער יונג איז משוגע געוואָרן! — האָט

דער קאַפּאָ שווער אָפּגעאָטעמט פון די קלעפּ, וואָס ער האָט ווייס־בערגן דערלאַנגט.

ווייסבערג האָט אנגעהייבן ארבעטן ווי א טייוול... דאָס רעדל האָט ער געדרייט מיט אַן איבערמענטשלעכער שנעלקייט, די אויגן זיינע אויפגעריסן פון א אינערלעכן באשלוס... זיינע ציין האָבן געביסן די אונטערשטע ליפּ. מיט אַ בליץ־שנעלקייט, האָט ער גע־כאַפּט די אנגעשיטע שאָפעלעך פולווער פון די וועגערנס, אַריינגעשיט אין די „פּרעסע“־לעכער און אַריינגעפירט איין „פּרעסע“ נאָך דער אַנדערער, מיט אַזאַ שנעלער־טעמפּאָ, מיט אַזאַ פארביסנקייט, אז דער וואַכמייסטער, ווי דער „קאַפּאָ“, האָבן זיך פון אים אַוועקגעשאַרט מיט צופרידענע שמייכלען. דער וואַכמייסטער איז ארויס אינדרויסן זיך אביסל איבערלופטערן, דער „קאַפּאָ“ איז אים נאָכגעגאנגען.

געזען, אז ביידע פיגורן זענען פארשוואונדן פון בונקער, איז ווייסבערג געוואָרן נאָכמער פעסטער ביי זיך... דאָס פייער פון האַס האָט זיך נאָכמער צעפלאַקערט אין אים... דער דורשט נאָך נקמה איז געוואָרן שטאַרקער פון מינוט צו מינוט. אין איין אויער האָט אים גערוישט: „קראַפּירן און זעקס הונדערט פּרעסעס מוזן זיין“. אין צווייטן: „מילך פאר יודען פאַרבאָטן“. דער הונגער האָט געפּיי־ניקט, געוואָרגן זיין האַלדז... געקלאַפּט אין די שלייפן, ווי מיט האַמערס... פאר די אויגן איז אים געוואָרן שווארץ... דער גאַנצער בונקער נעמט טאַנצן פאר אים... אלע טישן, אלע ארבעטער מיט די פּיס אינדערהויך... די „פּרעסע“־וועגעלעך זעט ער פאָרן אויפן סופיט... ער דערשפּירט מיטאַמאָל, אז דאָס, וואָס ער וויל מאַכן, איז שוין א געשעענע זאך... מ'דאַרף נאָר זיינע הענט דערצו... און ער שענקט זיי גערן צו דעם צוועק... נישט בלויז די הענט, נאָר דעם גאַנצן קערפּער. ער ציט אויס זיין גוף, ווי ער וואָלט גרעסער געוואָרן מיט א קאָפּ... פּלוצלונג גיט ער אַ שפּרונג צו דעם יונגן מיידל, רייסט ווילד ארויס דעם לעפּל פון אירע הענט, שיט אין די לעכער אריין נאָך פולווער... און איידער נאָך די ארומיקע אָריענטירן זיך, וואָס דאָ קומט פאָר, רייסט ווייסבערגס שטימע אויף די שטילקייט מיט אַן אויסגעשריי:

— אנטלויפט! איך... רייס... אויף!

האָבן צענדליקער הערצער אַ צאַפּל געטאָן... צענדליקער לעבנס איבערגעשראָקענע צום טויט האָבן אָנגעהייבן לויפן צו דער טיר... דאָס וועגעלע איז האַסטיק אַריינגעפאָרן און פּלוצלונג: טראַך!

טראַך ! טראַך ! אַן אויפרייס... אַ פלאַם זעצט אַרויס פון טונעל, דאָס וועגעלע פליט אַרויס פון טונעל, פון אַ מעכטיקער קראַפט געטריבן, אויפרייסנדיקביידע אייזערנע טירלעך און לאָזט זיך גאַלאָפּ אַראָפּ פון די שינעס, אַרויף אויף אַ קאַסטן, וואָס ווערט צעשמעטערט און צעשיט איבער דער פאָדלאָגע, טויזנטער, טויזנטער צינדקערפּערס צעשפּריצן זיך, ווי פונקען אין דער לופט... פון דעם טראַסק פּלאַצן די שויבן און הייבן זיך אַן קרישלען און פאַלן מיט אַ בראַזג אויפן שטיינערנעם דיל, ווו דאָס גלאָז ווערט אויף נאָך קלענערע שטיקלעך צעקרישלט און צעפליִען ווי אַ זילבער־שטויב.

דער אויפרייס האָט אָפּגעהילכט איבער דער גאַנצער פאַבריק. די טירן פון די בונקערס האָבן זיך אויפגעפּראַלט. דייטשע מייסטערס איז ווייסע שירצן האָבן אָנגעהייבן לויפן מיט לאַמטערנעס אין די הענט. די גאַנצע קאָמיסיע מיט איבערגעשראָקענע בליקן האָט גענומען לויפן מיט די עלעקטרישע לעמפּלעך אין די הענט. איבער־געשראָקענע טריט פון מיליטערישע באַנעגלטע שטיוול און שיך האָבן אַריינגעפּויקט אין אַספאַלט. ציטערנדיקע שטימעס האָבן גערופן, געלעכערט דאָס שוואַרצע נאַכט־קלייד.

— בונקער איינס, „פרעסע“ צוויי ! בונקער איינס, „פרעסע“ צוויי !

ווייסבערג איז געשטאַנען, ווי באַטויבט... ער האָט געהערט די טריט און די שטימעס, וואָס קומען פון דרויסן. ער האָט אינ־סטינקטיוו דערפילט די געפאַר, וואָס קומט אויף אים... דאָך האָט ער נישט געפילט קיין חרטה אויף זיין טאַט. אין קעגנטייל, דורך די גאַנצע דריי יאָר קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט ער איצטער צום ערשטן מאָל דערפילט אין זיך דעם ייד און קאָמוניסט.

די טיר רייסט זיך האַסטיק אויף און אַ מחנה הענט שטרעקן זיך אויס אין דער לופט. נערוועזע, צאָרנדיקע שטימעס שרייען פון אַלע זייטן :

— סאַבאָטאַזש ! סאַבאָטאַזש !

— ווער איז דאָ פאַראַנטוואָרטלעך ?

— איך — זאָגט ווייסבערג.

ווייסבערגן באַפאַלט אַ שרעק. פון אַלע זייטן שלאָגן צו אים פויסטן אין פּנים אַריין. אַ קאָלבע און נאָך אַ קאָלבע שטויסט אים אין האַרץ אַריין. דער קאָמאַנדאָ־פירער, האַנס פעטערמאַן שאַרט אַלע אין דער זייט, נעמט פון שטיוול אַרויס דאָס דינע ריטל, הויבט

עס אויף איבער ווייסבערגס קאָפּ און צעשרייט זיך מיט א פּאַר־קרומט פּנים:

— זאָלסט זאָגן ווער ס'האָט אויסגעפירט דעם סאַבאָטאַזש־אַקט!

— קאָמאַנדאָ־פירער, צוערשט אויספאָרשן, דערנאָך שלאָגן!

— ווייזט דער אויבער־לויטנאַנט מיט א פינגער.

א פייף שניידט אדורך די לופט, וואָס קומט פון קאָמאַנדאָ־פירערס פייפל.

— אַפּעל פון גאַנצן בונקער, יידן און אריער שטעלן זיך אויס ביי דער וואַנט! דו בלייבסט שטיין ביים רעדל!

אז אַלע האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעשטעלט ביי דער וואַנט, האָט דער קאָמאַנדאָ־פירער אויסגערופן צו ווייסבערגן:

— איצט זאָג מיר ווער פון זיי האָט דעם סאַבאָטאַזש אויסגעפירט!

— איך האָב דאָס געמאַכט! — איז ווייסבערג ארויסגעטרעטן און פעסט צוגעקלאַפּט די פיס אויפן מיליטערישן שטייגער.

עס איז א ווייַלע שטיל געוואָרן.

— דו? דו? — האָט דער אויבער־לויטנאַנט אים געשטאָכן מיט א פינגער אין פּנים אריין — זאָג, וועמען ווילסטו רייכוואַשן? קאַפּאָ, האָט ער נישט קיין געליבטע צווישן די יידישע ווייבער? דער סאַבאָטאַזש קען נאָר זיין געקומען פון א וועגערן, אָבער נישט פון רעדל.

דער וואַכמייסטער האָט זיך דערנענטערט און סאַלוטירט.

— הער אויבער־לויטנאַנט! איך מעלדע, דאָס יונגע מיידל האָט פריער געהאַט אוועקגעלייגט די ארבעט און דער רעדל־דרייער האָט געשריגן צו מיר כ'זאָל איר געבן מילך, אזוי גוט ווי די אַרישע פרויען...

— המ... דאָס איז מיר גענוג... כאַ־כאַ־כאַ! א ליבע אין א פּולווער־פּאַס...

באַלד איז זיין לאַכנדיק פּנים אויסגעקרימט געוואָרן. ס'איז געוואָרן פול מיט שווארצע שאָטנס. ער האָט זיך דערנענטערט צום יונגן מיידל:

— האָסטו געמאַכט דעם סאַבאָטאַזש?

— איך ווייס פון גאָרנישט, הער... הער...

— דו ווייסט פון גאָרנישט, דו שוואַרצע העקסע? מאַכט זי רײדן — האָט דער אויבער־לויטנאַנט געגעבן אַ געשריי.

האַנס פעטערמאַן האָט אויף דעם באַפעל געוואַרט... צוערשט האָט ער אויסגעשטרעקט זיינע צען פינגער. דאָס מיידל האָט אַ פאַר־ציטערטע געזען, ווי זיינע שפּיציקע נעגל ווילן איר קריכן אין פּנים אַריין... און באַלד האָבן צוויי הענט אָנגענומען איר קאָמבינעזאָן אויבן ביים האַלדז און אים אַראָפּגעשיילט ביז צו די פיס. דאָס מיידל איז געבליבן שטיין אין אַ רויט, זיידן קליידל, דאָס איינ־ציקע וואָס איז איר נאָך פאַרבליבן פון איר רייכער, גליקלעכער היים. האַנס פעטערמאַנס ליפּן האָבן זיך ווידער פאַרקרימט, זיינע צען פינגער האָבן זיך אויסגעשטרעקט און מיט נאָך מער ווילד־קייט און פאַרביסנקייט האָט ער דעם מיידל אַראָפּגעריסן דאָס זיי־דענע קליידל צוזאַמען מיט איר העמד. אַ יונגע ברוסט, אַ נאַקעטע, אַ ווייסע, וואָס האָט זיך פאַר הונגער צוריק איינגעגראָבן אין מיידלשן לייב אַריין, איז הענגען געבליבן אין אַלעמענס אויגן. אַ ריטל האָט אַ פייף געטאָן אין דער לופטן און באַלד נאָכדעם האָבן שמיץ און שרעקלעכע מיידלשע קולות פאַרטויבט די לופט אַרום. דאָס מיידל איז פאַר שוואַכקייט געפאַלן פון די פיס. האַנס פעטער־מאַן האָט זי ביי די אויערן אויפגעשטעלט און ווייטער געשמיסן...

האָט זיך ווייסבערג אַ ריס געטאָן פון אָרט, ער איז ווילד צוגע־שפּרונגען צום יונגן מיידל, מיט זיין קערפּער פאַרשטעלט איר צע־פּאַסעוועט לייב:

— איך שווער אייך ביי אַלעם, וואָס איז מיר הייליק און טייער! איך שווער אייך ביי דער פרייהייט, אז דאָס מיידל איז אומשולדיק. דעם סאַבאָטאַזש-אַקט האָב איך אויסגעפירט!

— דו? פאַרוואָס? — קוקט אויף אים דער אויבער־לויטנאַנט מיט פאַרזשמורעטע אויגן.

— פאַרוואָס? — קלאַפּט זיך ווייסבערג אין האַרץ אַריין

— פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל מיר שטאַרבן אויס איינציקווייז פאַר הונגער און קעלט! דערפאַר ווייל מיר ווערן אויפגעפרעסן פון די לייז... דערפאַר, ווייל יעדער וואַכמייסטער, וואָס קומט צוריק פון אוישוויץ, לאַכט אונז מיט איראָניע אין פּנים אַריין: „אַ גרוס פון דיין מוטער, כ'האָב זי געזען שפּאַצירן אויפן אוישוויצער קוימען"... נו, ווונדערט איר זיך, וואָס צווישן אַזויפיל טויזנטער כאַפּט זיך אַרויס איינער, וואָס וויל נישט שטאַרבן שטומערהייט?... איך זאָג

אייך ס'איז דאָ אַ האַנט פון נקמה! — האָט ווייסבערג זיך אײנגאַנצן געוואָרפן, ווי מיט צעטרייסלטע נערוון.

ער האָט נישט געענדיקט, ווייל ווייסבערגס קערפּער האָט וועך געוואָרפן איז ד'ערד און האַנס פּעטערמאַנס ריטל האָט לאַנג, ביז חלשות, געריסן די הויט פון זיין נאַקעטן שאַרבן...

*

צוזאַמען מיטן אויפגייענדיקן טאָג, איז די נאַכט-שיכט צוריקגעקומען אין קאָנצענטראַציע לאַגער אריין. די געפאַנגענע האָבן אויסגעזען ווי צוריקגעקומענע פון סיביר, פון קאָפּ ביז פיס אײנגעהילט אין שניי.

פאָרויס האָט זיך געגליטשט דער שליטן מיט די ליידיקע קעסלען. אויף די קעסלען — עטלעכע שווערע קראַנקע. דאָס מיידל, וואָס איז געוואָרן געשמיסן אלס מיטבאַשולדיקטע אין סאַבאָטאַזש און פון פאָרנט — מענדל ווייסבערג מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ...

ביים טויער איז שוין געשטאַנען אַ דייטשע קאָמיסיע אויפצונעמען די סאַבאָטאַזשניקעס. דער „וואַכהאַבנדער" קראַוזע, אויסגעפּוצט ווי צו אַ פּאַראַד, אין פּעלצל, מיטן ווייסן שאַלאָוון קאָלנער. די רויטע וואָנסעס — אַרויפגעדרייט, ווי שרויפנציערס, מיט אַ ציגאַר אין פּיסק. איין אויג, דאָס לינקע, פאַרמאַכט; דאָס רעכטע אויג — אָפן און בליצנדיק שאַרף ווי אַ פייל... הינטער אים — אַ גרופּע פון יונגע ס. ס.־מענער אין שווערע, פּילצענע ווינטער־שטיוול, אַז זיי קענען קוים אויפהויבן אַ פוס.

די נאַכט-שיכט מאַרשירט אריין אין טויער. די יידן, וואָס רייניקן דעם שניי, דרייען מיט די הענט אַ רעדל. זיי ווייזן, אַז מען ווייסט שוין אין לאַגער, וואָס אין פאַבריק איז פאָרגעקומען. די געפאַנגענע ווערן אויסגעשטעלט צו דריי, זיי ציילן איבער און דער „קאַפּאָ" טרעט ארויס און מעלדעט:

— הער וואַכהאַבנדער, איך מעלדע אַ סאַבאָטאַזש-אַקט, פאָרגעקומען אין בונקער איינס. „פּרעסע" צוויי, אויסגעפירט דורך נומער 72,832 נאָמען מענדל ווייסבערג, מיטבאַשולדיקט — 72,820, פריילן העלען לויפער. צו דעם צוועק זי מיטגעבראַכט אין מענער לאַגער.

אַ פייער פון האַס האָט אויפגעפלאַמט אין וואַכהאַבנדער קראַוזע. ער האָט אויסגעשפּיגן דעם ציגאַר, זיך אַ ווײלע גענומען רייבן די הענט און באַלד אויסגערופן:

— נומער 72,832, אַרויסטרעטן!

מענדל ווייסבערג איז אַרויסגעטראַטן ווי אַ מיליטער־מאַן. באַטש זײַנע אויגן האָבן אַ בליץ־געטאָן, ווי ביי אַ טויט־פאַראור־טיילטן, ווען מען רופט זיין נאָמען און דאָס בלוט פון פּנים איז אים אָפּגעלאָפן, האָט ער דאָך מיטן גרעסטן מוט, וואָס אַ מענטש קען אַרויסווייזן אין אַזאַ מאָמענט, זיך גלייכגעשטעלט מיט אַן אויפגע־הויבענעם קאָפּ.

אַ היפּשע ווײַלע האָט דער וואַכהאַבנדער מיט בייזע, בליצי־קע אויגן אָנגעקוקט ווייסבערגן, וועמענס האַלטונג און רואיקייט האָט אים צעטומלט.

— דו ביסט זיך מודה אין סאַבאָטאַזש?

— יאַוואָל, וואַכהאַבנדער!

— ווייסט, וואָס דיך דערוואַרט?

— יאַוואָל וואַכהאַבנדער!

— האָסט נישט קיין מורא פאַרן טויט?...

— ניין, וואַכהאַבנדער!

— שטיינבלייבן!

— נומער 72,820, אַרויסטרעטן!

אַ יונג מיידל, וואָס האָט איבערן וועג פאַרלוירן איין האַלץ־שוך, די קליידער אויף איר קערפּער צעריסן, דאָס קאָפּ־טיכל איינ־געשמירט אין בלוט... איז אַ הינקענדיקע, אַ וויינענדיקע צוגעקומען צום וואַכהאַבנדן.

ביים וואַכהאַבנדן זענען די אויגן געוואָרן גרעסער, אָנקוקנדיק דאָס מיידל.

ביים מיידל איז דאָס לשון אָפּגענומען געוואָרן פאַר שרעק...

— ביסט זיך מודה אין סאַבאָטאַזש?

— איך בין אומשולדיק, — האָט דאָס מיידל אַרויסגעוויינט און זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט אירע הענט.

— נעמט איר אַראָפּ די הענט! — האָט זיך דער וואַכהאַבנדער געווענדעט צו די יונגע ס.ס.-מענער, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט.

— יידנעלטסטער!

דער יידנעלטסטער שטייט שוין אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע.

— צום באַפעל, הער וואַכהאַבנדער!

— זאָפאָרט אַן אַפּעל פון דער גאַנצער מאַנשאַפט!

דריי פייף פון יידנעלטסטנס פייפל, דריי פייף פון צענדליקער קאפּאָס פילן אָן דעם יונגן פרימאָרגן מיט א טויט-שרעק.

דער קאָנצענטראַציע-לאַגער, מיט אַ מינוט פריער שטיל, ווי אין א הקדש, וווּ מענטשן שטאַרבן אייביקווייז, איז אין א מינוט ארום פארוואַנדלט געוואָרן אין א קאַזאַרמע, וווּ טויזנטער פאָר פים לויפן אויספירן א באַפעל. פארן אויער ווירקט דער גערויש, ווי א שטילער וואַלד וואָלט מיטאַמאָל געוואָרן אויפגעשטורמט. טויזנטער הענט, ווי קאַלטע ווינטער-צווייגן, צאַפּלען אין דער לופט. איבערגעשראָקענע קולות שאַרעווען, ווי אַ וואסער-פאַל וואָלט פון אַ הויכן טורעם אַראָפּגעשפּרונגען. אויפן אַפּעל-פּלאַץ און מיטגעשלעפּט ווייס-בלויע געשטרייפטע קליידער, אראָפּגעצויגן פון מענטשלעכע גופים, וועמענס לעבענס ליגן שוין פארזונקען אין מויל פון שוואַרצן תהום...

די גאַנצע מאַנשאַפט איז אויסגעשטעלט צו דריי; מענדל ווייסבערג און דאָס יונגע מיידל שטייען אויסער די רייען און אויף זיי זענען אָנגעהאַנגען די אויגן פון אַלע געפאַנגענע. אַלעהערצער קלאַפּן מיט א מורא פאַר זייער לעבן.

— דאָס גאַנצע, שטילגעשטאַנדען! — דונערט דעם וואכהאבנדערס שטימע.

אַן אָפּהילך פון טויזנטער פּאָר האָלץ-שיך.

— דאָס גאַנצע, הענט-הויך!

אויפן אַפּעל-פּלאַץ איז פינצטער געוואָרן פון די אויפגעהויבענע הענט. אַ טויטע שטילקייט הערשט ארום און ארום.

— געפאַנגענע פון דער פאַרברעכערישער ראַסע! האָט איר אַלע געהערט וואָס עס איז די נאַכט פאָרגעקומען אין פאַבריק? — ריטשעט די שטימע פון וואַכהאַבנדער — א ייד האָט געוואַגט אויסצופירן א סאַבאָטאַזש-אַקט און ער האָט די חוצפּה זיך מודה צו זיין אין זיין פאַרברעכן. נעמט זיך אַלע א ביישפּיל אין זיין טויט! האַנס פּעטערמאַן, דו פאַרנעמסט זיך מיט דער עקזעקוציע. די יידישע קאַפּאָס גרייטן זאָפאָרט די תליה! אויפשטעלן אין פראָנט פון וואַש-באַראַק! און איצטער צו אייך, איר פאַרשאָלטענע יידישע פרויען! ווייסט איר, אַז אייערם אַ שוועסטער, האָט זיך מיטבאַטייליקט אין סאַבאָטאַזש? ווייסט איר, אז איר חתן, דער העלד ווייסבערג, האָט פאַר איר פאַרלאַנגט מילך, אזוי גוט ווי פאַר די אַרישע פרויען? כאַ-כאַ-כאַ! מילך האָט ער פאַרלאַנגט, אין א צייט, ווען יידישע זויג-קינדער באַקומען גאַז-פּלעשלעך. פרויען, נעמט אייך

אַלע אַ ביישפּיל אין דעם טויט פון אייער שוועסטער! האַנס פּעטערמאַן, די געליבטע זיינע הענגסטו מיר אויף אנטקעגן אים. מוזיק וועט נאָך פעלן, ווען זייערע טויטע קערפּערס וועלן אָנהייבן טאַנצן אויף די שטריק...

די ס.ס.-מענער האָבן זיך צעלאַכט.

— כאַ-כאַ-כאַ!

— איך בין אומשולדיק! אומשולדיק! — האָט זיך דאָס יונגע מיידל ווילד צעשריגן, רייסנדיק איר קאָפּ־טיכל.

די מאַסע מיט די אויפגעהויבענע הענט האָט זיך אַ וויג געטאָן ווי אַ וואַלד, וועמען אַ בייזער שטורעם-ווינט האָט אַ בלאָז-געטאָן איבערן קאָפּ. עס האָט זיך געהערט אַ שושקעריי פון טויזנטער ליפּן, וואָס האָבן פּראָטעסטירט און מיט אָפּקלאַנגען פון רעוואָלט פול געמאַכט דעם אַפּעל־פּלאַץ. עס האָט אויסגעזען, אַז אָט אָט וועט די מאַסע ווילד... און וועט אויפרייסן, ווי אַ ווולקאַן און אָנהייבן שפּייען מיט פייער און האַס, וואָס וועט אַלץ און אַלעמען פאַרברענען.

דער וואַכהאַבנדער האָט דאָס באַמערקט.

— שווייגן! — האָט ער געדונערט — ווער פון אייך באַוועגט זיך, ווערט אַרויסגעשלעפּט פון דער רייע און אויפגעהאָנגען!

עס איז געוואָרן שטיל ווי אויף אַ בית-עולם...

אַ קאַפּאָ איז געקומען מעלדן:

— הער וואַכהאַבנדער, די תליה איז גרייט!

— זאָפאָרט צו דער ארבעט פּעטערמאַן!

אויף אַ ווונק פון וואַכהאַבנדן, האָבן די ס.ס.-מענער געוואָלט צופירן ווייסבערגן צו דער תליה, ער האָט זיי אָפּגעשטויסן!

— איך קען אַליין גיין!

אָבער אַ ביסל שווערער איז צוגעגאַנגען ביים יונגן מיידל. ווען מען האָט זי געוואָלט אונטערפירן, האָט זיך איר שלאַנקער קערפּער געגעבן אַ בייג, ווי אַ יונג צווייגל. אירע פיס האָט זי, ווי אַ בוים זיינע וואָרצלען, איינגעגראָבן אין דער ערד. איר קול, ווי אַ פלאַם פייער, האָט געברענט אין דעם ווייס שנייאיקן פּרימאָרגן:

— איך בין אומשולדיק! אומשולדיק!

דער עולם האָט געקוקט און געזען, ווי פּעטערמאַן האָט זיך אָנגעטאָן אַ פּאָר שוואַרצע הענטשקעס. זיינע צען שוואַרצע פינגער זענען ווי שלאַנגען ארומגעקראָכן ארום ווייסבערגס האַלדז... ער האָט דאָרט פאַרשלייפט די פּעטליע...

— קענסט זאָגן דיינע קאָלעגן א גוטן טאָג ! — האָט דער וואַכ-האבנדער איראָניש געזאָגט.

מענדל ווייסבערג האָט אויסגעדרייט זיין קאָפּ צו דער מאַסע. ווי שטאַרק ער האָט געוואָלט זיין אין דער לעצטער מינוט, האָבן זיך צוויי טרערן, ווי פּערל געקייקלט איבער זיינע בלייכע באַקן... זיין מויל האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר אין דער קעל האָט זיך זיין וואָרט דערוואָרגן... מיט שוועריקייטן האָט ער ארויסגעברענגט:

— ווידער... שטאַנד... ברי...

ער האָט נישט פארענדיקט, ווייל דאָס פּנים פונם הענקער, האַנס פּעטערמאַן איז געוואָרן רציחהדיק רויט און זיינע שוואַרצע הענט האָבן אַרויפגעצויגן דעם קערפּער פון מענדל ווייסבערג. מען האָט געזען ארום זיין מויל זיך קרייזלען א וואָלקנדל פּארע... די לעצטע ווערטער פון א יידישן מארטירער זענען פארלוירן גע־גאנגען אין דער לופט... אָבער דווקא די נישט דערהערטע ווערטער האָבן געווירקט אויף דער מאַסע.

עס איז אנטשטאַנען א מומל, אז ס׳איז דעם עולם נישט מעג-לעך געווען איינצושטילן.

דער הענקער האַנס פּעטערמאַן האָט בשום אופן נישט גע־קענט פארלייגן די פּעטליע ארום דעם ווייסן האלדז פונם יונגן מיידל... זי האָט געשריגן מיט באַנומענע קולות, געגראַטשעט מיט די נעגל דעם הענקערס האלדז, געקאָפּעט מיט די פיס, געשפּיגן דעם טייוול אין פּנים אריין...

אָבער דאָך, ווי שווער דאָס שטיקל ארבעט איז אים אָנגעקומען, האָט דער עולם געזען ווי א יונגער מיידל־קערפּער גיט מיטאַמאָל אַן אַקראָבאַטיש שפּרונג אויף א שטריק... ווער ס׳האָט געזען איר בליק אויף דער תליה; ווער ס׳האָט געהערט איר קול: „נקמה!“ וועט שוין קיין רו נישט האָבן זיין גאַנץ לעבן...

פּאַריז, דעצעמבער 1945.



# דער וואָלף־הונט

ווען דער הימל איז נאָך געווען געפלעקט מיט שטיקער נאַכט, איז א „קאָמאַנדאָ" יידישע געפאנגענע אָנגעקומען פון א פינצטערן קאַצעט.

די הונדערטער פּאָר האָלץ־שיך, וואָס האָבן אריינגעפּויקט אין די פּירקאַנטיקע אספאַלט־שטיינער און די הוילע הוסטן פון די געפאַנגענע, האָבן אויפגעוועקט די פרימאָרגנדיקע שטילקייט.

די „קאָמאַנדאָ" איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון מענער און יונגע מיידלעך. די מענער האָבן מאַרשירט פאָרנט, די מיידלעך — הינטן, נאָר ביידע גרופּן האָט פאראייניקט דער מידער אויסגעמאַטערטער טראָט; דער הונגער אין די אויגן, וואָס האָט עפּעס געזוכט אין דער האַלב פינצטערניש. די האָפענונג צו קענען איבערלעבן, האָט ווי א לייכטנדיקער וואָלקן געשוועבט איבער אלעמענס קעפּ און באַשיינט דעם שווערן וועג מער, ווי די וואַכמייסטערס לעמפּלעך. דער ווילן צום לעבן האָט מער אונטערגעיאָגט, ווי די דייטשע קאָלבעס. דער דורשט נאָך נקמה, דער גלויבן צו דערלעבן די פרייהייט, האָט לייכטער געמאַכט די שווערע פּיאָשן, רידלען, האַמערס און שטאַנגען, וואָס האָבן זיך געהוידעט אויף ביינערדיקע אקסלען.

אָפּגעגאַנגען זיבן קילאָמעטער צופוס, איז דער טאָג פּאַוואָליע אויפגעגאַנגען. וועלדלעך, וואָס די נאַכט האָט געהאַט צוגעדעקט, האָבן זיך איצט צעשטראַלט אין טאָג ליכט. זיי האָבן זיך באַוויגן, געטריבן פון אַ לייכט ווינטל. די ביימער־שפּיצן האָבן אָנגעהייבן שפּילן דורך שנעבעלעך פון פייגל, וואָס האָבן אויפגעלעבט די טויטע שטילקייט. פּויערישע הייזקעלעך, וועלכע זענען געווען פאַרווישט אין דער נאַכט־פינצטערניש, האָבן אַרויסגעוויזן זייער פּאַרביקייט. פענצטער האָבן זיך געעפנט. פרויען האָבן זיך ארויסגעבויגן באַגיסן די בלומען־טעפּ, געזען פּארביימאַר-

שירן די יידישע „קאָמאַנדאָ", האָבן זיך די פענצטער צוריק פאַר־האַקט...

די „קאָמאַנדאָ" האָט זיך אָפּגעשטעלט צופוסנס א באַרג, ברייט און ווייט, קוים מיטן אויג צו דערגרייכן. די יידן האָבן אַראָפּגענומען די אַרבעט־כלים פון זייערע אַקסלען, אָפּגעאָטעמט און פאַריסן די קעפּ צום הויכן באַרג, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה.

— אַרויפקריכן! — איז געקומען א באַפעל פון קאָמאַנדאָ־פירער.

ווען די ערשטע מענער האָבן זיך אָנגעהייבן אַרויפצוכאַפּן און צוזאַמען מיט זייערע גופים האָבן זיך זייערע איבערגעשראָקענע קור־לות אַראָפּגעקייקלט בארג אַראָפּ, איז צווישן די וואַכמייסטערס אויס־געבראָכן א הילכיק געלעכטער. נאָר ווען די שטאַרקערע ווײלע יונגען האָבן אָנגעהייבן זיך אַרויפציען, אָנגענומען ביי די הענט אין א קייט, זענען זיי געבליבן שטום.

פיל שווערער איז דאָס ארויפקריכן אָנגעקומען די יונגע מיידלעך. הגם זיי האָבן נאָכגעמאַכט די מענער און אויך זיך ארויפגעצויגן אין א קייט, האָבן זיך דאָך עטלעכע מיידלעך אָפּגעריסן און אַראָפּ־געקייקלט. זייערע אַראָפּגעפאַלענע פאַרביקע קאָפּ־טיכלעך האָבן זיך צוזאַמען מיט זייערע קוויטשערייען נאָכגעריייפלט אַראָפּ־באַרג.

די דייטשע וואַכמייסטערס האָבן זיך צוגעקוקט, דערשטיקט זייערע געלעכטערס און געהייסן די יידישע קאַפּאָס די מיידלעך אַרויפפירן. אויבן האָט מען די גאַנצע „קאָמאַנדאָ" אויסגעשטעלט צו דריי, געהייסן איבערציילן און נאָך דעם „פרימאָרגן־שפּאַציר" האָט מען דערלויבט אָפּרוען.

יידן האָבן דערפילט א ניי שטיק ערד אונטער זייערע פיס. איז ווי־נאָר זיי זענען אויף דעם באַרג־קן שטיק ערד אַרויפגע־פאַלן פאַר מידקייט, האָבן זיי אָנגעהייבן גראָבן מיט די נעגל, זוכנדיק א קאַרטאָפל, א מייערל, א ריבל. כאָטש די ערד האָט נישט געהאַט קיין שום סמנים פון דעם, וואָס זיי האָבן געזוכט, האָבן זיי פאָרט געגראָבן... און ווי על פּי נס האָט איינער אַרויסגעשלעפּט א פאַר־פוילט ריבל און ווערנדיק באַפאַלן פון צענדליקער הענט, האָט ער דאָס ריבל איינגעשלונגען מיטן שאָלעכץ, מיט דער בלאָטע.

דער טאָג האָט בהרגהדיק אויפגעזוניקט.

דייטשע מייסטערס אין ציווילע קליידער זענען דאָ אַרומגעלאָפן איבערן פעלד און מיט קרייד־העק אין די הענט געצייכנט זיגזאַגישע ליניעס אויף טאַנשייען.

— אָנהייבן!

א פעלד באדעקט מיט טוי איז אויף דייטשע באפעלן באפאלן געוואָרן פון הונדערטער הענט, וועלכע האָבן אָנגעהייבן אראָפּרייסן די גראָזיקע קופּקעס פון דער ערד.

מיט א מינוט פריער האָט נאָך די ערד נישט געאָנט, אז אייגענע מענטשן, וועמען זי האָט יאָרן לאַנג גענערט, וועלן ארויסגעבן באפעלן, אז מען זאָל א תל מאַכן פון איר מזל־ברכה, אויסרייסן איר אינגעווייד, ארויסשלעפּן פון דאָרט שטיינער, וואָס ליגן שוין דורות־לאַנג פארבאהאלטן.

שטיינער, וואָס האָבן שוין הונדערטער יאָרן געשוויגן, האָבן מיט אמאָל ארויסגעלאָזט א קלאַנג. דאָס האָט זיי ווער מיט א פּיאָש דערלאַנגט איבערן שאַרבן...

באלד נאָכן ערשטן שוויים זענען יידישע געפאַנגענע אָפּגע־שטאַנען. געבליבן הענגען אנגעלענט אויף די ארבעט־כלים מיט אָן אָפּגעהאַקטן אָטעם...

אָבער לאַנג שטיין בלייבן האָבן זיי נישט געקענט. דייטשע באַנעגלטע שטיוול האָבן זיי אויפגעוועקט.

די יונגע מיידלעך האָבן מיט די פּיאָשן שווערער ווי זייערע גופים, געגראָבן דעם הארטן באָדן. א טייל וואכמייסטערס האָבן געקוואָלן, קוקנדיק ווי די אויסגעהונגערטע מיידלעך מאָרדעווען זיך מיט די קרייץ־העק אין די הענט און האָבן נישט געקענט האַמעווען זייער געלעכטער. געשטאַנען אַנדערע, וואָס האָבן נישט ארויסגעלאַכט, נאָר געשמייכלט צופרידן אין זייערע האַלב־ליידיקע לולקעס אריין.

איינער פון די דייטשע וואכמייסטערס איז אַרומגעלאָפן איבערן פעלד מיט א הונט פון דער וועלפישער ראסע. באמערקט וועמען אָפּ־שטעלן די הענט, איז ער צוגעשפּרונגען, אָנגערייצט דעם הונט אויף דעם אָפּגעשטאַנענעם העפטלינג. דער הונט איז ארויפגעשפּרונגען אויף דעם ייד, געבילט, געהוילט, געציִשעט מיט די ציינער, געביסן דעם יידס האַלדז, דעם אַקסל, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט. דער וואָלף־הונט איז אויפן וואכטמייסטערס באַפעל אוועק מיט אַן איינגעבלוטיקטער מאָרדע...

די געוואַלדן פון דעם געביסענעם מענטש, די איבערגעשראָקענע קוויטשערייען פון די מיידלעך, האָבן געמאַכט אויפציטערן די שטילע פעלדער, די אַרומיקע בערג. די קולות האָבן זיך אראָפּגעקייקלט אין א וואַלד, וואָס איז געשטאַנען אין א טאָל. די קעפּ פון די ביימער

האָבן זיך אָנגעהייבן צו באַוועגן, ווי אויפגעברויזט פון אַ שטורעם־ווינט. דער יידישער סאַניטאַר האָט מיט אַ ביסל „סעפּסאַ“, געמישט מיט שוואַרצער קאַפּע דעם ייד געשטילט דאָס בלוט. אַ מיידל האָט אַוועקגעשענקט דאָס לעצטע נאָז-טיכל אויף אַ באַנדאַזש. די געפאַנגענע האָבן צוגעקוקט און זיך פאַרטראַכט...

ווען די וואַכמייסטערס האָבן זיך אַוועקגעדרייט, האָט איינער פון די געפאַנגענע אַ מורמל געטאָן :

— זעט יידן ווי אומעכטיק מיר זענען געוואָרן ! הונדערטער מענער מיט קרייץ-העק לאָזן זיך פייניקן פון אַ הונט.

— מיר זענען אָבער נישט קיין מענער, נאָר מתים, — האָט אַ צווייטער אָפּגעזיפצט.

דער וואָלף-הונט איז אָנגעשפּרונגען און אקוראַט, ווי דאָס וואָלט געווען דער קאָמאַנדאָ-פירער אַליין, האָבן יידן איבערגעריסן זייער געשפּרעך. דער הונט איז געבליבן שטיין ביים ראַנד פון די אָנגעהייבענע טראַנשייען און מיט זיינע הינטישע שליפּיעס יעדן אריינגעבליצט אין די אויגן, ווי ער וואָלט זיך געמאָנט זיין אַרבעט. די יידן האָבן פאַר שרעק זיך גענומען באַוועגן.

דער וואָלף-הונט איז אַוועק צו אַנדערע טראַנשייען מיט אַ דורשט נאָך בלוט...

יעדן טאָג האָט דער וואָלף-הונט איבערגעלאָזט עטלעכע קרבנות אין דער „קראַנקן-שטובע“. מיט דער צייט איז דער הונט געוואָרן פאַר די יידן דער געפערלעכסטער וואַכמייסטער.

דער אייגנטימער פון הונט, אַ הויכער, רויטפּנימדיקער דייטש אין ברילן, מיט צוויי אויסגעבויגענע פיס, ווי האַלבע רייפן, האָט זיך איינמאָל גערימט פארן קאָמאַנדאָ-פירער, אַז זיין הונט אַליין איז אימשטאַנד צו היטן די גאַנצע יידישע קאָמאַנדאָ. און כדי אים איבערצוצייגן, האָט ער איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג איינגעאָרדנט אַזאַ ספּעקטאַקל.

— וואָלף ! — האָט ער גערופן זיין הונט, וואָס איז ארומגעשפּרונגען צווישן די טראַנשייען אַריינגהאָרכן מיט אויפגעשטעלטע אויערן. — וואָלף קאָם מאַל הער !

דער הונט האָט אויסגעגלאָצט זיינע גרינע אויגן, ווי צעבראָכן גלאָז, אָנגעצויגן זיין גוף ווי אַ פייל-און-בויגן. מיט עטלעכע שפּרונג איז ער שוין געשטאַנען פאַר זיין בעל-הבית, דעם קאָפּ אין דער

הויך, דעם רויטן לעקער אַרויסגעבלעקט; אַ דין גאַווערדיק פּעדימל האָט זיך אים געזילבערט ביי דער שווימיקער מאָרדע.

— וואָלף! — האָט דער וואַכמייסטער געזאָגט צו זיין הונט.

— דאָ זענען פאַראַן יידן, וואָס ווילן אַנטלויפן. איך מאַך דיך פאַראַנטוואָרטלעך. ווער פון זיי וועט פּרוּוון אַנטלויפן, יאָגסטו אים נאָך און ברענגסט אים אַהער צו מיר. פאַרשטאַנען וואָלף?

דער הונט האָט מיט די לאַפּעס אַרומגענומען דעם וואַכמייסטערס שטיוול. איינגענורעט זיין קאָפּ אין דער ערד ביי זיין בעל־הבית׳ס פיס, ווי ער וואָלט געגעבן אַ צייכן, אַז ער איז מסכים.

נאָכדעם האָט דער וואַכמייסטער אַרויסגענומען פון די טראַנשייען די ערשטע בעסטע צוויי יידן און זיי באַפוילן:

— לויפן!

די געפאַנגענע זענען געבליבן שטיין צעטומלטע, געקוקט אויפן וואַכמייסטער מיט חידוש אין די אויגן.

— לויפן דומע אייזל־קעפּ! לויפן שווינען! — האָט דער וואַכמייסטער זיי אונטערגעיאָגט מיט אַ גראָבן שטעקן אין האַנט.

פאַר שרעק האָבן זיך די יידן אַ לאָז געטאָן איבערן פעלד, דער הונט — נאָך זיי. ביי איינעם האָט דער הונט אָנגעכאַפּט מיטן פּיסק זיין צעפּאָכעטע פּאָלע פון זיין געשטרייפטן בגד; דעם צווייטן — ביי אַ שטיק הויז. וואָס האָט נאָכגעהאָנגען, ווי אַן אָפּגעריסענער פליגל און ביידע יידן אָוועקגעפירט צו זיין בעל־הבית, אונטערטאַנצנדיק אויף די אונטערשטע צוויי לאַפּעס, נאָכשלעפּנדיק דעם ווידל, געוויקלט ווי אַ האַלב־רייפל.

די יידן האָבן זיך נאָכגעשלעפּט דעם הונט מיט אַ מורא אין די אויגן, ווי זיי וואָלטן געטראָטן אויף אַ שמאָלינק לייסטעלע איבער אַ תהום...

דער קאָמאַנדאָ־פירער, די וואַכמייסטערס, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אויף דעם ספּעקטאַקל, זען ווי דער הונט פירט די צוויי יידן האָבן פאַרטויבט די פעלדער מיט זייערע געלעכטערס, וועלכע האָבן אין די אויערן פון די געפאַנגענע געקלונגען, ווי בייטשן וואָלטן געשמיסן זייערע נאַקעטע לייבער ביז בלוט...

* * *

געשען איז דאָס אין דער צייט, ווען דער דייטשער שטערן פון זיג האָט זיך שוין געהאַלטן ביים פאַרלעשן. די באַז־ליניעס זענען גע־

ווען באָמבאַרדירט, אויף די שינעס זענען געלעגן צעשמעטערטע וואַ־גאָנען מיט די בעבעכעס אינדערהויך. קיין נייע טראַנספּאָרטן האָט מען נישט געקענט אַריינפירן אין די קאַצעטן. און די אַלטע שפּייז־רעזערוון האָבן זיך איינציקווייז אויסגעשעפּט. אַזוי אַרום האָט אויך דער הונגער גענומען אַריינדרינגען אין די דייטשע לאַגערן. אויך די וואַכמייסטערס האָט מען אָראָפּגענומען פון זייער ראַציע ברויט הונדערט גראַם און פלייש האָבן זיי איבערהויפּט נישט באַקומען.

די דייטשע וואַכמייסטערס זענען געקומען צו דער אַרבעט אויפ־געטרעגטע. זיי האָבן געשפּיגן אויפן רעזשים און אַלס נקמה צורו געלאָזט די יידן, וועלכע האָבן געלעבט אויף צוויי הונדערט גראַם ברויט און געטרונקען בלעטער מיט וואַסער, אָן זאַלץ.

דער בעל־הבית פון וואָלף־הונט איז געבליבן זיצן אויף אַ שטיין, די ביקס — הינטער די פיס ווי אויף אַן איינפאַך לייסטל. דער הונט איז געלעגן צווישן זיינע צוויי שטיוול. ער האָט געבענקט נאָך די ביינער, וואָס זיין בעל־הבית האָט אים ביז אַהער צוגעוואָרפן. פון צייט צו צייט האָט דער וואַכמייסטער געעפנט זיין מאָגערע ראַציע ברויט, באַשמירט מיט מאַרגאַרין, געקוקט אויפן זייגער און די ראַציע ברויט אוועקגעלייגט אויף שפּעטער. ביים עפענען די ראַ־ציע ברויט, האָט זיך דער וואָלף־הונט אויפגעכאַפּט. אויפגעשטעלט די אויערן, געקוקט מיט אַ בעטנדיקן בליק צו זיין בעל־הבית. דער וואַכמייסטער האָט דעם הונט צוריק אַנידערגעלייגט ביי זיינע פיס. ער האָט געצויגן זיין ליידיקע לולקע, גענאָגט און געשפּיגן...

די איבעריקע וואַכמייסטערס זענען איבערהויפּט אויפן פעלד נישט געבליבן. זיי זענען אוועק אין די דערפער עפּעס „אָרגאַניזירן" צו פרעסן, אָפּגעשטעלט יעדע פאַרבייגייענדיקע פּויערטע און עפּעס פאַרלאַנגט. טיילמאָל זענען זיי צוריקגעקומען מיט געקאָכטע קאַרטאָפל אין די פעלד־קליידער, זיך אָנגעפרעסן און אוועק ווייטער. טיילמאָל האָבן זיי גאָרנישט געבראַכט צוריקגעקומען אויפגערעגטע, אַרומ־געשטעלט זיך אין אַ רעדל און געשמועסט וועגן די לעצטע געשעענישן. אַ זאָץ ווי אַ שפּליטער איז צו די יידן אַריינגעפאַלן אין די טראַנ־שייען:

— די רוסן אַטאַקירן שוין ברעסלוי. אונזער ראַיאָן איז אָפּגע־שניטן, דעריבער איז נישטאָ קיין טראַנספּאָרט.

די געבאַנגענע האָבן זיך אָנגעקוקט איז די גריבער מיט צע־שטראַלטע פּנימער. זייערע פיס, ווי מיד זיי זענען נישט געווען, האָבן

זיך געריסן צום טאַנץ... די מורא פאַר די וואַכמייסטערס איז שוואַכער געוואָרן. יידן האָבן זיך גענומען איינאָרדענען „געזעסן" פון די שאָפּלען און פיאָשן. זיי זענען זיך בגנבה צוזאַמענגעקומען אין די גריבער און שטילערהייט זיך צעשמועסט:

— אונדזער ראיאָן איז פאַרשאָלטן. מען זאָגט, אַז די רויטע אַרמיי האָט שוין צענדליקער לאַגערן באַפרייט.

— יידן איך פיל, אַז זייער סוף קומט!...

— אָ, ווער ווייסט צי מיר וועלן דערלעבן?... האָט איינער פאַר־צווייפלט.

— אָ, איצט איז שוין אַ שאָד צו שטאַרבן! — האָט אַ צווייטער אַנידערגעוואָרפן זיין קאָפּ אויף דער וואַנט.

אין אַ וואָך אַרום איז די לאַנגע געוואָרן נאָך ערגער. די טויטן אין יידישן לאַגער האָבן זיך געמערט מיט יעדער שעה. צו דער אַרבעט איז מען באַלד געגאַנגען מיט טראָגעס. נישט געווען דער טאָג מען זאָל נישט צוריקפירן עטלעכע טויטע. די וואַכמייסטערס, פילנדיק כמעט דעם זעלבן הונגער ווי די יידן, האָבן אויפגעהערט פראַווען די אכזריותדיקע שטיק פון אַמאָל, אָבער יידן זענען שוין אָן דייטשע קלעפּ אויך געפאַלן פון די פיס...

אין איינעם אַ טאָג, ווען דער בעל־הבית פון וואָלף־הונט איז ווי געוויינלעך געזעסן אויף זיין שטיין אַ הונגעריקער און גענאָגט זיין ליידיקע לולקע, איז זיין בליק געפאַלן אויף זיין הונט, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן פאַר זיינע פיס. צום ערשטן מאָל זינט דער בעל־הבית קוקט אויף אים, האָט דער בליק דעם הונט אַ ברי געטאָן... ער האָט אויפגעשטעלט זיינע אויערן, ווי געהערט אַ מוראדיקן קלאַנג... מיט די הינטישע שליפּיעס האָט ער טיף אַריינגעקוקט זיין בעל־הבית אין פּרצוף אַריין, ווי ער וואָלט ביי אים געבעטן רחמים...

דער וואַכמייסטער האָט געגלעט די פעל פון זיין הונט, וועלכע האָט זיך געבאַרשט אין ווינט, אַז מען האָט אַרויסגעזען דאָס פלייש... דער בעל־הבית האָט דערזעענדיק דאָס פלייש דערפילט, אַז דער הונט ווערט אים איצטער טייערער ווי אַלעמאָל, ווייל ער וועט זיך מיט אים מוזן שיידן...

דאָך האָט דעם ערשטן טאָג געזיגט דער הונט.

דעם צווייטן טאָג האָט געזיגט דער דייטש.

ווי־נאָר דער וואַכמייסטער איז געקומען צו דער אַרבעט, האָט

ער צוגערופן און עלטערן ייד מיט צוויי געשוואָלענע פיס און אים געזאָגט :

— מענטש, דו ביסט היינט פריי פון דער אַרבעט. דו זוכסט מיר צוזאַמען אויפן פעלד צווייגן און שפענער און מאַכסט מיר אַ פייער אויף אַ קעסטעלע שטיינער. פאַרשטאַנען ?

— יאַוואָל, הער וואַכמייסטער !

און ווי - באַלד די ערשטע רויטע פלאַמען האָבן אַרויסגעזעצט פון דער ערד, איז ביי די יידן אין די גריבער געוואָרן אַ באַוועגונג:

— ווו נעמט מען רויע קאַרטאָפל ?

— רויע קאַרטאָפל ? — האָט זיך די פראַגע געשלענגלט אי־בער די זיגזאַגישע טראַנשייען. קיין כוח און מוט צו דער אַרבעט האָט קיינער נישט געהאַט. זענען די יידן געלעגן, ווי געבונדן אין די גריבער. טייל האָבן זיך אויפגעשטעלט און אַרויסגעקוקט מיט בענקשאַפט צום פייער... זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אַז אין פייער האָבן זיי אַריינגעלייגט קאַרטאָפל צום בראָטן און זיי וועלן באַלד פאַרטיק ווערן... אָבער דערמאַנענדיק זיך, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ פאַנטאַזיע, זענען זיי נאָך מער הונגעריקער געוואָרן, אויס־געשפּיגן און זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט אין די גריבער.

דער בעל־הבית פון הונט האָט שוין מער צו דער אַרבעט נישט אונטערגעיאָגט. ער איז געווען פאַרנומען מיט זיך. געקניט אויף דער ערד פאַר זיין הונט, אים געגלעט איבערן קאָפּ, אים אַריינגעקוקט אין זיינע הינטישע געטרייע שליפּיעס, ווי ער וואָלט זיך מיט אים געזעגנט...

נאָכדעם האָט ער זיך האַסטיק אויפגעשטעלט, אַרויסגענומען פון זיין ברויט־זאַק אַ גראָבע שטריק, אַ גרויס קיכן־מעסער, צוגעגאַנגען צו אַ טראַנשיי און אַרויסגערופן אַ ייד :

— מענטש, קום אַרויף ! דאָ האָסטו אַ שטריק און אַ מעסער. דו נעמסט מיר דעם הונט אין אַ פאַרטיקע טראַנשיי אַריין צום שעכטן... מיר וועלן אָפּבראָטן, באַקומסטו אויך אַ שטיק !

דער ייד האָט אַ צאַפּל געטאָן פאַרן וואַכמייסטער, ווי אַ דונער וואָלט אים געטראָפן... נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער הונט האָט שוין מער ווי איינמאָל געביסן זיין פלייש ביז בלוט און אים פאַר־שאַפט יסורים, האָט ער, הערנדיק, אַז זיין אייגענער בעל־הבית הייסט אים שעכטן, דערפילט אז ער איז דעם הונט אַלץ מוחל.

— אַ שאַד אַזאַ שיינער הונט! — האָט זיך דעם ייד אַרויס־געריסן.

— שווייג, דו שווייַן איינער! — האָט זיך דעם וואַכמייסטערס מויל פֿאַרקרימט.

אין דעם ייד׳ס אָפּזאָג האָט ער דערפֿילט זיין חיהשקייט, וואָס האָט אים געערגערט און קליין געמאַכט. ער איז נאָך מער אָנגע־צונדען געוואָרן מיט רציחה, דעם ייד אַ פֿעסטן שטויס געטאָן אין האַרץ אַריין, שרייענדיק:

— נעם די שטריק און דאָס מעסער און קום!

דער ייד איז פֿאַר שוואַכקייט געזונקען צו דער ערד. דער וואָלף־הונט איז אויף דעם ייד אַרויפֿגעשפּרונגען, געלעקט זיין פּנים און צום ערשטן מאָל אַרויסגעבילט נישט צום ייד, נאָר צום בעל־הבית.

דער וואַכמייסטער האָט דעם ייד אויפֿגעשטעלט ביי אַן אויער. ער איז אוועק צו אַ פּאַרטיקער טראַנשיי, דער ייד און דער הונט האָבן זיך נאָכגעשלעפּט. זיי האָבן זיך געקוקט אין די אויגן און עס האָט זיך געדוכט, אַז ביידע האָבן איצטער איין בליק...

דער וואַכמייסטער האָט דעם ייד אויפֿגעשטעלט ביי אַן אויער. דעם ייד דאָס מעסער און געזאָגט:

— איך קום באַלד צוריק און טרעף דעם הונט אַ טויטן, איך גיי צוגרייטן די כּלים צום בראָטן...

דער הונט האָט געצאַפּלט אין גרוב אַ געבונדענער. ער האָט זיך געפּרוווט אויפֿשטעלן אויף זיינע געבונדענע פֿיס און איז צוריק־געפֿאַלן.

ער האָט געוואָיעט מיט אַן אויסטערלישער שטימע, דעם ייד אַריינגעקוקט אין די אויגן, ווי ער וואָלט אַפּעלירט צו זיין געוויסן...

דער ייד איז געבליבן זיצן אין גרוב מיטן מעסער אין דער האַנט. קוקנדיק אַזוי אויף דעם געבונדענעם באַשעפֿעניש, וואָס צאַפּלט, וואָיעט אַרויף צו די הימלען, האָט ער מיטאַמאָל דערפֿילט, אַז אַ דייטש וואָלט ער לייכטער געקאָנט שעכטן, אויס נקמה, נאָר דעם הונט שעכטן, אַ שטומע צונג, איז אים פֿיל שווערער...

דער וואַכמייסטער קומט אָנצולויפֿן, כאַפּט אַ בליק, דער הונט לעבט.

— וואָס, דו האָסט נישט אויסגעפֿירט מיין באַפֿעל? אַרויף, מענטש!

דער ייד, ווי אויפגעוועקט פון א חלום, ווערט צום טויט איבער־געשראָקן פאַרן וואַכמייסטערס בייזע אויגן. ער כאַפּט עטלעכע מאָל אָן דעם ברעג און פאַלט צוריק אַראָפּ. ער כאַפּט אָן א שווערן שטיין ביים ברעג טראַנשיי, קייקלט זיך דער שטיין צוזאַמען מיט אים צוריק אַראָפּ אין גרוב אריין, און אז ער קריכט מיט שוועריקייטן ארויס, איז ער מער טויט ווי לעבעדיק. ער שטייט א ציטערדיקער פאַרן וואַכמייסטער און וואַרט אויף זיין שטראָף.

— זאָג, פאַרוואָס האָסטו נישט געוואָלט שעכטן דעם הונט?

— איך האָב נישט געקענט, הער וואַכמייסטער, טויטן א לעבע־דיק באַשעפעניש.

— אזוי איידל ביסטו? — האָט זיך דעם וואַכמייסטערס מאָרדע אויסגעקרימט ווי ביי א טייוול — איך וועל דיר באַלד ווייזן ווי אזוי מען מאַכט דאָס.

און אַרויסציענדיק פון זיין שטיוול א דין גומי־שטעקעלע מיט א שפּרונג־דראָט אינעווייניק, האָט ער מיט בליצנדיקע אויגן און מיט א צעפלאַמט רציחה׳דיק פּנים, גענומען באַוועגן מיט זיין רעכטער האַנט, ווי ער וואָלט מיט א קאָסע געשניטן זאַנגען...

דעם יידס שרעקלעכע קולות האָבן אויפגעוועקט די געפאַנגענע אין די טראַנשייען. קעפּ האָבן זיך ארויסגעהויבן פון די גריבער, איבערגעשראָקענע אויגן האָבן געכאַפּט א בליק, געזען שלאָגן א ייד, האָבן זיך קעפּ צוריק אַראָפּגעלאָזט.

דער וואַכמייסטער האָט ניט פריער אויפגעהערט שלאָגן דעם ייד, ביז ער אליין איז מיד געוואָרן. דערנאָך איז ער אליין אַראָפּגע־שפּרונגען אין גרוב אריין שעכטן זיין הונט.

דער הונט האָט נאָך לאַנג געוואָיעט אין גרוב. דער צעבלוטיק־טער ייד ביים ברעג האָט נאָך לאַנג געקרעכצט.ביידע וויינענדיקע שטימעס האָבן זיך אויסגעמישט, ווי פאַרשאָלטן די זעלבע בלוטיקע האַנט.

אין א ווײַלע ארום איז שוין דער וואַכמייסטער געזעסן ביים פייער און געבראָטן זיין הונט. ארום פייער האָבן זיך פאַרקליבן אלע וואַכמייסטערס. איינער האָט פאַר פרייד געזונגען א ליד, א צווייטער האָט, פילנדיק דעם ריח פון פלייש, געשפּיגן אין פייער אריין, א דריטער האָט דערציילט גראָבע וויצן וועגן גאַסן־פרויען און אָנגעשטעקט מיט געלעכטער דאָס גאַנצע קרענצל. א פערטער האָט גענאָגט זיין ליידיקע לולקע. דאָס פייער האָט געקנאַקט מיט רוי־

טע באַסמעס, צייטנווייז האָט דאָס פייער אַרויסגעלאָזט פון זיך ווײַ־סע רויכיקע וואָלקנדלעך, וועלכע האָבן אויף אַ ווײַלע פאַרשטעלט די אין פלאַמען אָנגעצונדענע פּרצופים פון די וואַכמייסטערס, וואָס האָבן אַרום דעם פייער אויסגעזען, ווי אַ באַנדע וואָלד־רויבער.

אַז דער ייִד, וואָס האָט אויפן פעלד צונויפֿגעקליבן די שפּענער, איז פאַרביי די טראַנשייען, האָט איינער אויסגעשריגן:

— מנחם טויג זיך אויס, זאָלסט אָפּנאָגן אַ ביינדל.

— הינטיש פלייש! — האָט מנחם אויסגעשפּיגן און אַוועק־געטשאַפּעט מיט זיינע צו גרויסע, אָפּענע האַלעשיך.

דער ייִד איז אַוועק, אָבער דעם ריח פון פלייש האָט ער שוין איבערגעלאָזט אין די טראַנשייען. ייִדן זענען געשטאַנען, ווי אָנגע־שיכורטע פונעם פלייש-גערוך... און כאָטש מען האָט געבראָטן אַ הונט, צו וועלכן ייִדן פילן אַן עקל, האָבן זייערע אויגן אַרויסגעקוקט פון די לעבער מיט קנאה.

דער ייִד, וואָס האָט נישט געוואָלט שעכטן דעם הונט, איז אַריינ־געפאַלן אין אַ טראַנשיי. דאָס פּנים איז געווען שרעקלעך צעבלוטיקט. ערשט איצטער האָבן זיך ייִדן אין אים דערמאָנט, אַרומגערינגלט און אויסגעפרעגט. ער האָט זיי אָנגעקוקט שווייגנדיק און נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. ער האָט זיך אויסגעטאָן אַ האַלץ־שוך, זיך אַראָפּגעשלעפּט אַן אָניצע, זי איינגעטונקט אין ברודיקן וואַסער, וואָס האָט שוין אָנגעהייבן אָנקומען אין די גריבער. מיט דער שמור־ציקער שמאַטע זיך פאַרבונדן דעם קאָפּ. ער האָט זיך אין וואַסער אָפּגעוואַשן די הענט, באַפלעקטע מיט אייגן בלוט. דערנאָך איז ער אַוועקגעפאַלן אויף דער וואַנט אַ פאַרחלשטער... ער האָט קוים אַרויסגערעדט:

— חברים, ווער פון אייך האָט אַ פאַרפוילט מייערל, זיך ס'האַרץ צו דערכאַפּן?

אַלע האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. ס'האָט קיינער נישט געענטפערט.

מען האָט אויסגעפּיפן די מיטאָג-שעה. די „קאַפּאָס" האָבן דעם עולם איבערגעציילט, צי קיינער פעלט נישט. דערנאָך האָבן זיך ייִדן אויסגעלייגט אויפן פייכטן גראָז. וואָס צו עסן, אָדער מיט אַ הייסן טרונק זיך צו דערוואַרעמען די קישקעס איז נישט געווען. זענען ייִדן געלעגן פאַרשטומט פון הונגער. זיי האָבן זיך געוואַרעמט אין דער האַרבסט־זון, וועלכע האָט מיט אַ שטיפמוטערישער האַנט באַ־

רירט זייערע אויסגעמאַרכטע גלידער. א טייל יידן זענען אַרומגעקראָכן אויף אַלע פיר, ווי די חיות און האָבן עפּעס געזוכט אויפן באָדן, אָפּגעריסן גראָז און געגעסן. די יידישע אויגן האָבן אויפגערויסענע אַהינגעבליקט צום פייער, געזען, ווי די וואַכמייסטערס רייסן שטיקער פון דעם געבראָטענעם הונט. זייער צופרידן געלעכטערל איז ווי שפּיציקע שטיינער געפאַלן אויף די יידישע שאַרבנס. זייערע פּיסקעס זענען געווען גלאַנציק פון הינטיש פעטס. זיי אַליין האָבן דערמאָנט אין חיות אויף א פעלד, וואָס טיילן זיך א בלוטיקן רויב.

אויפגעגעסן דעם הונט, האָבן זיי זיך אָפּגעווישט די פּיסקעס מיט שטיקער אַלטע צייטונגען. איינער האָט געעפנט א טאָרבעלע טאַבאַק און עס צעשיט אין אַלעמענס לולקעס. זיי האָבן זיך זאַטע און צופרידענע אויפגעשטעלט און גענומען אַרומשפּאַנען איבער די אויסגעלייגטע יידישע גופים. דאָ האָט א ייד באַקומען אַ קאָפּע מיט א שטיוול פאַר צו לאַנג אויסציען די פיס. א קאָפּ האָט זיך אויפגעכאַפּט, דערזען א דייטשן שטיוול, האָט ער זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט מיט פאַרביסענע ליפּן. דאָרט האָט א ייד באַקומען אַ שטעקן איבערן קאָפּ פאַר עפענען זיך א בוזעם און זיך נעמען לויזן זיין זעקס-חדשימדיק העמד. דאָ א געוואַלד, דאָרט א געוואַלד. דער יידישער סאַניטאַר לויפט אַרום מיט א ליידיקער טאָרבע, האָט נישט מיט וואָס צו העלפן. ליגנדיקערהייט דרייען יידן אויס די קעפּ און פרעגן זיך איבער: "ווער איז אוועקגעפאַלן?" זיי הערן דעם נאָמען, שענקען יענעם א זיפץ און בלייבן ליגן פאַרטראַכט איבער זייער אייגן לעבן... בלויז א טייל פון דער יוגנט זיצט מיט די קעפּ אינדערהויך און קוקט אַריבער צו די מיידלעך, וואָס זעען אויס, אויפן גראָז ליגנדיק, ווי אַרויסגעוואָרפענע, פאַרוועלקטע בלומען... און איבער די מיידלעך — א גרופּע וואַכמייסטערס, וואָס שטייען און מאַכן זיך אויף זייער חשבון באַנאַלע מיליטערישע וויצן.

ווען די וואַכמייסטערס זענען אַוועק פון די מענער, האָט אַ טייל אויפגעהויבן די קעפּ און באַמערקט, ווי ביים נאָך-טליענדיקן פייער זיינען געבליבן ליגן א היפש ביסל ביינער... קיינער האָט איצטער נישט געוואָלט וויסן, אַז די ביינער זענען געוואָרן אויסגעשפּיגן פון מיאוסע, עקלהאַפטיקע ברואים, צו וועמען זיי פילן דעם גרעסטן האַס.

א פייף האָט דעם עולם צוריקגעטריבן אין די גריבער. דער הונ-

נער איז געוואָרן שטאַרקער מיט יעדער אָנקומענדיקער שעה. יידן זענען געשטאַנען אין די גריבער, אָנגעלענט אויף זייערע ארבעטס־בלים, ווי אויסגעהאַקטע סטאַטועס פון שטיינער, וועלכע קענען זיך נישט באַוועגן. אז איינער א ייד האָט געעפנט א צעריסענעם ברויט־זאַק און פון דאָרט אַרויסגענומען א קליין פּענעצל ברויט, אַזוי דין ווי א פּליסל האָבן אַלע אויף אים געקוקט, ווי אויף א העלד, וואָס האָט איינגענומען א פעסטונג:

— האָסט נאָך ברויט?...

און מענטשישע אויגן האָבן באַקומען א חיהשן גלאַנץ...

ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָט מען נאָך אַרויסגעשלעפּט עטלעכע טויטע פון די גריבער, געפאַלענע פון א הונגער־טויט. אָבער דאָס האָט מער אויף קיינעם נישט געמאַכט קיין איינדרוק. נאָר טייל־מאָל האָט ווער געכאַפּט די קרייץ־האַק און מיט איר סתם אין דער וועלט אַריין געגומען גראָבן, אַז ער זאָל זיך פאַרגעסן...

יידן זענען געשטאַנען אין די גריבער און געקוקט אין הימל אַריין, זיך געבעטן ביים הימל, אַז ער זאָל שוין באַקומען א נאַכטישן אויס־זען. זיי האָבן געציילט א שעה נאָך א שעה. און ענדלעך, ווען די אַרומיקע בערג האָבן זיך אָנגעצונדן מיט שקיעה־פלאַמען, האָט קיינער נישט געזען די נאַטור־שיינקייט, נישט געזען דעם קאָלירטן שטרייף אַרומזוימען די בערג, ווי א רעגנבויגנדיק, פילפאַרביק טאַשמעלע. זיי האָבן נאָר אין דעם קאָלירן־שפּיל געזען א צייכן, אַז זיי זענען נאָך א טאָג לעבן איבערגעקומען...

פאַרנאַכט־צו איז אַן אונגאַרישער יונג, הויך און דאַר, אַז מען האָט אים דיביינער דורך דער פּיזשאַמע געקענט איבערציילן, אַרויס פונעם גרוב, געפרעגט דעם וואַכמייסטער אויף א מענטשלעכן גע־ברויך און צוריקגעגאַנגען איז ער מיט א ביין אין האַנט, זיך אַראָפּ־געלאָזט אין גרוב און דעם ביין גענומען אַרומלעקן.

איז ערשטן מאָמענט זענען אים אַלע באַפאַלן מיט זידלערייען; מיט עקלדיקע אויסדרוקן אויף די פּנימער. שפּעטער אביסל, זעענדיק ווי ער נעמט אַרויס א מעסער פונעם שוך און שניידט פון דעם ביין אָפּ עטלעכע פלייש־פעדים, וועלכע דריוולען זיך אום אַזוי געשמאַק־פול ביים גלאַנציקן מויל, זענען אַלע שטיל געבליבן... און אין א מינוט אַרום איז שוין א צווייטער אויך אַרויס פון זיין טראַנשיי און צו־ריקגעקומען מיט א ביין. דער עקל צו הינטיש פלייש איז אַוועק. עס איז געוואָרן א געלויף נאָך די הינטישע ביינער. און די פּחדנים, וואָס

האָבן זיך מורא געהאַט אַרויסצורירן, האָבן שוין גענומען אונטער־צוהאַנדלען מיט די ביינער־באַזיצער, זיי פאַרגעשלאָגן פאר א ביין די קומענדיקע ראַציע מאַרגאַרין.

דער וואַכמייסטער, דער בעל־הבית פונעם הונט, איז געזעסן אויפן שטיין און האָט געבענקט נאָך דעם אויפגעגעסענעם הונט. ער האָט זיך געוואָלט איינריידן, אז דער הונט ליגט, ווי תמיד, ביי זיינע פיס... נאָר זעענדיק, אז ער איז מער נישטאָ.. איז ער געוואָרן אויסער זיך פון כעס. ער האָט איצטער אויסגערעכנט, אז אויף זיין חלק האָט נישט מער אויסגעמאַכט ווי א קליין שטיקעלע, און צי האָט זיך צוליב דעם קליינעם טײַלעכל פלייש געלוינט אומצו־ברענגען א באַשעפעניש, וואָס האָט אים שוין עטלעכע יאָר באַ־גלייט און איז אים אַזוי געטריי געווען, ווי קיין שום וועזן אין דער וועלט?

ער האָט זיך האַסטיק אויפגעכאַפּט, דער וואַכמייסטער, עס האָט אים נישט געלאָזט דערזיצן. ער האָט אָנגעהייבן שפּאַנען איבערן פעלד. די נכפה האָט אים געגעסן. די וועלט איז אים צו ענג געוואָרן. ער האָט עפּעס געזוכט מיט די אויגן א באַשעפעניש, אויף וועמען אויסצולאָזן זיין כעס, און לאַנג האָט ער נישט געדאַרפט זוכן. אויף דער ערד איז געקראָכן א ייד אויף אַלע פיר, מיט צוויי ביינער אין די הענט. דער וואַכמייסטער איז אים צאָרנדיק נאָכגעלאָפן, מיט דער ביקס דעם ייד דערלאַנגט איבערן שאַרבן. דער ייד האָט אוועק־געוואָרפן די ביינער און זיך כאַפּנדיק ביים קאָפּ, איז ער צוריק־געפאַלן אין גרוב אַריין. דער וואַכמייסטער איז שוין נישט אָפּגעטראָטן. מיט דער קאָלבע, ווי מיט א האַק, האָט ער זיך פאַרמאָסטן איבער יידישע קעפּ. אין די טראַנשייען איז געוואָרן א מוראדיק געלויף. איינער איז געפאַלן איבערן צווייטנס הענט און פיס. די געוואַלדן האָבן זיך דאָ אויפגעהויבן, דאָרט אוועקגעפאַלן.

אין געלויף האָט דער וואַכמייסטער דערקענט דעם ייד מיטן גע־בונדענעם קאָפּ, וואָס האָט נישט געוואָלט שעכטן זיין הונט. זיינע אויגן, פאַרלאָפן מיט בלוט, האָבן זיך אויף אים אָפּגעשטעלט.

— קום אַרויף, מענטש ! — האָט דער וואַכמייסטער אים א שטויס געגעבן מיט דער קאָלבע.

דער ייד איז מיט ציטערנדיקע קניען אַרויס פון גרוב, זיך אַוועק־געשטעלט פאַרן וואַכמייסטער, ווי א דין ביימל אין א שטורעם־ווינט.

— דו האָסט געשאָכטן מיין הונט! — האָט דעם וואַכמייסטערס שטימע געדונערט.

— איך? — האָט זיך דער ייד איינגעקורטשעט פאַר שרעק.

— יאָ, דו, האָסט געשאָכטן מיין הונט! זיי זיך מודה, מענטש, אַז נישט ווערסטו טויט־געשלאָגן.

איך האָב געשאָכטן דעם הונט! — האָט דער ייד מיט ציטערנדיקע ליפּן אַרויסגעשטאַמלט.

— אויב דו האָסט געשאָכטן מיין הונט, איז לויפן, לויפן, לויפן!

— האָט דער וואַכמייסטער געשטויסן דעם ייד מיט דער קאָלבע.

פאַר שרעק האָט דער ייד גענומען לויפן. דער וואַכמייסטער — נאָך אים און באַלד אַ פּייערל... אַ זאַלפּ... אַ קאָפּ פאַלט און שלעפּט מיט אַ קערפּער...

איצט בין איך רואיק!... — שרייט דער וואַכמייסטער.

יידן האָבן דערשראָקענע אַרויסגעשטעקט די קעפּ פון די גריבער און געזען: אַ ייד ליגט דערשאָסן, דעם קאָפּ אַרונטער. די פּיזשאַמע זיינע איז געלעכערט... טעלעכע טראָפּן בלוט אויפן גראָז... דער קראָפּ ביים געפאַנגענעם איז אין האַלדז געבליבן שטיין, ווי אַ ביינערדיקער פינגער, וואָס דראָט מיט נקמה... די הענט פון דעם ייד זענען אַרונטערגעדרייט.

ביי דעם דערשאָסענעם שטייט דער וואַכמייסטער מיט דער ביקס אין דער האַנט. זיין רעכטער שטיוול טרעט דעם ייד׳ס בויך. און אויפן וואַכמייסטערס צעפלאַמטן פּרצוף שוועבט אַזאַ צופרידענער שמייכל, אַקוראַט, ווי מיט׳ן ייד׳ס טויט, וואָלט דער הונט צוריק לעבעדיק געוואָרן.

פּאַריז, יולי 1946.



# ד״ר שטיינבערג

דאָס טרויעריקע אַמבולאַטאָריע־פּענצטער האָט זיך געזילבערט אין פּריש-געפאַלענעם שניי פון דרויסן, וואָס האָט אריינגעפינקלט מיט דריבנע פּערעלעך, געוואָרפן אָן אָפּשיין אויף די שויבן, אויף די אומעטיקע אמבולאַטאָריע־ווענט, אויפן פּאַרקעט געפּלעקט מיט יידיש בלוט.

אויף א גרויסן אומגעהובעלטן טיש באַדעקט מיט ווייס פּאַפּיר איז געווען אויסגעשטעלט א רייע ליידיקע פלעשער מיט אויפשריפטן: באַלדעריאַן־טראָפּן, מאָגן־טראָפּן, אַמאָניאַק, „סעפּסא“ און אַנדערע פלעשער אָן אויפשריפטן. עס זענען געלעגן אין אָרדענונג אויסגעסדרט פּאַפּירלעך פון פּראָשקעס צו קאָפּ־שמערצן, ליידיקע שאַכטעלעך פון הייל־זאַלבע, קניפּלעך צעל־שטאָף, פּאַפּירענע באַנדאַזשן, קלעמ־לעך אראָפּצונעמען דאָס צוגעקלעפּטע פּאפּיר פון די יידישע מכות.

אין רעכטן פליגל פון דער אמבולאַטאָריע איז געשטאַנען אן אלט־מאָדישער אייזערנער אויוון, וואָס האָט מער געריכערט ווי גע־וואַרעמט. אַרום אויוון אויף טאַבורעטקעס — א גרופּע יידישע העפט־לינגען: געשוואָלענע קעפּ פון הונגער, באַנדאַזשירטע פּיס, געבונדענע ציין, געבונדענע העלדזער. אין דער בין־השמשות־טונקעלקייט זעען די געפאַנגענע אויס, ווי אַ מחנה שאָטנס אַרום אַן אויוון. זיי זיצן האַלב־דרימלדיק פאַר מידקייט. מיט שנאה צו זיך אליין, קראַצן זיי זייערע ביינערדיקע לייבער, זייערע געשוואָלענע קעפּ. אנדערע האַלטן די הענט איבערן דעקל פון אויוון, דורך וועלכן דינע געשלענגלטע רויכלעך שלאָגן ארויס און צעקרייזלען זיך איבערן באַראַק, ווי שווארצע שלאַנגען.

א העפטלינג האָט זיך אויפגעוועקט פון זיין פאַרטעמפּקייט און אויסגעשפּיגן:

— אוי יידן איז מיר מיאוס פאַר מיין לעבן, איז מיר מיאוס! דער טויט וואָלט מיר שוין געווען פיל ליבער. קיין טאָג, קיין נאַכט.

יעדן טאָג צען קילאָמעטער צופוס. דערלעבסטו שוין צוריקצוקומען אין גיהנום פון דיין שיכט, יאָגט מען דיר אויפסניי די קישקעס ארויס. אָנשטאָט אביסל רו, האָסטו לאגער-ארבעט. און דאָ זענען די פיס געשוואָלן, דער מאָגן ליידיק. נאָך דער וואָסערדיקער זופּ באַקום איך נאָך א גרעסערן הונגער, ווי פאַרן עסן, שפּיי איך פון מיר די גאַל ארויס.

— אוי האָבן זיי אונדז אויסגעשטעלט! — האָט א צווייטער העפטלינג מיט צעשפּרייטע הענט אריינגעזיפצט אין דער שטילקייט.

— עס איז געוואָרן אזוי קאַלט. שנייען, ווינטן, וואסער אין די שיך. אָן אומגעהייצטער באַראַק, און גיי לעב.

— זעסט דאָך עס זענען פאראן מענטשן, וואָס זאָגן, אַז אונדזער גיהנום איז א גן־עדן אין פאַרגלייך מיט אַנדערע לאַגערן. — פּרוווט א דריטער געפינען אַ טרייסט — עס זענען פאראן לאַגערן ווו מען ברענט און מען בראָט. מען פאַרגאַזט, מען באַגראָבט לעבעדיקער־הייט.

די טיר האָט זיך געעפנט. עס האָט זיך אריינגעשלייכט נאָך א שאָטן. דאָס איז געווען אַן עלטער יידל אין ברילן, וואָס אלע האָבן אין אים דערקענט דעם לאַגער־מגיד.

די געפאַנגענע האָבן אויפגעלעבט:

— אַ דער מגיד! מיר ווילן האָבן א טרייסט־וואָרט.

— פון מיר א טרייסט־וואָרט? — האָט דער מגיד אַרויסגעזיפצט און צעשפּרייט זיינע צוויי געפרוירענע הענט איבערן אויוון-דעקל.

— איך בין דאָך דער זעלבער געשלאָגענער הונט, ווי איר אַלע. צוויי שעה בין איך היינט אין דער גרעסטער זאווערוכע אָפּגעשטאַנען נאָך א ביסל „נאכשלאג" און ביז כ'בין צוגעקומען צום לופּטשיק, האָב איך שוין געהאט אַ פולן טעלער שניי, אבער קיין „נאכשלאג האָב איך נישט באַקומען. צוריק אריין אין באַראַק אַן אויסגעפרוירענער, האָב איך זיך ווי א הונט ציטערנדיק מיט הענט און פיס אנידער־געוואָרפן אויף די ברעטער און זיך אַליין געפרעגט:

— זענען מיר באמת דערגאַנגען צו דער מדרגה פון א חיה? קע־נען מיר באמת דאָס אַלץ צוקוקן און שווייגן? האָט דאָס מענטשלעכע לעבן באמת אזא גרויסע ווערט, אז מען דאַרף עס אפילו אויסקויפן מיט אַזעלכע נידעריקע מיטלען, ווי מיר קויפן אונדזער לעבן אויס ביים שונא, איבערטראָגנדיק: הונגער, קעלט, שאַנדע, רציחה, גזלה, מאָרד און דאָך ווילן מיר לעבן?

די געפאנגענע האָבן זיך אָנגעקוקט פארטראכט.

די אַמבולאַטאָריע-טיר האָט ווידער א סקריפּע געטאָן, עס האָט אריינגעדרעפּטשעט אין א פּאָר צו גרויסע האַלץ־שיך לייבל לערער. א טויטן-מאסקע מיט א פּאָר פארחלומטע שווארצע אויגן. דעם קאָפּ באנדאַזשירט מיט א פּאַפּירענעם באַנדאַזש, ער איז אין לאַגער גע־ווען באַקאַנט, ווי א פּאָעט.

— א, דאָס ביסטו לערער ? — האָט זיך דער מגיד דערפרייט.

— וואָס זאָגסטו לערער, עס לוינט זיך ווייטער צו לעבן ?

— אַ, יידן נאָר נישט פארצווייפלען ! — האָט אויסגערופן לייבל לערער און זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט א פלאַם. — איר גע דענקט דאָך געוויס, אין חומש איז פאַראַן אַ פיינער פּאַבעל. משה רבינו האָט געזען ברענען דעם „סנה“ און נישט פארברענט ווערן. דאָס איז נישט בלויז א רמז אויף גאָט, נאָר אויך אויף אונדז יידן. מיר זענען דער „סנה“ וואָס ברענט אין יעדן טראגישן הור אויף שיי־טערהויפנס פון דער גאָרער וועלט און מיר ווערן נישט פארברענט. מיר וועל אויסהאַלטן, און אויב נישט מיר, וועלן אנדערע אויסהאַלטן.

— אוועק מיט די משלים ! דערציילט בעסער עפּעס נייעס ! — האָט א הייזעריקע שטימע מיט א געבונדענעם האַלדז אויסגעשריגן.

— מען זאָגט, אַז די רוסן אַטאַקירן שוין מזרח־פּרייסן. אַנדערע זאָגן, אַז זיי האָבן שוין טיף אַריינגעדרונגען אויפן דייטשן באָדן — האָט לייבל לערער געזאָגט צוקנדיק מיט די אַקסלען.

— אויפן דייטשן באָדן?! — זענען די געפאנגענע אויפגעשפּרונ־גען פון די ערטער מיט אויפגעצאַפּלטע בליקן.

מיט לאַנגזאַמע טריט איז אריינגעקומען דר. שטיינבערג. דאָס איז געווען א ברונעטער פּופּציק-יעריקער מאַן מיט א שפּיגלדיקן פּליך. ביי די שלייפן — פעך־שווארצע, באַזילבערטע האָר. ער האָט געטראָגן א ווייסע שירץ מיט א רויטן קרייץ אויף דער לינקער ברוסט. זיין פּנים האָט אויסגעזען מיטפילנדיק, נאָר שטרענג אויס מורא פאר דער מאכט.

ער האָט אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע לעמפּל. א גרופּע העפטלינ־גען זענען געשטאַנען צוזאַמענגעדרענגט, פאַרגליווערט פאר שרעק.

— ווער, פרעג איך, האָט אייך דערלויבט אַריינצוקוקן ? דער יידנעלטסטער זאָל דאָס באַמערקן בין איך נישט זיכער מיטן לעבן. אַלע ווי איינער פארלאָזט מיר די אמבולאַטאָריע ! ארויס ! ארויס !

— האָט דר. שטיינבערג געכאַפּט אַ האַנטוך און גענומען יאָגן די געפאַנגענע.

מיט אַן אויפצאַפּל האָבן די געפאַנגענע ארומגערינגלט דר. שטיינבערג. ער איז געבליבן שטיין אינדערמיט, ווי איינגערעמט אין אַ לעבעדיקן קראַנץ קראַנקע אבֿרים און יעדער העפטלינג האָט אים געשלעפּט ביים אַרבל און זיך צעשריגן מיט אַן אַנדער אָנגעווייטיקט קול.

— מיינע מכות, דאָקטער!

— אַ ביסל קוילן צו דורכפאַל, דאָקטער!

— פאַרשרייבט מיך כאָטש אויף איין טאָג רו, דאָקטער!

— גיט מיר עפּעס צו מאָגן־קראַמפּן, דאָקטער!

— מיינע ציין, דאָקטער!

— כ׳האָב צוויי פיס ווי די פעסער, דאָקטער!

— זאַלבע צו מיינע אָפּגעברענטע הענט, דאָקטער!

— עפּעס צו שווענקען דעם האַלדז, דאָקטער!

— דער פּלוס מאַכט מיר דעם טויט, דאָקטער!

— איך ברעך די גאַל אַרויס, דאָקטער!

— פּרוווט מיר די היץ, דאָקטער!

— אַ פּראָשעק צו קאָפּ שמערצן, דאָקטער!

— איך ווער משוגע! איך ווער משוגע! — האָט זיך דער דר. שטיינבערג צעשריגן און גענומען לויפן זיך פאַרהאַלטנדיק די אויערן. — איך שווער אייך יידן, אז כ׳וואָלט אייך אַלע געוואָלט העלפן, נאָר כ׳האָב נישט מיט וואָס. נאַט זעט דעם טיש! אַלץ איז אויסגעליידיקט און קיין פרישע מעדיקאַמענטן ליווערט מען נישט אריין. כ׳האָב גערעדט מיטן ראַפּאָרט־פירער, האָט ער מיך אויסגעלאַכט:

— מעדיקאַמענטן פאַר יידן? — זאָגט ער. — דאָס דאַרף מען פאַר אונדזערע סאָלדאַטן, די יידן קענען אויסשטאַרבן.

— וואָ זאָל מען אונדז אומברענגען! — האָט זיך אַ העפטלינג צעשריגן.

— אידיאָט, מען ברענגט דאָך אונז אום!...

די טיר פון דער אמבולאַטאָריע האָט זיך האַסטיק אויפגעריסן. מיט אַן איבערגעטריבענעם שטאָלץ איז אַריין דער יידנעלטסטער. אַ פעסטגעבויטער מאַן אין אַ ספּאָרט־אַנצוג, אין אַ פּאָר גלאַנציקע שטיוועלעך, די נאַגייקע ווי אַ שווערד אָנגעהאָנגען לינקס. זיין פּנים

איז געווען אָנגעגאָסן מיט אַ געזונטער, רויטער פאַרב. מיט זיינע ביסטרע גרינע אויגן האָט ער אַדורכגעשפּיזט די גרופּע געפאַנגענע.

— אכטונג! — האָט איינער פון די העפטלינגען אויסגעשריגן.

מיט אַ ציטער האָבן די קרבנות פארקלאַפּט די פיס, אַראָפּגע־כאַפּט זיך די רונדיקע אָן־דאַשקאָווע היטעלעך און געבליבן שטיין מיט צאַפּלדיקע בליקן, אָנגעהאַנגען אויפן יידנעלטסטן.

— וואָס קומט דאָ פּאָר, דאָקטער?

— זיי ווילן מעדיקאַמענטן, הער פארשטאַנד.

— המ... מעדיקאַמענטן? — האָט ער אַראָפּגעהעקלט זיין נאַ־גייקע. — דאָס גאַנצע אויף די בודען אַוועקטרעטן, מאַרש, מאַרש!

פון זיין אויסגעשריי איז געוואָרן אַ ווילד געלויף צו דער טיר. צענדליקער הענט האָבן געשוועבט אין דער לופט, ווי איבערגעשראָ־קענע פייגל. צענדליקער פּאָר האָלץ־שיך פאַלן אַרויס אין קאָרידאָר און שלעפּן מיט פיס. פון דער אַמבולאַטאָריע, ווו מען באַדאַרף באַ־קומען מעדיציניסע הילף, זענען די געפאַנגענע אַרויס מיט נאָך טי־פערע וווּנדן... זיי האָבן אוועקגעטראָגן זייער טרויעריק געמיט אין באַראַק אַריין. אַוועקגעוואָרפן זיך אין אַ ווינקל, ווי אַן אויסגענוצטע שמאַטע. דער מוח האָט געטראַכט... דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט... נאָר, אַז זיי לעבן איז קיינער פון זיי נישט געווען זיכער...

—זיצט, הער יידנעלטסטער! — האָט דר. שטיינבערג צוגע־טראָגן אַ טאַבורעטקע דעם יידנעלטסטן, וועלכער איז געשטאַנען אינ־מיטן פון דער אַמבולאַטאָריע פאַרגליווערט, מיטן בליק צו דער טיר, דורך וועלכער די געליטענע זענען אַקאָרשט אַרויסגעפאַלן מיט שרעק פאַר זיין קול.

— נישט נויטיק, דאָקטער.

דער יידנעלטסטער האָט גענומען נערוועז שפּאַנען איבער דער ליידיקער אַמבולאַטאָריע.

— איר מוזט זיין אַ ביסל מער ענערגיש, דאָקטער! די מאַנשאַפט דאַרף דאָ נישט זען דעם ליידיקן טיש ביי אייך. זאָלן זיי כאָטש מיינען, אַז ס'זענען יאָ פאַראַן מעדיקאַמענטן פאַר זיי. פארשטאַנען דאָקטער!

— איך האָב פארשטאַנען, הער פארשטאַנד!

פון דרויסן האָט זיך דערטראָגן אַ שטימע פון אַ „קאַפּאָ“:

— לינקס, לינקס! מיצן אָפּ!

אַ יידישער סאַניטאַר האָט האַסטיק אויפגעריסן די טיר. ער האָט

אריינגעפירט א פארחלשטן, וואס האט זיך דעם סאניטאר ארויסגע־גליטשט פון די הענט און מיט אן אפהילך אוועקגעפאלן אויפן דיל.

— כ׳האב אייך געזאגט, דאקטער. — האט דער סאניטאר גע־סאפעט. — אז אן באלדעריאן־טראפן, קען מען נישט ארויסגיין צו דער ארבעט. די מאנשאפט איז פון דעם עסן אפגעשוואכט. ער איז שוין דער צענטער פארחלשטער און אויפן וואגן האב איך פינף טויטע.

— רייד מיטן פארשטאנד! — האט דר. שטיינבערג זיך נערוועז אויסגעקנאקט די פינגער.

— שווייג, אידיאט! — האט דער יידנעלטסטער אויסגעשריגן צום סאניטאר. — דו גייסט מארגן אין דער ציגעלניע, ווי א פראסטער ארבעטער. זאפארט אויסטאן דעם רויטן קרייץ!

דער סאניטאר איז א ווײלע געבליבן שטיין צעטומלט... ער האט געטראכט, אז מענטשלעך מיטפילן דעם צווייטנס טראגעדיע, איז געווארן א פארברעכן. דאך האט ער מיט א שטאלצער האלטונג א ראפגעריסן דעם רויטן קרייץ און אים איבערגעגעבן דר. שטיינבערג.

— איצט נעם דעם פארחלשטן און טראג אים ארויס אין דער לייכן־קאמער! — האט דער יידנעלטסטער באפוילן.

— ער לעבט דאך נאך, הער פארשטאנד...

א הילכיקער פאטש האט א פלאם געטאן דעם סאניטאר איבערן פנים.

— אז כ׳וועל דיך פרעגן וועסטו מיר ענטפערן. דו נעם אים און טראג אים!

מיט א טריבן בליק האט דער סאניטאר אויפגעהויבן דעם פאר־חלשטן און האט אים ארויסגעטראגן, מיט טריט, ווי ער אליין וואלט געגאנגען צום טויט...

אין דער אמבולאטאריע איז א ווײלע שטיל געווארן, ווי נאך א מת... באלד האט אין דער שטילקייט געגומען אריינרוישן א ראש־אנפארנדיקער אויטאמאביל, וועמענס הילכיקע סיגנאלן האבן אין עפעס דערמאנט...

דר. שטיינבערג מיטן יידנעלטסטן האבן זיך א ווײלע אנגעקוקט מיט א פראגעצייכן אין די אויגן:

— ? ...

דערנאך זענען זיי האסטיק צוגעשפרונגען צום פענצטער.

— א דייטשע קאמיסיע!

דער דאָקטער האָט אויפגעציטערט. מיט זיין ווייסער שירעם האָט ער געגומען צעטומלט אָפּווישן דעם טיש, די פלעשער.

— פונקט האָב איך היינט דעם באָדן נישט געוואשן.

— אַז איך שריי, אַז אין אַן אַמבולאַטאָריע מוז אַלץ בלאַנקן, הערט איר מיך, ווי המן דעם גרעגער. — האָט דער יידנעלטסטער אָן אויפגערעגטער געבייטשט דעם טיש מיט דער נאַגייקע.

דייטשע שטיוול האָבן געפּויקט אין קאָרידאָר. די טיר האָט זיך דורך אַ פעסטער פויסט אויפגעפּראַלט. מיט שטורעם איז אריין דער הויפּטמאַן לינדער. דאָס איז געווען אַ געל-האָריקער פעסט גע־בויטער מאַן, מיט אַ פּאָר שאַרפע גרינע אויגן, ווייסע ברעמען. זיין קאַנטיק פּנים האָט אויסגעדריקט ענערגיע און פאַרביסנקייט. אויף זיין לינקער באַק, האָט זיך אַ זיגזאַגישער שראַם געצויגן פון מויל־ווינקל ביז צום אויג. ער האָט געטראָגן געלע שטיוול מיט הויכע כאָלעוועס. אין דער רעכטער האַנט — אַ געפלאָכטן בייטשל, אין דער לינקער — די רעכטע הענטשקע.

— הייל היטלער! — האָט ער בייז ארויסגעברומט.

נאָך אים האָט זיך מיט אונטערטעניקייט אריינגעלאָזט דער ראַ־פּאָרט־פירער: אַ הויכער, דארער בלאָנדער אריער, מיט אַ רויט פּנים פון אַ וואלד־מענטש.

— הייל היטלער! — האָט ער אויסגערופן גיפטיק.

דער בלאָק־פירער, אַן אויסגעצויגענער קאָמישער דייטש מיט אַ נאָז־הויקער, איז אריין ווי אַ ווינט מיט אַן אויסגעלאָשענער לולקע אין פּיסק, וואו אַן איראָניש שמייכעלע האָט זיך געדרויכערט:

— הייל היטלער!

דעם יידנעלטסטנס הכנעה׳דיקער קערפּער האָט זיך אויסגעצויגן, ווי אַ בוים וואָלט זיך אויסגעגליכן און מיט אַ מיליטערישן פּויק מיט די שטיוול, האָט ער געמאָלדן:

— הער הויפּטמאַן, איך מעלדע, אַמבולאַטאָריע אין אָרדענונג! דער פאַרשטאַנד אויף קאָנטראָלע, אָט איז דער אויבעראַרצט!

דר. שטיינבערג האָט אַ צאַפּל געטאָן, אומגעלונגען צוגעקלאַפּט די פיס און געמאָלדן:

הער הויפּטמאַן, איך מעלדע אַמבולאַטאָריע... אַמבולאַטאָריע... זיין צונג האָט זיך פאַרהאַקט

— המ... — האָט זיך דער הויפּטמאַן פאַרקרימט און צוגעלייגט דאָס בייטשל צו דר. שטיינבערגס קאָפּ: — פאַר אַזאַ מעלדונג באַקומט

מעז פון מיר שמייץ. אָבער איך לאָז דיך דאָס מאָל אדורך, ווייל איך בין געקומען מיט אן עקסטרע באפעל. יידנעלטסטער, אויבערארצט אויפגעפּאסט! יאָ, ערשטנס ווייסט מיר די ליסטע פון קראנקן־עפעקטיוו!

דר. שטיינבערג איז האַסטיק צוגעשפּרונגען צום טיש, ארויס־גענומען א ליסטע פון א גרויס בוך און דערלאַנגט דעם הויפּטמאַן מיט א ציטערדיקער האנט.

— ביטע, ביטע! אָט איז די ליסטע.

דער הויפּטמאַן האָט געכאַפּט א בליק און זיך באַלעקט.

— דאָס הייסט טויזנט זיבן און אכציק קראַנקע אויף פינף טויזנט מאַן.

— דערלויבט א באַמערקונג, הער הויפּטמאַן! — האָט דער יידנ־עלטסטער געזאָגט מיט א ציטערנדיקער שטימע — צווישן די קראַנ־קע, וואָלט איך לייבט געקענט אויסקלייבן עטלעכע הונדערט פעיקע ארבעטער, ווען זיי זאָלן ווערן בעסער דערנערט. שוין דעם צווייטן חודש, ווי זיי באַקומען האַלבע ראַציעס ברויט און האַלבע טעלער מיטאָג איין מאָל אין טאָג. פון דעם עסן קענען זיך די לויטע נישט ערהאָלן.

— ווער האָט דען דיר געזאָגט יידנעלטסטער — האָט דער הויפּט־מאַן, מעשה שטן, זיך א שפּיל געטאָן מיטן בייטשל, — אַז מיר ווילן די לויטע זאָלן זיך ערהאָלן. מיר האָבן דאָס מיסט גענוג. הי־הי! יעדן טאָג ליווערט מען אונדז גאַנצע וואַגאָנען: פון פוילן, בעלגיע, האָלאַנד, פראַנקרייך, אונגאַרן, פון גאַנץ אייראָפּא כאַ־כאַ! שיין וואָלטן אויסגע־זען אונדזערע טרופּן, ווען די לייבעס דאַרפן זיי צושטעלן אַמוניציע, אָבער וואָס ניצט איבעריקע רייד? אויפגעפּאַסט! אויפגעפּאַסט!

— האָט זיך דער הויפּטמאַן געפּאַטשט מיטן בייטשל איבער דער לינקער האַנט־פלאַך און אָנגעהאָנגען זיינע אויגן אויף דר. שטיינ־בערג.

— איך האָב באַקומען א באַפעל פון אַלע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וואָס האָבן נישט קיין אויוונס צו פאַרברענען, צו ליקווידירן די קראַנ־קע און... און... די ארבעט גיב איך איבער דעם אויבערארצט...

זיין בליק האָט געטראָפן דעם דר. שטיינבערג, ווי ער וואָלט אין אים ארייגעשאָסן א פייל...

דר. שטיינבערג האָט זיך געעפנט דאָס קנעפּל ביים האַלדז...

— אָבער ווי אזוי זאָל איך דאָס מאַכן, הער הויפּטמאַן?

— גאנץ איינפאך — האָט דער הויפּטמאַן געזאָגט מיט א מע-פיסטאָפעלישן שמייכל — דו מאַכסט די לויטע איינשפּריצונגען פון פּעטראָל דירעקט אין האַרץ אריין. די מאַטעריאַלן געפינען זיך ביים ראַפּאָרט־פירער. די אַרבעט מוז זאָפאָרט ווערן אָנגעהייבן. מיר דאַרפן די באַראַקן פאַר אַנדערע געזונטע, וואָס זענען שוין אין וועג. יידנעלטסטער, דו ביסט פאַראַנטוואָרטלעך. און זי, הער ראַפּאָרט־פירער און זי, הער בלאָק־פירער קומען אויף קאָנטראָלע זען צי אַלץ קלאַפּט. האָט איר אַלע פאַרשטאַנען?

— יאַוואָל הער הויפּטמאַן! — האָט ארויסגערעדט דער יידנ-עלטסטער צעטומלט.

— דער אויבעראַרצט האָט מיר נישט געענטפערט. — האָט דער הויפּטמאַן א בייזן ברום געטאָן.

דר. שטיינבערגס גוף האָט זיך א וויג געטאָן... מיט די הענט האָט ער אָנגעכאַפּט די לופט, ווי ער וואָלט באַקומען א קאָפּ־שווינדל...

— איך גלויב נישט, אַז א יידישער דאָקטער זאָל דאָס קענען מאַכן.

— כי־כי! — האָט דער הויפּטמאַן געלאַכט. — אפשר וואָלסטו געוואָלט א דייטשער דאָקטער זאָל זיך איינשטינקען די הענט ביי דיינע לייכעס.

דר. שטיינבערג איז געבליבן שטיין, ווי פאַרשטיינערט.

— דו ענטפערסט נישט? — האָט דער הויפּטמאַן גענומען טרייסלען דר. שטיינבערגס ציטערנדיקן קערפּער.

— איך וועל דאָס נישט מאַכן, נישט קענען מאַכן! — האָט דר. שטיינבערג זיך אליין גענומען ווערגן ביים האַלדז...

— ער איז פּאַריקט דיין דאָקטער, יידנעלטסטער. — האָט דער הויפּטמאַן אָנגעבלאָזן זיינע באַקן מיט צעפּלאָשעטע ברעמען פון א טייוול.

און באַלד איז זיין פּנים אָנגעגאָסן געוואָרן מיט א רציחה. ער האָט גענומען טופּען מיט די שטיוול, אַזש די שויבן האָבן גענומען ציטערן.

— איינס און צוויי ווערסטו ביי מיר דערשאָסן ווי א הונט!

דאָס בייטשל אין הויפּטמאַנס האַנט האָט א פייף געטאָן אין דער לופט. דר. שטיינבערג האָט זיך אָנגעכאַפּט ביי דער נאָז. ער האָט א ציטער געטאָן, ווי מען וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער.

עס איז א ווייַלע שטיל געוואָרן אין דער אַמבולאַטאָריע; בלויז

דר. שטיינבערגס האסטיקער אָטעם האָט זיך געלאָזט הערן, ווי זיין האַרץ וואָלט זיך געהאַלטן ביים אָפּשטעלן.

— פאַרוואָס לאָזט איר אים שווייגן? — האָט דער הויפּטמאַן א געשריי געטאָן צו זיין סוויטע.

ווי אַ מחנה בלוטדורשטיקע חיות, איז די דייטשע סוויטע באַפאַלן דעם דר. שטיינבערג. ער האָט געשפּירט שאַרפע נעגל רייסן דאָס פלייש פון זיין פּנים, שטאָלענע פויסטן פאַלן איבער זיין קאָפּ און צום סוף האָט א שטיוול א ווילדן פויק געטאָן אין זיין ליידיקן בויך אריין.

דער אָפּהילך פון שטיוול איז געווען שטאַרקער, ווי דר. שטיינ־בערגס דערשטיקטער קרעכץ... ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אין די וועגט. דערנאָך ווילד גענומען לויפן איבער דער אַמ־בולאַטאָריע, ווי ער וואָלט געווען געריירט פון זינען און זיין שטימע האָט געשניטן די העלדזער פון די דייטשע הענקער:

— מיינע הענט וועל איך צו קיין דייטשע צוועקן נישט שענקען. דאָס אַליין, וואָס איך קען אייך שענקען איז מיין אייגן לעבן. — און אָנכאַפּנדיק זיך ביי דער ברוסט, איז ער געבליבן שטיין אין א ווינקל, ווי זיך שוין אויסגעטיילט פון די לעבעדיקע...

— אויס־גע־צייכנט! — האָט דער הויפּטמאַן פאַרקרימט זיין מאָרדע. — יידנעלטסטער, דו שטעלסט מיר צו זיין פאַרטרעטער. דיין אויבערארצט עקזיסטירט נישט מער. נאָך היינט ווערט ער א נאַ־קעטער אויפגעהאָנגען אין וואש־באראק. דו לאָזט מיר אים הענגען דריי טעג. מיינע לייטע וועלן קומען קאָנטראָלירן. פאַרשטאַנען, יידנ־עלטסטער?

— צום באַפעל הער הויפּטמאַן!

— שיק מיר ארייַן זיין פאַרטרעטער!

— דר. אייזנער! דר. אייזנער!

ווען דאָקטער אייזנער איז אַריינגעקומען און זיך צוזאַמענגעגע־טראָפן מיטן בליק פון דר. שטיינבערג, האָט דער לעצטער שטיל אַרויסגערעדט:

— אייזנער, הינטערן שענקל, אין אַ פלעשל שטייט אַ ביסל באַלדריאַן־טראָפּן, מען קען נאָך מיט דעם ראטעווען א מענטש.

— זאָל מען אַרויספירן דעם שווין, — האָט דער הויפּטמאַן זיך געוואָרפן פאַר רציחה.

צוויי פון דער דייטשער סוויטע האָבן ווילד א כאַפּ געטאָן דעם

דאָקטער שטיינבערג. ער האָט זיך זיי נאָכגעשלעפּט, ווי זיינע פיס וואָלטן געווען אונטערגעבראָכן.

דאָס פּנים זיינס איז געווען אויסגעבלייכט, ווי ביי א מת, נאָר אין די אויגן האָט זיך געשפּיגלט א טיפער גלויבן, אז א דאנק זיין טויט, וועלן אנדערע לעבן...

פּאריז, אָקטאָבער 1946.



# דער סקעלעטן־טאנץ

דער טאָג האָט זיך געלאָשן אויף די בלוי־באַשמירטע פּענצטער־לעך פון וואַש־באַראַק צוזאַמען מיט אַ לעבן, וואָס איז דאָ געהאָנגען אַ האַלב-נאַקעטעס אויף די הענט און געקרעכצט מיט אַ שטימע פון אַ גוסס, וואָס־אַמאָל שוואַכער, שטילער...

דאָס פּנים און דער ביוסט פון דר. שטיינבערג זענען געווען שוי־דערלעך צעפּאַסעוועט פון נאַגייקעס...

פון ביידע זייטן וואַש־באַראַק, זענען געלעגן אויפגעשטאַפּלטע טויטע אין שוואַרצע קאַלדרעס און געוואַרט אויף דער ריי צו ווערן אַוועקגעפירט אויף פאַרניכטונג...

אויף אַ טראַגע זענען דאָ געזעסן צוויי באַגרעבער. איינער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ לאַגער-וואָגל, געמאַכט פון אַ שפּענדל מיט צוויי שטריקלעך, צוגעטשעפּעט צוויי ראַסטיקע נעגל, וועלכע זענען געווען אריינגעשטאָכן אין צוויי ראַציעס ברויט. דער באַגרעבער האָט געוואויגן דאָס ברויט מיט אַרויסגעזעצטע אויגן... דעם צווייטן באַ־גרעבערס קאָפּ האָט זיך ווילד געדרייט אהין און צוריק, באַטראַכטנ־דיק ביידע שטיקער ברויט מיט אַ האַרץ-קלאַפּעניש, צי וועגט נישט חלילה איינס מיט אַ גראַם מער, ווי דאָס צווייטע.

— נישט ריכטיק איטשקע, ס׳צינגל האָט זיך נישט אָפּגע־שטעלט אין דערמיט! — האָט דער צווייטער באַגרעבער געשריגן.

— אַ נס, וואָס מען באַקומט נישט יעדן טאָג קיין „נאַכשלאַג“ פון ראַפּאָרט-פירער. איך וואָלט זיך מיט דיר יעדן טאָג געדאַרפט קריגן צוליב איין גראַם ברויט. — האָט דער ערשטער באַגרעבער זיך אויפגערעגט.

— און דו ביסט ווידער בעסער. אַ גראַם ברויט באַטרעפט אַ ליטער בלוט... נו זאָל זיין גענוג געוויגן. איך דריי זיך אויס צו דער וואַנט.

דער צווייטער באַגרעבער איז אויפגעשפּרונגען פון דער טראַגע, אוועקגעשטעלט זיך מיטן פּנים צו די טויטע און דער ערשטער האָט געפרעגט:

— וועלכע ראַציע ווילסטו, פון דער רעכטער האַנט, צי פון דער לינקער?

ביים צווייטן באַגרעבער האָבן געצאַפּלט די אויגן... ער האָט גע־קוקט אויף די שוואַרצע קאָלדרעס און געזען דאָס ברויט...

— פון דער לינקער האַנט! ניין, כ'האָב חרטה, פון דער רעכטער, פון דער רעכטער!

דער ערשטער באַגרעבער האָט אים ברומענדיק דערלאַנגט ס'ברויט...

— נאַדיר פון דער רעכטער און לאָמיר שוין כאַפּן א ביסן! ס'האַרץ פאַלט מיר שוין פון לייב אַרויס...

דער צווייטער באַגרעבער האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויף דער טראַגע. ביידע האָבן גענומען רייסן שטיקער ברויט. דער ערש־טער איז נאָכגעלאָפן יעדע קרישקע, וואָס איז אַרויפגעפאַלן אויף די מתים'ס קאָלדרע. ער האָט זיך איינגעשפּיגן די שפּיץ פינגער און, ווי מיט א גאָפּל צוריק אַראָפּגעשטאָכן יעדעס ברויט־פּינטעלע. דער צווייטער באַגרעבער האָט געהאַלטן דאָס אָפּגעבראָכענע שטיקל קעגנ־איבער זיין אָפן מויל און אַריינגעקרישלט דאָס ברויט, ווי ער וואָלט געגעסן געבאַקענע פערפל. זיינע אויגן דערהויבן צום סופית האָבן געצאַפּלט מיט א מורא, אַז ס'זאָל חלילה קיין ברעקעלע נישט פאַר־לוירן ווערן...

אָפּגעגעסן, האָבן זיך ביידע באַגרעבער אָנגעקוקט שטומע... יעדן איינעם האָט זיך געדאַכטן, אַז יענער קייט נאָך און יענעמס שטיקל ברויט איז געווען גרעסער...

דער ערשטער באַגרעבער האָט איבערגעשניטן דאָס שווייגן מיט א זיפץ:

— נו הענעך, די ראַציע ברויט שוין איינגעשלונגען און איך בין ווידער טויט־הונגעריק, ווער ווייסט צי מיר וועלן נאָך אַמאָל זאַט ווערן.

דער צווייטער באַגרעבער האָט זיך פאַרטראַכט...

— אוי, איטשקע, איטשקע, וואָס פון אונדז איז געוואָרן! אַז כ'גיב זיך א באַזין: דאָ ליגן טויטע און מענטשן זיצן, עסן ברויט אַזוי גלייכגילטיק, נעמט מיך אָן עקל צום גאַנצן לעבן...

— און מיין האַרץ מיינסטו וויינט נישט אין מיר...

— דו ווייסט, אַז היינט איז שבת? — האָט דער צווייטער באַגרעבער לאַנגזאַם אויפגעהויבן דעם קאָפּ. — אַז כ'גיב זיך אַ דער־מאָן מיין אַמאָליקן שבת-טיש, מיין אויסגעצירטע מלכה, מיינע זין און טעכטער, מיינע אורחים, קלעמט מיך ביים האַרץ... אוי קלעמט מיך!... וואָס זאָגסטו איטשקע, ס'קען זיין אמת, אַז אין אוישוויץ פאַרגאַזט מען?

— אויף די רשעים איז אַלץ צו גלויבן.

איז דער צווייטער באַגרעבער געבליבן זיצן מיט אַ פאַרקלעמט געמיט... דעם קאָפּ אין די הענט און פאַר זיינע אויגן איז אויפגע־גאַנגען אַ לאַגער־בילד:

נעכטן נאָכמיטאָג, די זון האָט געשיינט און פאַרוואַנדלט די האַרטע שנייעלעך אין פינקלדיקע פערל אויפן האַלדז פון דער בלו־טיקער און שניי־ווייסער ערד. אַ מיסט־קאַסטן אָרויפגעזעצט אויף שליטן-ביינער, אָנגעפילט מיט מתים, האָט זיך געשלעפט איבערן וועג... און ווי דער שטן, וואָלט זיך דאָ אַריינגעמישט, איז אונטערגע־קומען די פאַראַדנע באַגרעבניש פון וואַכמייסטער שולץ. מען האָט אים געטראָגן אויף די הענט אין אַ קאַסטן באַדעקט מיט פענער, מיט גאָלד-געשטיקטע דעק-טיכער. אַ מיליטערישער אָרקעסטער האָט גע־שאַלט. פענער האָבן געפלאַטערט. צענדליקער וואַכמייסטערס האָבן מאַרשירט מיט פאַראַדנע טריט. און הינטער זיי — דער יידישער מיסט־קאַסטן, מיט אַ באַרג מתים, אויסגעשטאַרבענע פאַר הונגער. אַנדערע, פאַרשמיסן געוואָרן צום טויט, פאַר גנבענען אַ געפרווירענע ריב. אַ מחנה סקעלעטן האָבן געשלעפט דעם שליטן און געשמיסן גע־וואָרן ערגער, ווי די ביליקסטע שקאָפּעס... צוויי באַגרעבער מיט שאָפּלען אויף די אַקסלען האָבן דעם שליטן באַגלייט. אין וואַלד האָט מען דעם באַרג טויטע אַראָפּגעלאָזט אין אַ נאַסן גרוב נאַקע־טערהייט... די קאָלדרעס האָט מען טעלעכע מאָל איבערגעציילט, צי מען האָט נישט חלילה אַ ייד קובר געווען אין אַ קאָלדרע. און פאַר דער טרחה האָבן די צוויי באַגרעבער באַקומען צוויי פאַרדאַרטע ראַ־ציעס ברויט פון דייטשן טיש אַראָפּ. און איינער פון די באַגרעבער איז ער... ווי אַזוי האָט ער די ראַציע ברויט אויפגעגעסן און נישט דערשטיקט געוואָרן?...

און דער באַגרעבער איז אויפגעשפרונגען פונעם אָרט, ווי דער אַמאָליקער מענטש אין אים, וואָלט אויפגעשטאַנען תחית-המתים.

— זאָלסט וויסן איטשקע, אַז מיר האָבן פאַרלוירן דעם צלם אלהים! — און ער איז שווער אנידערגעפאַלן אויף דער טראַגע.

— יאָ הענעך, איך בין מסכים. מיר האָבן טאַקע פאַרלוירן דעם צלם אלהים. — האָט דער ערשטער באַגרעבער אָפּגעזיפצט.

די טיר פון וואַש-באַראַק האָט זיך האַסטיק אויפגעריסן. דער ראַפּאָרט־פירער איז אַריין מיט שטורעם. ער איז געווען אַזוי רויט־פּנימדיק אָנגעפּרעסן, אַז דער קאָלנער פון מונדיר איז אים אפילו אין די גרעסטע פּרעסט געווען אויפגעשפּיליעט. נאָכן ראַפּאָרט־פירער האָבן זיך נאָכגעשלעפּט דער יידנעלטסטער און עטלעכע „קאַפּאָס".

— אַכטונג! — האָבןביידע באַגרעבער אויסגעשריגן און אויפגעשפּרונגען.

— אידיאָטן! — האָט דער יידנעלטסטער זיך געכעסט. איר זעט נישט, אַז דער געהאָנגענער איז שוין טויט? בינדט אים תיכף אָפּ און שטאַפּלט אים אויף אין אָרדענונג! פלאַץ מאַכן פאַר אַנדערע!...

די באַגרעבער האָבן אָפּגעבונדן דעם געהאָנגענעם, אים אויסגעטאָן נאַקעט און איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע.

דער ראַפּאָרט־פירער איז געשטאַנען פון ווייטנס און האָט מיט זיינע שאַרפע אויגן עפּעס געזוכט אין דעם טויטנס מויל....

— באַגרעבער! — האָט זיין שטימע אַ דונער געטאָן —

— דער טויטער האָט גאָלדענע ציין אין פּיסק, איז אַרויסזעגן, זויבער מאַכן און איבערגעבן דעם יידנעלטסטן פאַר מיר.

— צום באַפעל הער ראַפּאָרט-פירער! — האָבן ביידע באַגרעבער זיך אַ טרייסל געטאָן.

— נו איצט יידנעלטסטער, מאַכסטו מיר גרייט די קראַנקע צום דושן! — האָט דער ראַפּאָרט־פירער געפּאַטשט אין די הענט אַריין באַפעלעריש און האָט חוצפה'דיק אויפגעריסן די טיר.

דער יידנעלטסטער איז באַלד אַרויסגעשפּרונגען מיטן פייפל אין מויל, די „קאַפּאָס" — נאָך אים.

די לאַגער שטילקייט איז געוואָרן אויפגעריסן. פייפלעך האָבן אָנגעהייבן זשומען אין דער לופט. נאַגייקעס האָבן אַריינגעפּיפן אין דער טויטקייט, עס איז געוואָרן אַ מהומה. די קולות פון די „קאַפּאָס": „סאַניטאַרן אונטערפירן די קראַנקע!" האָבן פאַרטויבט די לופט. די טירן פון די „קראַנקן־שטובעס זענען מיט אַ ווילדקייט געוואָרן אויפגעפּראַלט. אַ גרופּע „קאַפּאָס" האָבן זיך אַריינגעלאָזט. איינער האָט זיין נאַגייקע אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש, ווי אַ שלאַנג וואָלט

ארויפגעשפרונגען און ער האָט זיך צעשריגן מיט צוויי גראָבע פּיסקעס:

— אַלע קראַנקע אָן אויסנאַם, אפילו די וואָס האָבן היץ, וואַרפן פון זיך אַראָפּ די העמדער, נעמען אויף זיך די קאָלדרע און האַליץ־שיך און היידאַ אין וואַש־באַראַק אריין זיך באָדן!

און ווען קיינער פון די קראַנקע האָט זיך נישט גערירט, האָבן נאַגאַיקעס גענומען פּאָכען איבער געשוואָלענע, האַלב־טויטע קעפּ. צווישן די קראַנקע איז געוואָרן א פּאַניק. עס איז געוואָרן א געשפּרונג און א געפּאַל פון די בעטן. קרעכצן, געשרייען, געוויינען, אַז די פּיס קענען נישט טראָגן, האָבן זיך פאַרייניקט אין איין בעטנדיקן קול. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. הענט פון „קאַפּאָס" האָבן געיאָגט, געשלעפּט ביי די העלדזער, געוואָרפן אויפן באָדן, טעלער מיט א דינער שיבט זופּ, וואָס די קראַנקע האָבן זיך איבערגעלאָזט אויף שפּעטער, זענען אַראָפּגעשפּרונגען פון טאַבורעטקעס. איינער איז געפאַלן איבער א שטרוי־זאַק, וואָס איז געלעגן אינמיטן דער „שטובע" נאָך א טויטן. די סאַניטאַרן אין ווייסע רויטנעקרייצטע שירצן האָבן מיט כוח ארויסגעפירט אונטערן אָרעם סקעלעטן, וואָס דער טויט האָט זיי שוין מער געהאַט אין זיין רשות, ווי דאָס לעבן. אַנדערע זענען געוואָרן מיט כוח געשטויסן צו דער טיר. עס איז געוואָרן א געדרעפּטשע פון האַליץ־שיך אויפן האַרטן שניי. „קאַפּאָס" האָבן אונ־טערגעטריבן מיט די נאַגייקעס, ווי מען יאָגט אונטער אָפּשטייענדיקע פערד. דאָ און דאָרט איז איינער געפאַלן, האָט מען אויפגעהויבן פּעק־לעך ביינער געהילטע אין קאָלדרעס און זיי אַריינגעוואָרפן אין דער אָפענער טיר פון וואַש־באַראַק.

— שנעלער אריין, ס'וואַסער ווערט קאַלט! אויסזעצן זיך אויף די בענק און וואַרטן! — האָבן די „קאַפּאָס" געשריגן מיט באַנומענע קולות.

די סקעלעטן זענען באַפאַלן די בענק שווער אָטעמדיק און זיך אַוועקגעזעצט ציטערנדיק מיט הענט און פּיס. זיי האָבן זייערע גאַ־קעטע לייבער געוויקלט, געוויקלט אין די קאָלדרעס און זיך געטרייסלט פאַר קעלט. זייערע קעפּ זענען געווען אָפּגעגאָלט. זייערע פּנים'ער האָבן אויסגעזען ווי גיפּס־מאַסקעס; בלויז זייערע צאַפּלדיקע בליקן האָבן דערמאָנט אין לעבנס, וואָס לעשן זיך אויס...

א ווײַלע איז געוואָרן שטיל. א שווייגעניש, ווי ביי א גוסס בעט, ווו דער טויט דערנענטערט זיך מיט לאַנגזאַמע טריט...

— פּערלמאַן, דו האָסט דאָך אָנגעטאָן מיינע שיך. — האָט א

לעבעדיקער איבערגעריסן די שטילקייט פון טויט. — איך פארגין מיר זיי נישט אָנצוטאָן. אפשר וועל׳ך נאָך קענען גיין צו דער אַרבעט !...

— ס׳איז געוואָרן א טומל, האָב איך נישט געקוקט וועמענס שיך איך כאַפּ.

— אבער איצט גיב אוועק מיינע שיך און נעם דיר מיינע לאַטשן! ארויסגייענדיק פונעם דוש, נעצט מען זיך איין די פיס, מען קען זיך דערקילן...

— קען איך זיך אויך דערקילן.

— אָבער די שיך זענען דאָך מיינע.

— אין לאַגער איז נישטאָ קיין מיינע, נאָר אונדזערע — האָט אַ סקעלעט ארויסגעהוסט.

— אפילו די צרות זענען אויך אונדזערע. — האָט א צווייטער סקעלעט אויסגעשריגן.

— גיב אהער די שיך ! — איז דער ערשטער סקעלעט אויפגעשפרונגען און נישט געקוקט, וואָס ער האָט קוים געקענט רירן מיט אַן אבר, האָט ער דעם צווייטן סקעלעט אַ שטויס געטאָן.

— שלאָג נישט ! מיר זענען שוין גענוג געשלאָגן. — האָבן זיך כמעט אַלע סקעלעטן אַ וואָרף געטאָן און זייערע אויגן האָבן געבליצט, ווי ביי אויטאָמאַטן, וואָס דאַרפן נאָכמאַכן לעבעדיקע...

די אויערן פון די סקעלעטן, האָבן מיטאַמאָל אויפגעכאַפּט טריט פון דייטשע שטיוול. עס איז שטיל געוואָרן... די סקעלעטן האָבן זיך איינגעקורטשעט, ווי זיך געוואָלט אַריינשאַרן אין די ווענט...

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט. עס האָבן אַריינמאַרשירט דער ראַפּאָרט-פירער, דער יידנעלטסטער, ד״ר אייזנער און אַ גרופּע ס. ס. - מענער.

— אַכטונג ! — האָט אַ סקעלעט אויסגעשריגן מיטן גאַנצן ביסל כוח, וואָס האָט אים נאָך געלאָזט לעבן.

די סקעלעטן זענען אויפגעשפּרונגען פון די ערטער. די הענט — מיליטעריש שטייף אַראָפּגעלאָזן. זייערע קאָלדרעס האָבן זיך צעעפנט, ווי פאָרהאַנגען. און לייבער, ווי אילוסטראַציעס פון מענטש־לעכע קערפּערס אין אַ מעדיציניש בוך, האָבן זיך געריסן אין די אויגן אַריין.

— זיצן בלייבן ! — האָט דער ראַפּאָרט-פירער באַפוילן.

די סקעלעטן זענען צוריק אַוועקגעפאַלן אויף די בענק.

דער בליק פון ראַפּאָרט-פירער איז געפאַלן אויף ד״ר אייזנער :

אַ דיקלעך פּופּציק-יעריקער מאַן אין אַ ווייסן כאַלאַט מיט אַ רויטן קרייץ אויף דער ברוסט. אַ גלאַנציקער פּליך, אַ ראָזלעך פּנים אין ברילן. ד"ר אייזנער האַלט אין האַנט אַ וואַליזקעלע מעדיצי־נישע מכשירים. הינטער אים — צוויי סאַניטאַרן. פון זייערע פּלעשער אין די הענט טראָגט זיך אַ ריח פון פּעטראָל...

— איז אַלץ פּאַרגעברייט דאָקטער? — האָט דער ראַפּאָרט־פירער געפרעגט און די אויגן זיינע זענען געוואָרן אנגעצונדן מיט אַ מאָדנעם פייערל...

— אַלץ איז פּאַרגעברייט, הער ראַפּאָרט-פירער!

אַ שטילקייט איז געבליבן הענגען אין דער לופט, ווי אַ בלייער־נער וואָלקן...

דער ראַפּאָרט-פירער האָט די סקעלעטן אַדורכגעשפּיזט מיט די אויגן און זיך אָפּגעשטעלט ביי איינעם:

— וואָס האָסטו געמאַכט אויף דער פריי, קריפּל?

— אַ שניידער, הער ראַפּאָרט-פירער! — האָט זיך דער סקע-לעט אויפגעכאַפּט און געפאַלן פון די פיס.

— אַ מיליטערישער?

— ניין.

— טאָ בלייב זיצן אויפן הינטן.

— און דו?

— געהאַט אַ געשעפט אין ווין פון קינדער־שפּילצייג.

— אַ ווינער?

— יאַוואָל הער ראַפּאָרט-פירער. אין וועלט-קריג בין איך געוועזן עסטרייכישער אָפיציר, באַקומען אויסצייכענונגען.

— גענוג געקוואַטשט! סאָלדאַטן פאַר וואָס סאַלוטירט איר נישט אייער אָפיציר?

— הער לויטנאַנט, כאַ־כאַ־כאַ! — האָבן זיי געקראַכט פאַר געלעכטער, געשלעפּט דעם סקעלעטס קאָלדרע, ביז ער איז געזונקען אין דער ערד.

— און דו?

— אַן אָפּערעטן־שוישפּילער, הער ראַפּאָרט־פירער!

— דו קריפּל איינער, ביסט געוועזן אַ שוישפּילער?

— אויף דער דייטשער בינע, הער ראַפּאָרט-פירער!

— יידנעלטסטער, דער קריפּל איז נישט משוגע?

— איך בין נישט משוגע, הער ראַפּאָרט-פירער! איך האָב דאָס

דייטשע פובליקום באַצויבערט מיט מיין טענאָר און מיט מיין עלעגאַנץ.

און אנהייבנדיק זיך טרייסלען פאר אויפרעגונג האָט זיך דער סקעלעט צעשריגן:

— טויט מיך! מיר איז אַלץ איינס. אבער דעם אמת אין פּנים אריין מוז איך אייך זאָגן. ווער האָט מיך דען פארוואַנדלט אין דעם, וואָס איך בין, אויב נישט די, וואָס לאַכן מיך איצט אוים?

— שווייג קריפּל!

— איך וועל נישט שווייגן, נאָר שרייען!!

און פאָכענדיק מיטביידע הענט, האָט זיין שטימע זיך געריסן אין דער קעל:

— איר וועט טייער באַצאָלן פאר יעדן קרבן!

— האַנס, אַפּלאָדיר אים מיט פייער! — האָט דער ראַפּאָרט-פירער א שטוים געטאָן א סאָלדאַט.

א פריידיק דייטשער פּרצוף האָט געגעבן א בליץ. א האַנט האָט ארויסגעכאַפּט א רעוואָלווער. א שאָס... א פייערל... א געלעכ-טער... א סקעלעט פאַלט...

דעם געפאַלענעם סקעלעט, האָט דער ראַפּאָרט-פירער באַרירט מיטן שטיוול און געזאָגט:

— דער דאָקטער וועט האָבן א קליענט ווייניקער...

די סקעלעטן האָבן זיך איבערגעקוקט מיט א טויטשרעק...

— באַגרעבער, אויפרוימען דעם טויטן! — האָט דער ראַפּאָרט-פירער באַפוילן.

די באַגרעבער האָבן דעם טויטן אוועקגעטראָגן. דער ראַפּאָרט-פירער האָט זיך צופעליק באַגעגנט מיטן טויטנס אָפענע אויגן, האָט ער זיך אויסגעדרייט.

— נו איצט דאָקטער צו דער אַרבעט! איך קום באַלד קאָנ-טראָלירן, צי אַלץ איז אין אָרדענונג... — האָט ער באַפוילן און אַוועק מיט זיין סוויטע. דער יידנעלטסטער — נאָך זיי.

דער דאָקטער אייזנער, איז געבליבן שטיין, ווי פּאַראַליזירט... זיין שפּאַנען ארויף און אַראָפּ, האָט אויסגעדריקט אן אינערלעכן געראַנגל...

— איר האָט געזען וואָס פאַרא ווערט אונדזער לעבן האָט? — האָט דער סקעלעט פון די שיך זיך געבראָכן די הענט. — אָט האָט א מענטש זיך מיט מיר געקריגט און אָט ליגט ער שוין צווישן טויטע.

— מיר זענען געוואָרן האַרט, ווי שטיינער. קיין שום זאַך מאַכט אויף אונדז מער נישט קיין איינדרוק. — האָט אַ צווייטער סקעלעט געערדט פאַרטראַכט.

— האָט איר געהערט די מעשה מיטן אַנטוועריפענער ייד, וואָס איז נעכטן אָפּגעשטאָרבן מיט אַ ראַציע ברויט אין האַנט? — האָט אַ דריטער סקעלעט זיך דערמאַנט. — ער האָט מורא געהאַט, מען זאָל אים די ראַציע ברויט נישט גנבענען. ווען ער איז אָפּגעשטאָרבן, איז זיין בעטל־שכן צוגעשפּרונגען און אים אַרויסגעריסן דאָס ברויט פון זיין טויטער האַנט...

— וואָס דויערט עפּעס אַזוי לאַנג? מיר איז קאַלט אין די ביינער! — האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ סקעלעט און אָנגעהייבן שפּאַנען איבערן וואַש־באַראַק, ווי ער וואָלט זיך ערשט געלערנט גיין.

— אונדז אויסגעזויגן ס'בלוט! אונדז אַרויסגענומען דעם מאַרך פון די ביינער! מיר זענען נישט מער, ווי אַן אַיי־שאָל. קאַלט!

— האָט זיך אַן אַנדערער סקעלעט אויפגעכאַפּט און אָנגעהייבן קריכן, אַנגעלענט אין דער וואַנט, ווי אַ בלינדער.

דער יידנעלטסטער איז אַריינגעקומען אַ פאַרסאַפּעטער:

— אויפגעפּאַסט! אויפגעפּאַסט! מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל צו מאַכן איינשפּריצונגען אייך צו שטאַרקן... — האָט זיין שטימע געציטערט. — זאָגט מיר וואָס ווילט איר בעסער גיין צו דער אַרבעט, אָדער ליגן אין „קראַנקן־שטובע“?

— צו דער אַרבעט! אויף אַלע פיר וועלן מיר קריכן! — האָבן די סקעלעטן מיט די לעצטע כוחות געשריגן.

— מיר זענען משוגע פאַר הונגער!

— מיט האַלבע ראַציעס ברויט קען מען נישט לעבן!

— קען מען נישט לעבן! — האָבן די שוואַכערע נאָכגעברומט.

— טאָ שטעלט אייך אַנשטענדיק אין דער רייע, דער דאָקטער הייבט אָן זיין אַרבעט!

עס איז געוואָרן אַ געלויף, אַ געשטויס, אַ געברום. יעדער האָט געוואָלט זיין דער ערשטער ביים איינגאַנג. דאַ און דאָרט האָט מען זיך שוין געקריגט.

— עקסלער, ווו שטופּסט דו דיך? דו ביסט דאָך געווען דער לעצטער.

— רואיק זיך פאַרהאַלטן! מיר האָבן מאַטעריאַל פאַר אַלע...

— האָט דער יידענעלטסטער געשריגן, ווייניקער שטרענג, ווי אַלעמאָל.

די טיר פון וואַש־באַראַק האָט זיך ווידער געעפנט מיט שטו־רעם. דער ראַפּאָרט־פירער האָט אַריינגעפירט אַ דיקע בלאָנדע דייטשקע אין אַ מיליטערישן אוניפאָרם, אין אַ פּאָר מענער־שטיוול, מיט אַ דין ריטל אין אירע באַהענטשקעטע הענט. די זעלבע גרופּע ס. ס.־מענער האָבן זיי באַגלייט.

— וואָס צום טייוול, איר האָט נאָך נישט אָנגעהייבן! — האָט דער ראַפּאָרט־פירער אַרויסגעכאַפּט אַ גאָלדענעם זייגער. — שוין איבער אַ שעה, ווי דער באַפעל איז געווען, אנהייבן. וואָס שפּילט איר זיך אַרום מיט דער שייסע?

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער דייטשקע:

— מאַריאַנע, איך האָב דיר געוואָלט ווייזן דעם ספּעקטאַקל... נו שנעלער צו דער אַרבעט!

דער דאָקטער מיט די צוויי סאַניטאַרן זענען איבערגעשראָקענע געלאָפן צום דוש.

— האַלט, האַלט! — האָט דער ראַפּאָרט־פירער געזאָגט מיט אַ שמייכל קוקנדיק אויף דער דייטשקע. — איר האָט ביז איצט נישט אויסגעפירט מיין באַפעל, זענען, זענען, אַלע „העפטלינגען" באַ־שטראָפט!

די סקעלעטן האָבן זיך אַ וויג געטאָן מיט אויפגעריסענע אויגן...

— איר וועט פאַר אונדז... איר וועט פאַר אונדז... טאַנצן אַ חסידישן טאַנץ און דערביי זינגען אַ רבנישע מעלאָדיע. פיין, פיין! — האָט דער ראַפּאָרט־פירער זיך געוואַקלט און מיט זיין נאַגאַיקע אַ גלעט געטאָן די דייטשקע איבערן פּנים, ווי אַן אַנדייטונג, אַז לכבוד איר הייסט ער איינאָרדענען דעם ספּעקטאַקל. — נו שנעלער צום טאַנץ! — האָט שוין זיין נאַגאַיקע געפאָכעט איבער קעפּ פון סקעלעטן.

די קראַנקע האָבן איינגעקורטשעט די קעפּ אין די פּלייצעס... זייערע אויגן האָבן געצאַפּלט און געקוקט מיט אַ געבעט צום ראַ־פּאָרט־פירער.

— מיר קענען דאָך נישט טאַנצן, הער ראַפּאָרט־פירער! אונ־דזערע פיס זענען געשוואָלן.

— זייער גוט! מיט געשוואָלענע פיס טאַנצן יידן בעסער.

און אויסדרייענדיק זיין גאוה'דיק, אָנגעבלאָזן פּרצוף צו די ס.ס.־מענער, האָט ער באַפוילן:

— סאָלדאַטן, ווייזט זיי, ווי מען טאַנצט מיט געשוואָלענע פיס פאַר א ראַפּאָרט־פירער!

די ס. ס.־מענער זענען באַפאַלן די יידן מיט א טייוולאַניש געלעכטער. זיי האָבן געשלאָגן מיט דינע ריטלעך, איבער גאָלע שארבנס, איבער פנים'ער, איבער נאַקעטע לייבער, איבער נאַקעטע פיס. פארצווייפלטע געשרייען און א דייטש געלעכטער, האָבן גערוישט אין אויערן, ווי ברויזענדיקע כוואַליעס אין א ים פון האַס, וואָלטן זיך צונויפגעגאָסן. די סקעלעטן צוזאַמענגעקנעטן, ווי איין קערפּער, האָבן זיך געבויגן אין אַלע זייטן אויסצומיידן די שמיץ, וואָס האָבן כסדר געפּיפּן אין דער לופט. א טייל יידן זענען געפאַלן, זיך אויפגעהויבן, זיך אריינגערוקט אין די ווענט מיט די הענט אויפן פּנים. קאָלדרעס האָבן זיך אין געלויף אראָפּגעגליטשט פון קערפּערס. די גרעסטע טייל איז געבליבן נאַקעט, לויפנדיק פון איין ווינקל צום צווייטן. אין זייערע לייבער, האָבן זיך די ריטלעך איינגעשניטן, ווי שפּיציקע מעסערס. ווי אין א משוגעים־הויז, איז איינער אריינגעלאָפן אין צווייטן. בלוט האָט גערונען: פון שאר־בענס, פון נעז, פון ציינער. א מכה איז וועמען געפּלאַצט אויף א פוס, האָט זיך געגאָסן בלוט און אייטער. דער ייד איז א פאַר־חלשטער אוועקגעפאַלן... אנדערע האָבן געשריגן, ווי מען וואָלט זיי געברענט זייערע לייבער. און איבער דעם אלעם דייטשע ריטשענדיקע שטימעס:

— טאַנצן! טאַנצן! טאַנצן!

כדי זיך אויסצולייזן פון די יסורים, האָבן זיך די סקעלעטן ארומגעכאַפּט. איינער האָט זיך געטוליעט צום צווייטנס בלוטיקע וווּנדן... ציטערנדיקע הענט האָבן זיך געלייגט אויף אַקסלען. און ווען די דינע ריטלעך האָבן ווידער אָנגעהייבן שמייסן די צעוויי־טיקטע פיס, האָבן זיך די האַלב־טויטע ביינער גערירט פונעם אָרט און אָנגעהויבן טאַנצן.

— זינגען! זינגען! — האָבן די ס. ס.־מענער זיך צעשריגן.

קיינער האָט נישט געקענט ארויסזינגען. זייערע קולות זענען געווען אָנגעזאַפּט מיט א נישט־דערווײנט געוויין...

נאָר, אז די דינע ריטלעך האָבן זיך ווידער צעהאַגלט איבער

זייערע לייבער, האָט זיך א פארבלאָנדזשעטער ניגון ארויסגעריסן פון א געפייניקט לייב, ווי אים געוואָלט אויסלייזן.

— עם, ישראל חי, עם, ישראל חי ! ! !

— און פארייניקט אין איין קול, ווי געוואָלט פארשרייען דעם אייגענעם ווייטיק, האָבן זיך די סקעלעטן צעזונגען און צעטאַנצט ווי מיט געבונדענע פיס... קעפ זענען געפאלן פאר שוואַכקייט אויף צוריק. א קאראהאד פון גאָלע שארבנס האָט זיך געדרייט. פיס האָבן זיך געפלאָנטערט. דינע ריטלעך האָבן אונטערגעשמיסן, ווי זיי וואָלטן דאָס ראד געטריבן. דעם ווייטיק האָבן די סקעלעטן ארייַנגעזונגען אין זייער ניגון. איז ווער געפאַלן האָט מען געטאַנצט איבער זיין קאָפ, איבער זיינע הענט און פיס. אָט זענען שוין צענדליקער געלעגן אוועקגעפאלענע און די איבעריקע האָבן זיך נאָך געדרייט און געזונגען, וואָס אמאָל שוואַכער, שטילער, אויסגע־לאשענער...

די דייטשע סוויטע האָט געקראכט פאר געלעכטער. דער ראַ־פּאָרט־פירער האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן און זיינע אויגן זענען געווען פארלאָפן מיט טרערן.

— מאַריאַנע, האָסטו שוין געזען אזא ספעקטאקל ?

אין אָפענע מיילער האָט זיך דער ניגון געלאשן. אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן געקוקט אויפן ראַפּאָרט־פירער מיט געבעט...

— אויפהערן ! — איז געקומען א באפעל.

ווי האַלב־ליידיקע זעק האָבן זיך די אויבער־טיילן פון די סקעלעטן אראָפּגעלאָזט אויפן באָדן, פרייכנדיק מיט אָפענע מיילער, ווי פיש אָן וואסער...

— צו דער ארבעט דאָקטער ! — האָט דער ראפּאָרט־פירער אויסגעשריגן מיט א מער ערנסטן טאָן.

דער דאָקטער, איז מיט לאַנגזאמע טריט אריין איז דוש און אויסגערופן :

— אלע, ווי איינער אין דוש אריין, אין דוש אריין !

פון די סקעלעטן האָט זיך קיינער נישט גערירט. די פאַר־הלשטע האָט דער ראפּאָרט־פירער געהייסן אוועקטראָגן צווישן די טויטע.

ביים נעמען זיי אין די הענט אריין, האָבן זייערע אויגן נאָך געגעבן א בליק אויף דער וועלט, דערנאָך האָט זיך זייער לעצטער אָטעם אויף די ליפּן אויסגעהויכט...

די איבעריקע האָבן די „קאַפּאָס" אויפגעהויבן און אַריינגעשטופּט אין דוש אַריין.

דער יידנעלטסטער האָט מיט אַ ווענטל פאַרשטעלט דעם איינגאַנג.

דער ראַפּאָרט־פירער האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן וואַשבאַראַק. די דייטשע סוויטע — נאָך אים. פאַר צופרידנקייט, האָט ער זיך געפּיפּן אַ לידל. צוקומענדיק צו די יידישע טויטע, האָט ער זיך צוגעהאַלטן די נאָז.

יידנעלטסטער, דיינע מתים שפּירט מען שוין!...

די דייטשע סוויטע האָט זיין „חכמה" באַגלייט מיט אַ הילכיק געלעכטער.

דער ראַפּאָרט־פירער האָט פאַרויכערט אַ ציגאַר און באַמערקנדיק אַ מת ליגן מיט אַן אָפן מויל, האָט ער די אַש אָפּגעטרייסלט דעם טויטן אין מויל אַריין.

פון הינטערן ווענטל האָבן זיך דערטראָגן געבראָכענע קולות...

— שטעכט נישט דאָקטער!

— כ׳האָב מורא דאָקטער!

— רבונו של עולם, עס זאָל נאָר זיין צום גוטן?!...

— גע־וואַלד! עקסלער חלשט!...

— דער ווינער אויך!

— מען שט־אַ־ר־בט!...

— ג־ז־ל־נים!

— סאַניטאַרן, האַלט אים צו!

— שוין ב־ע־ס־ע־ר!...

דער לעצטער קערפּער האָט אָפּגעהילכט אין דער ערד... די קולות האָבן זיך איינגעשטילט... אַ קירכע־זייגער, אויף אַ באַרג קעגנאיבער דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער, האָט אויסגעשלאָגן צען לאַנג — צעצויגענע קלאַנגען.

דער ראַפּאָרט־פירער מיט זיין סוויטע האָבן זיך דערנענטערט צום איינגאַנג.

— פאַרטיק, הער ראַפּאָרט־פירער! — האָט ד״ר אייזנער געמאָלדן פון הינטערן ווענטל.

דער יידנעלטעסטער האָט אוועקגענומען דאָס ווענטל. עס האָט זיך באַוויזן אַ בילד:

אַ צענדליק סקעלעטן זענען געלעגן אויף דער ערד אויסגעצויגן

אין פארשידענע פּאָזעס... איינעמס קאָפּ — אַריינגעפּאַסט אין צווייטנס פּיס... אַ האַנט האָט ארומגעהאַלטן אַ פרעמדן האַלדז... ד"ר אייזנער איז געשטאַנען מיטן קאָפּ אַראָפּ און געקוקט אויף די מתים: אָפענע אויגן, אָפענע מיילער, קערפּער'ס בלויז ביינער... ביי דער רעכטער און לינקער זייט זיינער — צוויי סאַניטאַרן פאַר־גליווערט... אַ לאָמפּ, געפאַרבט אויף בלוי, האָט געוואָרפן ליכט־פלעקן אויף די אויסגעלאָשענע פנים'ער און גופים פון די סקעלעטן.

— ווייטער מאַכן! ווייטער מאַכן! — האָט דער ראַפּאָרט־פירער אויסגערופן. — דער עקספּערימענט איז אונדז געלונגען. יידנעלטסטער, דו גרייטסט מיר צו די צווייטע פּאַרטיע צום דוש. די אַרבעט מוז פאָרגעזעצט ווערן אין אַזאַ טעמפּאָ, אַז ענדע וואָך, זאָל איך דאָ מער נישט האָבן קיין לעבעדיקן קריפּל. פאַר־שטאַנען יידנעלטסטער, פאַרשטאַנען דאָקטער?

און זיך ווענדנדיק צו זיין סוויטע מיט אַ סאַדיסטישן שמייכל:

— האָט איר געזען, ווי אַנשטענדיק די יידן זענען טויטערהייט? זיי זענען אַוועק און איבערגעלאָזט אַ געפרעסטע שטילקייט...

ד"ר אייזנער איז געבליבן שטיין, ווי פּאַראַליזירט... מיט אויסגעגלאַצטע אויגן, האָט ער געקוקט אויפן יידנעלטסטן. אין מוח האָבן אים נאָך געדרוישט די טריט פון דער אָפּגייענדיקער דייטשער סוויטע.

מיטאַמאָל האָט זיך ד"ר אייזנער געגעבן אַ ווילדן טרייסל. ער האָט פון זיך אַראָפּגעריסן די ווייסע שירץ, זי געוואָרפן מיט עקל צו דער ערד און אָנגעהויבן לויפן, ווי געיאָגט פון זיין אייגענעם געוויסן... לויפנדיק האָט ער זיך צעשריגן, ווי נישט מיט זיין קול:

— שיסט! הענגט! ווייטער מאַכן וועל איך נישט!

שאָטנס פון מתים אין פאַרשידנאַרטיקע טראַגישע פּאָזעס האָבן געשוועבט אויף די ווענט, באַגאָסן מיטן בלוילעכן אָפּשיין פון עלעקטרישן לעמפּל.

ס'איז געוואָרן שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם...

פּאַריז, אָקטאָבער 1946.



# זיין מאַמעס שטיין

דער פרימאָרגן איז געווען א טריבער, ווי דאָס געמיט פון די הונדערט יידן, וואָס די דייטשע זשאַנדאַמעריע האָט צוזאַמענגע-קליבן אין אַן איינגענומען פויליש שטעטל און זיי געפירט צום ייד׳שן בית-עולם.

די הונדערט יידן — די גרעסטע טייל יונגטלעכע, חסידישע שוואַרצע בערדלעך און היימישע ווילע יונגען — זענען געגאַנגען שווייגנדיקע מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ... אין אויפבליק פון זייערע אויגן איז געווען צו דערקענען, אַז זיי געזעגענען זיך מיט דער ארו-מיקער וועלט... זייער פאַרגעפיל איז געווען, אַז מען פירט זיי צום טויט...

אַרום איז געווען שטיל. פרימאָרגן-שטילקייט, ווען דער הימל איז פאַרכמאַרעט, די וועלט — פאַרנעפּלט און א טאָג ווערט גע-בוירן א טונקעלער, אָן זון, וואָס וואַרפט אַן אומעט אויף דער וועלט.

א פויעריש פורל איז פאַרבייגעפאָרן. אַן אַלטער פויער אין א ברייטן גראַנעטענעם קאַשקעט מיט צוויי ווייסע אַראָפּגעהאָנגענע וואָנסעס, ווי פון ווייסער וואַטע, האָט זיך איבערגעצלמט, קוקנדיק אויף דער גרופּע געטריבענע יידן. די יידן האָבן אויפגעצי-טערט... זיך אָנגעקוקט מיט שטומע בליקן... אין דעם פויערס איבער צלמען זיך, האָבן זיי דערזען זייער אומגליק... דאָ און דאָרט האָט ווער באַגראָבן א זיפץ אין אַ חסידיש בערדל.

אָנגעקומען צום בית-עולם האָבן יידן דערזען א בילד: די מצ-בות מיט די גאָלדענע יידישע אותיות — אויסגעריסן פון באָדן. הונדערטער הייליקע שטיינער, דער איינציקער אָנדענק, פון יידישע מאַמעס, טאַטעס, ברידער, שוועסטער, פון זיידעס און עלטער-זיידעס, ליגן געשענדעטע, צעבראָכענע, פאַרבלאָטיקטע, געטראַטענע מיט מערדערישע שטיוול.

אויף א קרום-צווייגנדיקן בוים, וואָס האָט זיך דורות-לאַנג גע-

וויגט איבער יידישע קברים, העגגט דער אַלטער קברן חיים־הירש. זיינע געלאַטעטע בגדים זענען צעריסן אין פּאַסן און געפּלעקט מיט בלוט... א פּראָסטע שטריק ארום זיין בויך. אין דער שטריק—אַ תהי־לים מיט אַלטע אָפּגעריבענע טאָוולען. זיין ווייסע לאַנגע באָרד, זיינע ווייסע צעשויבערטע האָר, גלאַנצן אַרויס פון די טונקעלע בגדים. זיין לאַנג ביינערדיק פּנים מיטן הויכן שטערן זעט אויס פון ווייטן, ווי א גיפּס-מאַסקע, אויף וועלכן עס שלענגלען זיך פאַר־טריקנטע ריטשקעלעך בלוט... די אויגן פון דעם באַגראַבער זענען אָפן, ווי ביי אַ לעבעדיקן מענטשן. עס דאַכט זיך, אַז דער קברן קוקט אַראָפּ אויף די אויסגעריסענע מצבות, וועלכע ער האָט פינף צענד־ליק יאָר אָפּגעהיטן, ווי אַן אויג אין קאָפּ. און אַפילו מיט זיינע טויטע אויגן באַווייגט ער זייער שענדונג... ביי זיינע פּיס ליגט זיין אויסגע־לאָשענע לאַמטערנע און א שטעקן, וואָס האָט דעם באַגראַבערס לעבן געטראָגן 20 יאָר.

— צו דער אַרבעט, צו דער אַרבעט! — האָבן די וואַכמייס־טערס געגומען אַריינשטויסן מיט די ביקסן־קאָלבעס די אויפּ־געציטערטע און נאָך מער באַליידיקטע יידן...

דער קאָמאַנדאָ־פירער האָט אַ פייף געטאָן און עס האָט זיך אַרויסגערוקט פון הקדש־שטיבל, אַן אַלטער לאָמער פּאָליאַק מיט אַ קאַרטאָפעל־נאָז. ער האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל און מיט הכנעה זיך איינגעבויגן פאר דער דייטשער מאַכט.

— צום באַפעל מיינע הערשאַפטן, צום באַפעל! — האָט דער פּאָליאַק געקוקט אויפן קאָמאַנדאָ-פירער מיט צאַפּלדיקע בליקן.

— האָסטו גרייט געמאַכט די טאַטשקעס אַרויסצופירן די שטיינער?

— יאַוואָל, הער אָפיציר, אַלץ איז גרייט!

— נו גוט, אַרויספירן די טאַטשקעס!

און באַלד האָט זיך ווידער געהערט א פייף און דער קאָמאַנדאָ־פירער האָט אויסגערופן:

— פּאָסטנס, איר שטעלט מיר די יידן אויס צו דריי, מיר וועלן די אַרבעט גלייך פאַרטיילן. ביז אַרום זעקס אָוונט, וויל איך דאָ אויף דעם פּלאַץ קיין איין שטיין נישט געפינען.

— צום באַפעל, הער קאָמאַנדאָ־פירער!

באַלד האָבן די פּאָסטנס אָנגעהייבן מיט אַ ווילדקייט אַריינצו־

שטויסן די יידן אין דער ריי. די שטאַרקערע האָבן זיי אויסגעשטעלט פאָרנט — די שוואַכערע — אין די הינטערשטע רייען.

דער קאָמאַנדאָ־פירער האָט שטייפלעך פארביימאַרשירט די אויסגעשטעלטע יידן, יעדן איינעם אריינגעבליצט אין די אויגן, ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי בערקע טרעגער.

דאָס איז געווען א הויכער דרייסיק־יעריקער יונג, א ריז. א פנים ווי פון שטאָל אויסגעהאַמערט, מיט צוויי גרויסע שוואַרצע אומ־דערשראָקענע אויגן. אויפן קאָפּ — א גראַנאַט היטל מיט א לאַקירטן דאַשעק. ארום דעם היטל דריבנע, שוואַרצע קרייזלעך. זיינע געלאַ־טעטע ברוינע הויזן אריינגעשאַרצט אין צוויי גרויסע כאַלעוועס פון א פּאָר מיליטערישע שטיוול. געשטאַנען איז ער אויסגעצויגן, ווי א סאָלדאַט און האָט מיט א פיזישער זיכערקייט אריינגעקוקט דעם קאָמאַנדאָ־פירער אין זיינע באַברילטע גרויע אויגן.

— וואָס ביסטו פון באַרוף, מענטש? — האָט דער קאָמאַנדאָ־פירער מיט א פינגער א שטאָך געטאָן בערקעס ברוסט.

— א טרעגער! — האָט בערקע מיט שטאָלץ אויסגערופן.

— א טרעגער? נו גוט, דו געפעלסט מיר, מענטש. דו נעמסט דאָ איבער די קאָמאַנדאָ איבער די הונדערט יידן. דו ביסט פאַר־אַנטוואָרטלעך, אַז די אַרבעט זאָל ברענען אונטער די הענט. פאַר־שטאַנען מענטש?

— פאַרשטאַנען! — האָט בערקע אויסגערופן מיט אן אומ־צופרידנהייט...

— אוועקטרעטן צו דער ארבעט!

אין א ווייל'ע ארום איז דער שטילער, טויטער בית-עולם גע-וואָרן רוישיק און טומלדיק. צענדליקער טאַטשקעס אָנגעפּילט מיט יידישע מצבות האָבן זיך געראָלט אויף ברעטער, וואָס בערקע האָט זיי אונטערגעשטעלט, ווי הילצערנע שינעס. צענדליקער רעדלעך האָבן געקוויטשעט מיט ענגע שרויפן, נאָר טויב צו ווערן. צענדלי־קער יידישע זיפצן זענען אריינגעפאַלן אין די טאַטשקעס, וואָס האָבן ארויסגעפירט יידישע דורות צום מיסט־באַרג. דאָ און דאָרט איז א וואַכמייסטער אונטערגעקומען מיט א שטעקן אין האַנט און האָט וועמען דערלאַנגט איבערן קאָפּ; דאָס האָט א ייד זיך אָפּגע־שטעלט אינמיטן וועג און זיך פאַרטראַכט... די לופט איז פול געוואָרן מיט דייטשע ריטשענדיקע קולות און מיט א יידיש פיינלעך שווייגן...

בערקע טרעגער איז געשטאַנען ביי א צענויפגעזאַמלטן באַרג

שטיינער און האָט אויפגעלאָדנט די מצבות. יעדן שטיין האָט ער באַטראַכט מיט אויגן פון א בלינדן. ער האָט געקוקט אויף די אותיות און האָט זיי נישט געקענט איבערלייענען צו וויסן, וועמען זיינע אייגענע הענט פירן דאָ ארויס פון הייליקן אָרט.

מיטאַמאָל האָט בערקע אויפגעהויבן א שטיק פון א צעבראָכענער מצבה און ער האָט זיך דאָס אליין נישט געקענט דערקלערן, פאַרוואָס האָט זיין האַרץ דאָ מער א צאַפּל געטאָן, ווי ביי אַנדערע מצבות... ער איז לאַנג געשטאַנען און באַטראַכט דעם שטיין מיט פינטלדיקע אויגן... די מצבה איז אים פאָרגעקומען באַקאַנט... קוקנדיק אויף דעם שטיין איז אים טונקל געוואָרן פאַר די אויגן.... ער האָט געפילט, ווי דאָס בלוט לויפט אים אָפּ פון פנים... און עפּעס איז אים באַפאַלן אזא הייליקער ציטער, ווי יום כיפור צו „כל-נדרי“, ווען ער איז דאָס איינציקע מאָל אין יאָר אין שול....

אַז מענדל בעסערמאַן, א חסידישער יונגערמאַן, איז צוגעקומען מיט זיין טאַטשקע צום אויפלאָדן, האָט זיך בערקע ווי אויפגעוועקט פון א חלום, זיך איינגעבויגן און געפרעגט:

— מענדל, וואָס שטייט דאָ אויף דער מצבה געשריבן?

— האשה הצנועה מרת שרה ברײַנדל בת רחל!

א ווילד געשריי, ווי א דונער־קראַך, האָט אויפגעריסן דעם בית־עולם. בערקע איז א פאַל געטאָן אויף דער קני מיט דער מצבה אין האַנט. זיין שטימע האָט געוואָיעט, ווי גאָרנישט קיין מענטשלעך באַשעפעניש. מיט די ליפּן, ווי א דורשטיקער צו א קוואַל, איז ער צוגעפאַלן צום שטיין, אים באַדעקט מיט קושן, ווי ער וואָלט דאָרט אריינגעהויכט זיין אָטעם...

— מאַמע מיינע! — האָט זיך זיין קול פאַרקלעמט אין דער קעל...

די יידן האָבן אָפּגעשטעלט די טאַטשקעס און געבליבן שטיין פאַרגליווערט מיט די אויגן געווענדעט צו בערקען. די וואַכמייסטערס מיט דעם קאָמאַנדאָ־פירער בראש, זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן. זיי זענען געבליבן שטיין לעבן בערקען. א ווײַלע באַטראַכט דאָס בילד און דערנאָך זיך הילכיק צעלאַכט:

— כא-כא-כא! כא-כא כא!

בערקע איז געלעגן אויף דער ערד מיטן קאָפּ אויף זיין מאַמעס שטיין. אין זיינע אויערן האָט גערוישט דאָס טייוולאָנישע דייטשע געלעכטער... ער האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ, לאַנגזאַם, לאַנגזאַם און

זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט א פייער פון האַס און נקמה...
זיי זענען געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער...

— אויפשטיין און ווייטער מאַכן! — האָט דער קאָמאַנדאָ־פּי־רער בערקען אַ קאָפּע געטאָן מיטן שטיוול.

בערקע האָט גאָרנישט געענטפערט, בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין" און נאָך פעסטער צוגעדריקט דעם שטיין צו זיך...

דאָס פּנים פון קאָמאַנדאָ־פּירער האָט זיך פארקרימט און ער האָט ארויסגעכאפּט דעם רעוואָלווער שרייענדיק:

— ווילסטו דערשאָסן ווערן, ווי א הונט, מענטש?

דערזעענדיק דעם רעוואָלווער, האָט די שרעק פארן טויט נאָכ־מער אויפגעוועקט אין בערקען דעם דורשט נאָך נקמה... און נישט לאַנג טראַכטנדיק, איז ער א ווילדער אויפגעשפּרונגען, מיט אויגן, אין וועלכע עס האָט געברענט דער יידישער צאָרן, א הויב געטאָן דעם שטיין מיט דער גאַנצער קראַפט און רציחה, וואָס האָט איצטער געברויזט אין זיין קערפּער און מיט א מעכטיקן בראזג אים אַראָפּ־געלאָזט אויפן קאָמאַנדאָ־פּירערס קאָפּ...

דער קאָמאַנדאָ־פּירער איז געפאַלן מיט א געשפּאָלטענעם שאַרבן...

א וואלד מיט דייטשע קולות האָבן אויפגעשטורעמט. אַלע ביקסן אין וואַכמייסטערס הענט, האָבן געצילט אויף בערקען. נאָך עטלעכע קראַך איז ער געפאַלן מיט דער מוטערס שטיין אין דער האַנט...

דער אַלטער קברן חיים־הירש, וואָס איז געהאָנגען אויף א בוים, האָט אראָפּגעקוקט מיט זיינע אפענע טויטע אויגן. ער האָט געזען, ווי די וואַכמייסטערס טרעטן איבער בערקעס טויטן קערפּער און שמייסן מיט ריטער זיין אויסגעלאָשן פּנים... ער האָט געהערט די דייטשע טייוולאָנישע געוואלדן. ער האָט געהערט די געדריקטע מוראדיקע שטילקייט פון די איבעריקע יידן. און מיט זיינע טויטע ליפּן האָט דער קברן געזאָגט:

— בערקע, דעם זעלבן בית־עולם, וואָס די דייטשן האָבן גע־שענדעט, האָסטו מיט דיין טויט פארהייליקט אויף אַלע אייביקייטן...

פּאריז, יאַנואר 1946.

# שלום־עליכם אין לאַגער

אַ זונטיק נאָכמיטאָג אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. די זון גליט, ווי כוואַליעס פייער וואַלטן זיך געגאָסן פון הימל, דער וואַלד שטייט פאַרגליווערט, גיט נישט קיין ציטער מיט קיין בלעטל. דער יידישער עולם א הונגעריקער, א האַלב־נאַקעטער, ליגט אויסגעצויגן אויפן גראָז און ברענט זיינע אויסגעדאַרטע ביינער אויף דער זון, ווי אויף א פּלאַזשע פון יידישע צרות. די קולות פילן אָן די לופט, ווי א וואַסער־פאַל פון זיפצן, הוסטן, שפּייען און קללות. עס טומלט זיך, מען קריגט זיך. מען רעדט וועגן ברויט, וועגן וואַסער אין די שיך, וועגן מכות, וועגן פרייהייט. אין וואַש־באַראַק שלאָגט מען א באַ־שטראָפטן פאַר גנבענען קאַרטאָפל, שרייט ער אַרויס מיט קולות, וואָס וואַרפן אָן א טויט־שרעק... אין דער קראַנקן־שטובע שטאַרבט מען; אויף יענער זייט דראָטן לעבט מען...

מיטאַמאָל קומט אַרויסצולויפן דער באַדינער פון יידנעלטסטן מיך רופן.

איך שטיי אויף א בלייכער, אָן איבערגעשראָקענער און לאָז זיך אַריין צום יידנעלטסטן.

פאַר מיר שטייט א היימישער קצב־יונג מיט א ציגאַר אין פּיסק, מיט א טאָפּלטן גוידער און געפעלדט רויט־קאַרק; דעם רעכטן פוס — אויף א טאַבורעטקע, גלעט ער די לאַקירטע כאָלעווע, ווי א בעל־עגלה גלעט דעם קאַרק פון א פערד.

— דו ביסט דאָס דער פאַריזער בריוונשטעלער?

יאָ! — האָב איך זיך געכאַפּט, וואָס דער בעל־דבר מיינט.

— טאָ הער נאָך, וואָס איך האָב נאָך דיר געשיקט. איך וויל דאָ אין לאַגער מאַכן א פאָרשטעלונג. פאַרלויפיק אַרבעט מען נישט זונטיק נאָכמיטאָג, וויל איך דעם עולם א ביסל אויפהייטערן, אַז זיי זאָלן מיר נישט אַרומגיין און אַריינקלערן אין די פּרעס. האָסט פאַר־שטאַנען?

— יאוואָל, יידנעלטסטער!

— נו, וואָלט איך געוואָלט שטעלן אַ שטיק פון שלום-עליכם. איך האָב איינמאָל ביי אונדז אין שטעטל געזען אַ שטיק פון דעם חברה-מאַן, בין איך צעזעצט געוואָרן פאַר געלעכטער. איך געדענק נישט, ווי דאָס שטיק האָט געהייסן. נאָר כ'ווייס, אַז אַ שניידער האָט דאָרט געוווינען אויף דער לאָטעריע. דאָס איבעריקע איז שוין דיין זאַך.

— דער יידנעלטסטער מיינט געוויס, „דאָס גרויסע געווינס" ?

— ווען מיר קענסטו אַ נאָמען געבן, אורקע נאַבאַלניק. די הויפּט-זאַך מ'זאָל זיך קאַטשען פאַר געלעכטער.

— איר האָט די פּיעסע ?

— ביסט נישט אַמאָל געווען אויפן קעסטעלע ? אַז כ'האָב אַפּעטיט צום עסן איז דיר ווייניק ? איך זאָל זיך אַרומשלעפּן מיט פּיעסעס פון שלום-עליכמ'ען, און קענען ליימערן איז אַ הונט ?

— טאָ, ווו וועל'ך אין לאַגער נעמען אַ פּיעסע ?

— קענסט דען נישט פון אויסנווייניק ? איך ווייס, אַז אַ חזן דאַוונט, האַלט ער צו די שליפּיעס, ווייל ער קען פון אויסנווייניק.

— אַ חזן יאָ, אבער נישט קיין רעזשיסאָר.

— קודם, הער מיר אויף צו רעדן ענגליש.

אינמיטן געשפּרעך קומט אַריין אַ ייד מיט צוויי געשוואָלענע פּיס. מיט אַ שטיק צעלשטאָף אין לינקן אויער, וואָלט מען דערמיט געקענט אָנפילן אַ קישעלע. ער פאַרנויגט זיך ווי קאָמיקער, וואָס ווערט אַפּלאָדירט.

— אָט האָסטו דעם הויפּט-אַרטיסט פון לאַגער! — זאָגט דער יידנעלטסטער.

— וואָס האָט איר געשפּילט ? — פרעג איך דעם ייד.

— בלויז הויפּט-ראָלן — שרייט דער ייד מיט אַ טויבער שטימע. — ביי מענדעלעס „קליאַטשע" האָב איך געשפּילט דאָס פערד...

— און ביי שלום-עליכמען ?

— ביי שלום-עליכמען האָב איך געשפּילט „שימעלע דער מילביקער" און טוביה סעראָקער.

— איר מיינט פאַרקערט — טוביה דער מילכיקער און שימעלע סעראָקער.

— איר האָט, זע איך, יענעם לייבטן קאָפּ... אַן אונטערשיד מיר איז, אַבי כ'וועל באַקומען אַ ביסל נאָכשלאָג. דער עיקר מוז איך

האָבן א סופלאָר, זאָל מיר אריינשרייען אין אויער, אז ניִשט וועל׳ך נישט הערן די פראַזן.

און איידער איך פארענדיק מיטן הויפּט-ראָליסט, ראַמפּלט מיר אריין א צווייטער ייד. אַ ראזירטער ריידע אין אַ פּאָר אָלטמאָדישע ברילן.

— ווער זענט איר?

— איך שפּיל שוין צוואַנציק יאָר, דעם ערשטן ליבהאָבער...

באַלד דערשיינט אן עלטערע פרוי, וואָס איז געקומען אַ צע־פּלאַמטע פון דער קיך. אויף איר גאָמבע אן אנגעזעענער וואָרצל מיט אַ ביסל גרויע הערעלעך, וואָלטן זיי געסטאיעט אויף אַ פּענדזל.

— ווער זענט איר, מאַדאַמעשי?

— איך בין פון א בענדינער דראַמאַטישן קרייז, איך ווייס נישט, וואָס איר גייט שפּילן, נאָר מיך מוזט איר נעמען צו א ראָלע, אז מען זאָל זיך אין מיר פארליבן...

דאָ דרייט זיך דער יידנעלטסטער אוים מיט א שמייכעלע צו מיר און פרעגט:

— נו, וואָס זאָגסטו צו די ארטיסטישע כוחות?

— שוואך! — ענטפער איך פארצווייפלט.

— פון דעם עסן ווילסטו זיי זאָלן זיין שטאַרק?

—מילא, מיט די ארטיסטישע קרעפטן וועל׳ך זיך שוין אן עצה געבן, אָבער וואָס טוט מען אָן א פּיעסע?

— איך וויל פון גאָרנישט וויסן, באַפעל איז באַפעל! דו מאַכסט מיך לאַכן אָדער איך מאַך דיך וויינען? — באַפּט דער יידנ־עלטסטער די נאַגייקע אין דער האַנט אריין און הייבט מיט איר אָן דרייען, ווי מיט אַ המן־גרעגער. — שנעלער נעם דיר צענויף דאָס ביסל אקטיאָרטשיקעס און ארוים אין דער „לייבן-קאַמער" רעפּע־טירן. קיין אנדערן פרייען באַראַק האָב איך גראָר נישט.

אין א ווײַלע אַרום איז די טיר פון דער „לייבן-קאַמער" געוואָרן אויפגעפּראַלט. אַקטיאָרן, עלטערע און יונגע האָבן אָנגעהייבן אריינ־שטראָמען פון אַלע זייטן, ווי אין אַ „לוקסוס-אָפּערא". מען האָט זיך אויסגעזעצט אויף איבערגעדרייטע עמערס, אויף באַנעגלטע ברע־טער, אויף שטרוי-זעק פון טויטע. יעדערער האָט געגעבן אן אַנדערע עצה, ווי אזוי אויסצופירן די פּיעסע. איינער האָט זיך פאָרגעשטעלט אלס „בר-כוכבא", א צווייטער אלס „משולח", א דריטער אלס „שיי-

לאַק“, אַ פּערטער מיט געבונדענע ציין אַלס „קעניג־ליר“. אַלע האָבן גערעדט מיטאַמאָל, נאָר טויב צו ווערן.

— אָבער יידן, וווּ נעמט מען די פּיעסע? — פרעג איך אַן אויפגערעגטער.

— דאָס איז אַ קלייניקייט! — רופט זיך אָפּ דער „קעניג-ליר“

— יעדער וועט זיך עפּעס דערמאָנען, וועט מען די פּיעסע צוזאַמענשטוקעווען.

— דערמאָן איך זיך די הויפּט־זאַך: „עמך שער און אייזן“!— שרייט אויס „בר-כוכבא“.

— עמך שער און אייזן! — כאַפּט דער גאַנצער עולם אונטער.

— דערמאָן איך זיך, אַז שימעלע סעראָקער האָט געהאַט אַ טאָכטער אָן נדן, אַ פּאַך אָן אַ מזל, געזעלן אָן אַרבעט, אַ מאַשין אָן אַ נאָדל, אַ שער אָן שרויפן און מיר וועלן האָבן טעריאַטער אָן אַ פּיעסע — שרייט אויס אַן אומבאַקאַנטער טאַלענט.

— דערמאָן איך זיך — שרייט אויס אַ יונגער אַקטיאָרטשיק מיט אַ געשוואָלן פּנים פון הונגער — אַז ביי אונדז אין דאָמבראָווע, ווען מ'האָט אויפגעפירט שלום־עליכמס „דאָס גרויסע געווינס“, האָט מען ביים ערשטן אַקט, אַזוי ווי מען ציט אַרויף די פאָרהאַנג, געזונגען אַ ליד. דאָס ליד געדענק איך, נאָר מען מוז עס זינגען קנאַקענדיק און ברענענדיק.

און אַרויפשפּרינגנדיק אויף דער „מיטה“, וואָס האָט שוין טויזנטער קרבנות אומשולדיק אוועקגעפירט צו זייער אייביקער רו, האָט ער אָנגעהייבן זינגען דאָס ליד און צוקלאַטשן מיט די פינגער, ווי אַ קלאַקעט־טענצער מיט די פיס און די גאַנצע טרופּע האָט אים באַגלייט.

„די יום־טובדיקע טעג הייבן זיך אָן באַווייזן ווער איך מיר אַ גדול.
איך לייג מיר אַוועק די שער און דאָס אייזן און דערצו די נאָדל“.

דער אויסגעמאָרדעוועטער עולם הערנדיק, אַז אַ געזאַנג טראָגט זיך פון דער „לייבן-קאַמער“, איז אויפגעשפּרונגען מיט געפּענטעטע פיס פון גויט, גענומען לויפן, ווי מען וואָלט געטיילט נאַכשלאַג...

די „לייבן-קאַמער“ איז געוואָרן באַדעקט מיט האַלב-נאַקעטע סקעלעטן, וואָס האָבן אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן זייער הונגער, זייער מורא פאַרן טויט און האָבן מיט די לעצטע כוחות מיטגעזונגען.

די וואַכמייסטערס אויף יענער זייט שטעכל-דראָטן, זענען גע-

בליבן שטיין צעטומלטע, מיט חידוש אין די אויגן און זיך איינ־געהערט אין דעם אומשטערבלעכן געזאַנג פון יידישן בטחון...

*

מיט קאַרגע פיר וואָכן שפּעטער האָט מען מיט גרויס פּאַראַד אויפגעפירט „דאָס גרויסע געווינס". אָנגעהייבן האָט זיך דער נאָכ־מיטאָג טרויעריק. די פרויען אויסגעסטראָיעט אין דעם שענסטן, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, זענען אין דעם מענער־לאַגער אריינגעקומען צום ערשטן מאָל. זיי האָבן מאַרשירט צו דריי אין דער ריי, מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, באַגלייט פון דייטשע וואכמייסטערס. מענער זענען געשטאַנען אויף די שוועלן און דאָס בילד האָט זיי געריהט ביז טרערן. אָבער די פאַרשטעלונג האָט אריינגעברענגט א וועלט מיט פריילעכקייט. קיין זאַל האָט מען נישט געהאַט, האָט מען די סצענע איינגעאָרדנט אויפן גאַניקל פון דער קיך. אזוי ארום איז די קיך גופא געוואָרן די הינטער קוליסן און צוליב דעם האָט מען אויפן יעדן שווישפּילער געדארפט ווארטן א שעה מיטן אויפטרעטן. יעדערער איז געלעגן מיטן קאָפּ אין קעסל און געזוכט עסן... אויפגע־טרעטן זענען די אקטיאָרן מיט פנימער אויסגעשמירט: מיט צערי־בענע מיירן, מיט שטיקער קלאקעס, מיט מארמעלאדענע וואָנסעם און דאָס האָט דעם עולם אריינגעבראַכט אין אזא אויפשטורעמדיק געלעכטער, וואָס האָט ברייט און ווייט אריבערגעקלונגען די שטעכל־דראָטן...

פאריז מאַי 1946.



# נקמה

אלע האבן דעם פרימארגן געזען אויפשיינען. דער הימל איז לויטער און זוניק-בלוי. דער וואלד אין לינקן פליגל פון שאסיי, שטייט א שווייגנדיקער, אנגעטאן אויף זיינע גרינע קרוינען-קעפ, זוניקע פארביקע קרעלן. פייגל טאנצן אויף צווייגן און שפילן פאר די געפאנגענע. נאך יארן פון פארשקלאפונג זענען זיי ווידער געווארן מענטשן, וואס האבן צייט און פרייהייט אויסצוהערן דעם זיסן געצוויטשער.

אין די טויזנטער שטייען זיי דא ביי די שטעכל-דראט. אלע טראגן נאך אויף זיך די שקלאפן-קליידער: די נומערירטע ווייסבלויע פיזשאמעס, מיט די האלץ-שיך אויף די פיס. און דאך זענען זייערע קעפ היינט אויפגעהויבן. אין זייערע הערצער כוואליעט זיך די פרייד פון ניי-געבוירן ווערן. אין זייערע אויגן בליצט א נייער ווילן צום לעבן. אויף די ליפן זייערע שוועבט א גליקלעכער שמייכל פון א זאט אנגעזויגן קינד. זיי שטייען ביי די דראטן און ווארטן אויף עפעס....

פון דייטשן לאגער קומט אן א גרופע וואכמייסטערס, ווי א מהנה פון א צעלאזענער ארמיי, אן געווער, אן גלייך-שריט. דער ערשטער מארשירט דער שטורמבאן-פירער. זיין גרויסן קאפ, מיט די צוויי ברייטע אויסגעציפטע באקן-בערד, האלט ער אראפגעלאזט צו דער ערד. ער רויכערט און שפייט אויס דעם ציגאר. דער ברייטער שינעל, וואס הענגט אים אויפן אקסל גליטשט זיך אים אראפ אינמיטן גאנג און ער שפירט נישט. ער שפאנט מיט נערוועזע טריט און הונדערט יידישע נשמות, וואס זענען דורך זיינע באפעלן אומגעקומען, שוועבן אים נאך... ביי זיין רעכטער האנט—דער ראפארטפירער. א יונג, פעסט און שטארק און טראגט זיך ווי א קראנקער... דאס פנים, וואס האט יארן לאנג אנגעווארפן א מורא, זעט איצט אויס נעבעכדיק, ווי עס' וואלט געבעטן רחמים. נאך אים מארשירט

פאַרביי דער אויבערשאַר־פירער, דער אונטערשאַר־פירער, וואַכ־מייסטערס־מענער, וואַכמייסטערס־פרויען, איבערגעטאָן אין ציווילע זומערדיקע קליידער, מיט קינדער אויף די הענט, אז מען זאָל זיי נישט דערקענען.

ווי נאָר זיי באַווייזן זיך, האַכט זיך, א צעשטורעמטער טייך, האָט אויפגעריסן די שליוזן. שטימעס ברומען, לאַכן, פייפן, קוויטשען, הירזשען פאַר פרייד. שפייען מיט עקל, וואַרפן שטיינער דורך די דראָטן. הענט זענען אויסגעשטרעקט אין דער לופט. אויגן שיסן, ווי פיילן אין די הערצער פון די, וואָס האָבן זיי יאָרן לאַנג געפּייניקט. און ווען נישט די שטעכל־דראָטן, וואָלטן די דייטשע וואַכ־לייט צעריסן געוואָרן אויף שטיקער פון דער אויפגעברויזטער מאַסע.

ווען די לעצטע דייטשע מונדירן פאַרשווינדן, דערפילט ערשט די מאַסע, אז זי האָט די פרייהייט דערלעבט. געפאַנגענע, וואָס האָבן שוין יאָרן נישט געפילט קיין צערטלעכקייט, פאַלן זיך אויף די העלדזער און צעקושן זיך... מען וויינט פאַר פרייד... ערגעצוווּ האָט איינער אריינגעשפּילט אין דער מאַסע דעם אנהייב פון אינטערנאַציאָנאַל „שטייט אויף איר אַלע ווער ווי שקלאַפן...״ און די גאַנצע מאַסע כאַפּט אים אונטער. ווי פּויזיש שוואַך די געפאַנגענע זאָלן נישט זיין, ווערן זייערע ציטערדיקע שטימעס געשטאַרקט: „און דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער״... — זינגען אַלע און דער מאָטיוו כוואַליעט זיך אין דער לופט הויבט זיך העכער און העכער.

ווי פון הינטער דער ערד וואַקסט איינער אויס מיט א רויטער פאָן אין האַנט, אַרויפגעצויגן אויף א שטעקן. ער שפּרינגט ארויף אויף וועמענס פּלייצעס און שרייט:

— חברים, לאָמיר מאַרשירן מיט געזאַנג צום טויער! איך הענג אויף די רויטע פאָן אויפצונעמען די פאָרשטייער פון דער רויטער אַרמיי, וואָס קומט אונדז א ליאַדע מינוט באַפרייען!

— באַפרייען! באַפרייען! — איז דאָס וואָרט אריינגעשפּרונגען, ווי א פלאַם אין דער מאַסע און אָנגעצונדן מיט עקסטאַז יונג און אַלט.

— צום טויער! צום טויער!

מען האָט געקענט דערדריקט ווערן. די מאַסע האָט זיך אַזוי ענג באַהאָפטן, אַז זי האָט געבילדעט איין שטיק טייג געקנעטן פון מענטשן־לייבער. אפילו די קראַנקע, וואָס האָבן נאָך מיט א טאָג צוריק נישט

געקענט גיין אויף די פיס, האָבן זיך איצט ארויסגעלאָזט, אָנגעלענט אויף שטעקנס און מאַרשירט. זייערע האַלב־טויטע פּנימער, געל ווי וואַקס, זענען איצט אויפגעפרישט, אויפגעלעבט. אין פּרויעז־לאַגער האָט א קייט פון אויסגעמאַטערטע פּרויען, אָנגענומען ביי די הענט, זיך געשלענגלט צום טויער. יעדעס רינגל אין דער קייט, האָט גע־קלונגען מיט אן אַנדערער שטימע. די פרייד פון באַפרייונג האָט אָנגע־צונדן אין די פּרויעז־אויגן אַזא פייער, וואָס האָט זיי שענער געמאַכט, ווי אַלע שיינהייטן אין דער וועלט. הערנדיק די מענער זינגען דעם אינטערנאַציאָנאַל, האָבן זיי אונטערגעכאַפּט און מיטגעזונגען.

א מאָטאָרן־גערויש דערטראָגט זיך פון הימל. דער גערויש ווערט פון מינוט צו מינוט שטאַרקער און קומט נאָענטער, נאָענ־טער... טויזנטער מענטשן רייסן אויף די קעפּ. קראַנקע האַלטן זיי אונטער מיט ביידע הענט. אויפן לויטערן הימל באַווייזן זיך צוויי סאָוויעטישע פּלי־מאַשינען. זיי קרייזן איינמאָל און נאָכאַמאָל אַדורך דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער און פאַרשווינדן.

ווי אַ ים וואָלט זיך אַ הויב געטאָן פון די ברעגעס און מיט־אַמאָל געגעבן אַ שפּרונג אין די הימלען אריין, אַזוי האָט די מאַסע, ווי איין שטיק צונויפגעוואַקסענער ווילן פריי צו ווערן, זיך געגעבן א הויב צו די הימלען און געשריגן:

— סאָוויעטן! סאָוויעטן! סאָוויעטן!

— שטאַנגען ברענגט, לאָמיר עפענען דאָס טויער!

און די גאַנצע מאַסע ברומט:

— אויפהאַקן ס'טויער! אויפהאַקן ס'טויער!

ווי אין אַ חלום איז אַלץ געשען. מיטאַמאָל ווידער אַ גערויש. אבער נישט פון הימל, נאָר פון שאָסיי. די מאַסע הערט אויף רייסן דאָס טויער. אַלעמענס אויגן זענען געווענדעט צום שאָסיי. מען זעט, דעם שאָסיי שוואַרץ פון מענטשן, אָנגעשטאָפּט מיט דייטשע וועגעלעך, אָנגעפילט מיט בעטגעוואַנט, מיט וואַליזקעס, מיט פּעק און פּעקלעך, מיטן גאַנצן ביסל בעבעכעס זייערע. אין די דישלעס פון די וועגעלעך זענען איינגעשפּאַנט: זקנים, אַלטע ווייבער, יונגע מיידלעך, מינדער־יעריקע לויפן נאָך די וועגעלעך באָרוועסע, ווי אַ טאַבאָר ציגיינער.

ווי צעטומלט די יידישע מאַסע זאָל נישט זיין, דערשפּירט זי דעם ערשטן טעם פון נקמה, די דייטשע באַפעלקערונג אַנטלויפט פאַר

די אַנקומענדיקע רוסישע טריט. עס ווערט שטילער... מען הערט הונדערטער רעדלעך רוישן אין די אויערן... קליינע רעדעלעך מיט גרוי-סע מיליטערישע אויטאָמאָביל־רעדער מישן זיך אויס... און אַ ווײַלע אַרום קומט אָן אַן אויטאָמאָביל־געוויש אַלץ נאָענטער און נאָענטער צום לאַגער... און אָט איז ער שוין אַזוי נאָענט, אַז די גאַנצע מאַסע שרייט, ווי מיט איין מויל:

— א רוסישער שטערן! א רוסישער שטערן!

באַלד איז א סאָוויעטישער אויטאָמאָביל אָנגעפאָרן. קיינער פון די טויזנטער מענטשן האָט נישט געזען, ווי מען האָט געעפנט דאָס טויער, כאָטש מען האָט אויף דעם געוואַרט אַזויפיל געפּייניקטע יאָרן. קיינער האָט נישט געזען, נאָר אַלע האָבן געפילט, ווי דאָס טויער האָט ברייט געעפנט זײַנע פליגל און אַלע האָבן געזען, ווי א מאַסע, גע-מישט פון פרויען און מענער, הויבט א רוסישן אָפיציר און שרייט: „הורא! הורא!" אַ צווייטע מאַסע פון יונגע מיידלעך, דאַר און דין ווי שטעקלעך, האַלט אין דער לופט אַ קרעפטיקן רוסישן סאָלדאַט. איין מיידל האָט אים חבריש אויסגעטאָן די ביקס און טראָגט זי, ווי א סימבאָל פון באַפרייונג איבער מענטשן-קעפּ. דער קאָפּ פון סאָלדאַט שוועבט אין דער הויך אַ לאַכעדיקער. דאָס היטל איז אים אַראָפּגע-פאַלן פון קאָפּ. ער שרייט מען זאָל אים דערלאַנגען דאָס היטל. קיינער הערט אים נישט. די מאַסע כוואַליעט זיך. מען טראָגט די צוויי רוסן אַריין אין לאַגער אויף די הענט, באַגלייט מיטן אינטערנאַציאָנאַל. דער אָפיציר, וויל עפּעס רעדן שטייענדיק אויף אַ טישל. ס'איז אומ-מעגלעך צו הערן א וואָרט. א קאָמוניסט שפּרינגט אַרויף אויף אַן אַנדער טישל, וויל באַגריסן די געסט, שווענקט די מאַסע אוועק דאָס טישל מיט אים צוזאַמען. די מאַסע איז פון פרייד געוואָרן אַ ווולקאַן, וואָס שפּייט מיט פריידיקע קולות, גאָרנישט צום איינשטילן. יונגע יינגלעך פאַלן אויף די העלדזער פון פרעמדע יונגע מיידלעך און מען קושט זיך. מען טאַנצט אין גאַנג אָנגענומען ביי די הענט. אַנדערע מיידלעך טראָגן אַרום רויטע שלייפל. שטעכן אָן א רויט שלייפל און באַקומען אַ קוש. דער רוסישער אָפיציר שטייט אויף אַ טישל און וואַרט ביז די מאַסע שטילט זיך מיט שוועריקייט איין.

— חברים, איך בין א ייד! — שרייט ער אויס אויף יידיש.

מער רעדן קען ער שוין נישט, ווייל פון איבעראַשונג איז דער מענטשן־ים ווידער אַרויס פון די ברעגן און פאַרפלייצט אַלץ אַרום. הוראַ־אויסגעשרייען פאַרטויבן די לופט. דער טיש ווערט ווידער גע-

טראָגן אין דער הויך מיטן אָפּיציר צוזאַמען. די מאַסע שלייכט זיך, ווי אַ ווייס-בלויע כוואַליע פון איין עק קאָנצענטראַציע-לאַגער צום אַנדערן. דער רוסישער סאָלדאַט שוועבט נאָך דעם טיש, נאָר נישט אויף זיינע אייגענע פיס, נאָר געטראָגן אויף פליגל פון עקסטאַז. די שוואַכע אויסגעמאָרדעטע מאַסע טראָגט אים...

פּלוצלונג ווידער אַ גערויש אויפן שאָסיי. אַ רוסישער אויטאָמאָ־ביל דערנענטערט זיך. די מאַסע שטילט זיך איין. האַלט איין דעם אָטעם. דרייט אויס איר קאָפּ און אויגן קוקן מיט שפּאַנונג אויפן אויטאָמאָביל, וואָס שטעלט זיך ביים טויער.

פון אויטאָמאָביל שפּרינגען אַרויס צוויי, פון וועג פאַרשטויבטע רויטאַרמייער. זיי שלעפּן אַרויס אַ דייטשן מיליטער-מאַן אָן אַ היטל, די הענט געבונדן אויף הינטן און זיי פירן אים אַריין אין קאָנצענ־טראַציע-לאַגער.

די מאַסע איז ווי עלעקטריזירט געוואָרן. זי האָט דערקענט אַ מענטש, וואָס האָט די קאַצעטניקעס יאָרן לאַנג געפּייניקט און אומ־געבראַכט מיט שווידערלעכע טויטן טויזנטער יידישע געפאַנגענע. דער עקסטאַז פון דער מאַסע ווערט אויסגעלאָשן. דאָס פּנים — צאָרנ־דיק, אויפגעברויזט... אין אויגן הייבן זיך אָן צינדן פייערלעך...

— דער ראַפּאָרט-פירער! דער ראַפּאָרט-פירער — האָט אָנ־געהייבן שטורעמען אַ געוויטער פון מענטשלעכע קולות.

די מאַסע האָט זיך אַ וויג געטאָן אין דער ריכטונג פון ראַפּאָרט־פירער. ציינער האָבן געקריצט... הענט האָבן זיך קראַמפּהאַפט אויס־געשטרעקט, אַ גאַנצער וואַלד פון הענט. און איין קול, ווי אַ לייב וואָלט זיך צעברומט, האָט גערופן:

— נקמה! נקמה! נקמה!

מער ווי דאָס איינציקע וואָרט האָט מען נישט געקענט הערן. אַלע קולות האָבן זיך אויסגעמישט צוזאַמען... מען האָט נאָר געזען, ווי די מאַסע שלענגלט זיך, ווי אַ שלאַנג אַרום דעם דייטשן מונ־דיר... און איידער מען קוקט זיך אַרום, איז שוין דער מונדיר אָפּגע־שיילט. די עפּאָלעטן — אַראָפּגעריסן. צענדליקער, הונדערטער שטעקנס האָגלען איבערן קאָפּ פון ראַפּאָרט-פירער. דאָ און דאָרט איז שוין זיין קאָפּ געלעכערט... זיינע פלאַקסענע האָר קלעפּן זיך אין בלוט, וואָס רינט אין דינע שטראָמעלעך איבער די באַקן און האַלדז...

אַבראַשאַ זילבערשטיין, איינער פון די באַליבסטע לאַגער-אַקטי־וויסטן שפּרינגט אַרויף אויף אַ טישל און שרייט:

— זאָלן די מוזיקער שפּילן א מיליטער־מארש און לאָמיר מיט פּאראד פירן אונדזער ראַפּאָרט־פירער צו דער תליה !

— צו דער תליה ! צו דער תליה ! — האָט זיך די מאסע גע־דרענגט.

די מוזיקער שפּילן מיט באַפרייטע הערצער א מיליטער־מאַרש, וואָס הילכט אויף דעם גאַנצן עולם. די מאַזשאָר־טענער רייסן מיט יונג און אַלט. מידע פּיס פון יונגע מיידלעך הויבן זיך צום טאַנץ. דער גאנצער צוג גיט זיך א וויג פאָרויס. דער ראַפּאָרט־פירער מיט די מוזיקער אין דער שפּיץ, נאָך זיי, א באַגייסטערטע מאַסע, וואָס פּאָכעט מיט היטלעך, רעוועט פאר פרייד.

— מיר האָבן דערלעבט ! מיר האָבן דערלעבט !

צוגעקומען צו דער תליה, הערט די מוזיק אויף שפּילן. עס ווערט איינציקווייז שטילער. אבראשא זילבערשטיין באַווייזט זיך ווידער אויף א טישל און רופט אויס מיט אן איראָנישן טאָן :

— געדענקען זי הער ראַפּאָרט־פירער, דאָס זי האָבן באַפוילן אויפשטעלן די תליה און יידישע טישלער האָבן ביי דעם באַשעפעניש געאַרבעט וואָכן־לאַנג. און דאָ אויף דעם געביידעלע האָבן טויזנטער אומשולדיקע פון אונדז געפונען דעם טויט. איצט זייען זי אַזוי גוט, הויכגעשעצטער הער און נעמען זי דאָס שלייפל און פאַרוואַרפן זי דאָס אליין פרייוויליק אויפן האַלדז, ווי א האַלדז־באַנד, וועלן זי כאָטש איינמאָל אין לעבן שפירן דעם טעם פון א געהאָנגענעם.

די מאסע האָט פאַרהילכט דעם ארום מיט א געלעכטער.

מען האָט דעם ראַפּאָרט־פירער אויפגעבונדן די הענט. ווי צוויי וויאָסלעס, האָבן זיי זיך א וויג געטאָן אויף פאָרנט און געבליבן אומ־באַוועגלעך. זיינע ליפּן זענען געבליבן געשלאָסן. דאָס מויל איינגע־רעמט אין בלוט... דער קאָפּ אין דער הויך, נאָר די אויגן — שוואַרצע שטיקער בלוט, אראָפּגעלאָזן צו דער ערד.

— נו, דיינע הענט קענען דיין האַלדז קיין שלעכטס נישט טאָן ?... — האָט זילבערשטיין געקריצט מיט די ציין — דער יידי־שער האַלדז פעלט דיר, אז דו זאָלסט קענען באַוועגן מיט דיינע בלו־טיקע לאַפּעס...

א פּאַטש האָט אָפּגעהילכט. א שפּיי אויפן ראַפּאָרט־פירערס פּנים און דער פאַרלאַנג פון דער גאַנצער מאסע, האָט זיך געלאָזט הערן דורך זילבערשטיינס מויל.

— נישט געשפּילט זיך, פאַרציט די שטריק !

ווען מען האָט אים אַרויפגעצויגן, האָבן די מוזיקער ווידער אָנגעהייבן שפּילן אַ פריילעכן מאַרש. די מאַסע האָט מיטגעזונגען. הוראַ אויסגעשרייען האָבן פאַרטויבט די לופט. פאַר פרייד, האָט מען געוואָרפן אין דער הויך: היטלעך, מאַנאַשקעס, ברויט-זעק, טעלער, לעפל און די לאַגער וואָגעלעך, וואָס זענען נאָך מיט אַ טאָג פריער געווען אַן אָוויג אין קאָפּ.

אַז דעם ראַפּאָרט-פירערס פּנים איז געוואָרן שוואַרץ און בראַנדיק, אַז די מאַסע האָט אָנגעהייבן דערשפּירן זיין טויט, האָט זיך אין איר דערוועקט אַ נייער דראַנג צום לעבן. די באַפרייונג האָט מיט אַ געוואַלדיקן אימפּעט אַרויסגעיאָגט פון לאַגער אין שטאָט אַריין.

אַ ייד האָט אַריינגעשלעפּט אַ קו, וואָס האָט פאַרן טויער געבלאָנדזשעט. פירנדיק די קו האָט ער מיט חוזק קאָמאַנדעוועט:

— איינס, צוויי ,דריי, פיר, לינקס, לינקס!

דער עולם איז נאָכגעלאָפן די קו מיט הילכיקע געלעכטערס. נאָכדעם האָט מען די קו צוגעבונדן צו די פיס פון דער תּליה און די אויפגעלעבטע מאַסע, האָט איינציקווייז אָנגעהייבן צו פאַרלאָזן דעם קאָנצענטראַציע-לאַגער.

דער קאָנצענטראַציע-לאַגער איז אויסגעליידיקט געוואָרן. אויף דעם אָרט, וווּ מיט אַ טאָג צוריק האָבן נאָך געלעבט און זיך געמוטשעט טויזנטער געפאַנגענע, איז נישט מער פאַרבליבן ווי איין איינציק מענטשלעך נפש — דער ראַפּאָרט-פירער אויף דער תּליה. דאָס קליינע ביסעלע באַוווסטזיין, וואָס לעשט זיך, ווי אַ צאַנקנדיק ליכט אין זיין מוח, דערלויבט אים נאָך אַרומצונעמען מיט זיין לעצטן בליק דעם לאַגער. די אָבסערוואַטאָרן-טורעמלעך זענען ליידיק. די שטעכל-דראָטן האַלטן מער קיינעם נישט געפאַנגען. אינמיטן הויף ברענען זיך שטרוי-זעק. די לעצטע פלאַמען פון יידישער פאַרשקלאַפונג, הויבן זיך צו די הימלען און לעשן זיך אויס... די טירן און פענצטער פון די באַראַקן—אויפגעפּראַלט... אין די וואַש-באַראַקן זענען אויפגעדרייט די קראַנען. דאָס שאַרעווען פון די וואַסער-שטראָמען שפּיזט אים דעם מוח... פאַר אויפדרייען אַ קראַן איז געקומען פינף און צוואַנציק שמיץ. איצט קען מען קיין יידן נישט באַשטראָפן. דאָ, וווּ ער איז געווען יאָרנלאַנג קעניג איבער טויזנטער יידן, הענגט ער איצט אַליין ביים האַלדז און קען זיך נישט באַוועגן... שטיל איז אַרום, ווי אויף אַ בית-עולם. די קו ביי זיינע פיס וואַקלט די תּליה. זי בינדט זיך אויף מיט איר<del></del>ע הערנער און גייט פון אים אַוועק —

דער לעצטער לעבעדיקער נפש. אַט שטייט שוין די קו אינמיטן הויף און מעקעט אַרויף צו די הימלען. דינע גאוועדיקע פעדעמלעך, דריווי־לען זיך, זילבערן זיך ביי דער קו׳ס מאָרדע. אָפּגעמעקעט גייט די קו ארויס פון לאגער און זוכט מיט אירע גלעזערנע אויגן א וועג צו פריי־הייט. בלויז דער ראפּאָרט־פירער בלייבט איבער, ווי א סימבאָלישע פיגור פון אן אונטערגייענדיקער מאַכט. א פליג שטעלט זיך אויפן ראפּאָרט־פירערס נאָז און דער מעכטיקער הערשער איבער טויזנ־טער לעבנס, קען זי נישט פאַריאָגן... באַלד פליט די פליג אראָפּ פון זיין נאָז און שטעלט זיך אויף זיין ארויסגעשטעקטער שווארץ־בראנדיקער צונג. אָבער דאָס שפּירט שוין נישט דער ראַ־פּאָרט־פירער. זיין גוף האָט שוין געגעבן דעם לעצטן צאַפּל און האָט זיך אָנגעהייבן וויגן, ווי אַ קירכן־גלאָק אויף א טורעמל נאָך א טויט...

פּאַריז, אָקטאָבער 1946.



# אַ יידישער פּאַרטיזאַן

דער ניצער האָטעל „עקסעלסיאָר", וואָס האָט דורות לאַנג געדינט אַלס אָפּרו-אָרט פאַר טוריסטן פון אלע עקן וועלט, וועלכע זענען דאָ אהערגעקומען אײנזאַפּן די ווארעמקייט פון דרום, די שיינקייט פון ים און די ארומיקע נאַטור פּראַכט, איז מיטן אריינמאַרשירן פון די דייטשן אין דער דרום-זאָנע, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א גיהנום.

א גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין, האָבן דאָ אריין- און אַרויסגעשטראָמט דייטשע מיליטער-לייט, וועלכע האָבן אריין- און אַרויסגעפירט פּאָליטישע „פאַרברעכער", פּאַרטיזאַנען, אַרעסטירטע יידן, ווייבער און קינדער. און דאָ איז זייער גורל געחתמעט געוואָרן. אַ טייל צום טויט, אַ טייל צו דעפּאָרטאַציע און אַ טייל צו תפיסה אויף אכזריותדיקע פּייניקונגען, כדי ארויסצובאַקומען פון זיי סודות.

אין א גרויסן הערלעכן פאַרוויילונגס-זאַל, וווּ וווּנדערלעכע גאָבעלינען פון ווייטע יאָרהונדערטער זענען געווען איינגעפּאַסט אין ווענט מיט גאָלד-ראַמען, איז היינט געזעסן דער דייטשער הויפּט-מאַן רודאָלף הענגעל ביי א גרינעם טיש און געוויגן טויזנטער לעבנס אויף דער דייטשער וואָג-שאָל פון „גערעכטיקייט"...

דער הויפּט-מאַן איז געווען א הויכער, א בלייכער, מיט אַ גלאַנציקן פּליך און א פּאָר אַלטמאָדישע גאָלד-ברילן אויף גרויע אויסגעלאָשענע אויגן, וועלכע האָבן זיך אָנגעצונדן נאָר דאַמאָלס, ווען זיי האָבן געזען אַריינפירן נייעם רויב צו שטילן זיין היהשן אינסטינקט. דער רעכטער ארבל ביים הויפּט-מאַן איז געווען ליידיק, אָבער מיט דער לינקער האַנט, האָט ער פלינק אונטערגעשריבן טויט-אורטיילן און דער רעכטער ליידיקער ארבל האָט זיך צוגעשאָקלט...

אין איינעם א זוניקן יוני נאָכמיטאָג איז דער הויפּט-מאַן געשטאַנען ביי די אויפגעפּראַלטע, ווענעציאַנישע פענצטער צו כאַפּן

א ביסל פרישע לופט פון די פרעכטיקע בלומען, פאַלמען־ביימלעך, וועלכע האָבן, ווי גרינע פעכערס צו אים אַריינגעפעכערט אין אָפענעם פענצטער. ער האָט געפרייכט ווי א גאַנדז, אַ מידער פון אַרומלויפן מיט זיינע קאַלטע, שטאָלענע אויגן, איבער צענדליקער דאָקומענטן־אקטן. ער האָט געראויכערט א ציגאַר, אין מיטן רויכערן גענומען די ציגאַר און אַריינגעוואָרפן אין גרינעם גראָז־טעפיך. ער האָט געוואָלט זען מיט זיינע אויגן, ווי דאָס פייער ברענט אָפ די זוניקייט און די גרינקייט פון גראָז און עס בלייבן איבער שווארצע פלעקן... דאָס שפילן זיך מיט פייער האָט באַרואיקט זיינע נערוון.

מיטאַמאָל האָט זיך די טיר פון זאַל אויפגעריסן. דער הויפּט־מאַן איז מיט האַסטיקע טריט צו צום טיש, זיך אַוועקגעזעצט. צוויי דייטשע סאָלדאַטן האָבן אריינגעפירט א יינגל. זיי זענען גע־גאַנגען מיט פעסטע, מיליטערישע טריט צום גרינעם טיש, פארקלאפט די פיס, און איינער האָט געמאָלדן:

— הער הויפטמאַן, איך מעלדע געהאָרכזאַם, געכאַפּט א פּארטיזאַן, געפונען א רעוואָלווער, א פּראָקלאַמאַציע און זיינע דאָקומענטן. אַלץ אָפּגענומען, אָט איז עס! — האָט דער פּאָסטן דערלאַנגט די אָפּ־גענומענע זאכן מיט דער לינקער האַנט, און מיט דער רעכטער סאַ־לוטירט.

דער הויפטמאַן האָט א הויב געטאָן מיט די ברעמען, ווי געעפנט די פאָרהאַנגען פאַר זיינע אויגן. ער האָט זיך אויסגעווישט די ברילן מיט אַ שטיקל זאַמש, אַרויפגעזעצט די ברילן אויף זיין שאַרפער נאָז און באַטראַכט דאָס יינגל מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, מיט בליקן, וואָס זענען געבליבן אומבאַוועגלעך אין זיינע הינטישע אויגן־לעבער...

פאַר אים איז געשטאַנען א הויך, שלאַנק יינגל פון א יאָר ניינצן. א צעשויבערטער פעך שווארצער קאָפּ דריבנע לעקעלעך האָט געוואָרפן טונקעלע שאָטנס אויף זיין העל אויסגעבלייכט, רונדיק פנים, וווּ צוויי פינקלדיקע שווארצע אויגן האָבן געשאָטן מיט פייער. ער האָט גע־טראָגן א צעקנייטשטן העלן ספּאָרט־אַנצוג מיט גאָלף־הויזן, ווייסע הויכע זאָקן, אַ צעקנייטשט ווייס סלאַוואַצקי־קעלנערל האָט זיך אויסגעלייגט איבער זיין מאַרינאַרקע. א האַלדז־גריבל, אַ ביסל צו טיף פאַר דעם יינגלס יאָרן, האָט דערציילט פון שווערע איבערלעבונגען.

דער הויפטמאַן האָט מיט שוועריקייטן אַראָפּגענומען די אויגן

פון יינגלס פּנים, אַריינגעקוקט אין די דאָקומענטן און פאַר זיך איבערגעלייענט :

— שאַרל לעמאַרשאַ, געבוירן אין באָרדאָ 1923, א פראַנצויז מיט א יידישער פּראָקלאַמאַציע ? דאָס מוז זיין א יודע מיט פאַלשע פּאַפּירן. שטימט עס יונגע, ביסט א יודע ?

דער פּאַרטיזאַן איז בלייך געוואָרן און געשוויגן.

דער הויפּטמאַן האָט לאַנג באַטראַכט די פּראָקלאַמאַציע.

ער האָט א קלונג געטאָן ביים טיש־גלעקל.

א מיליטערישער סעקרעטאַר מיט א סטילאָ אין דער האַנט איז אריין און א פּויק געטאָן מיט די שטיוול.

— צום באַפעל, הער הויפּטמאַן !

— שילער, רופן זי מיר אריין דעם יידישן דאָלמעטשער און זי בלייבן איבער ביי דער שרייב־מאַשין. די פּראָקלאַמאַציע ווערט דורכן יידישן דאָלמעטשער אדורכגעלייענט און זי סטענאָגראַפירן מיר דעם טעקסט. פינף קאָפּיעס.

— זאָפאָרט, הער הויפּטמאַן.

עס איז אריינגעקומען א ייד אין די פערציקער יאָרן. עלעגאַנט געקליידעט מיט א זאַט ראַזלעך פּנים. ביים עפענען ס'מויל, האָבן צוויי קעסטלעך גאָלדענע ציין ארויסגעפינקלט.

— דאָלמעטשער, די פּראָקלאַמאַציע איבערזעצן גענוי ווי דער טעקסט לויטעט !

עס איז געוואָרן שטיל. מען האָט געהערט דעם סעקרעטאַר אריינ־דרייען די פינף בלעטלעך פּאַפּיר. די מאַשין האָט א קלונג געטאָן.

„יידישע יוגנטלעכע, צוקונפט פון יידישן פאָלק. אייער יוגנט־לעכער פלאַם, אייער ענערגיע און איניציאַטיוו, שטעלט צום דינסט פון אַנטיהיטלעריסטישער שלאַכט ! עס איז נישט פאַראַן קיין מער נאָבעלע זאַך אין לעבן, ווי צו קעמפן פאַר פרייהייט.

יידישע פרויען ! פאַרשטייט, אז איצט איז נישט קיין צייט פון באַוויינען יידישע קרבנות ! עס איז די שעה פון טאַט, נקמה און קאַמף ! "

כאָטש דעם דאָלמעטשערס נשמה איז געווען פאַרקויפט דעם דייטשן טייוול, האָט ער א ציטער געטאָן, לייענענדיק די אויפריכ־טיקע מוטיקע שורות.

— איבערזעצן דאָלמעטשער, אָבער נישט דעקלאַמירן! ווייטער!

„ווען אונדזערע מאַרטירער, אונדזערע געפאַלענע העלדן וואָלטן געקענט רעדן, וואָלטן מיר געהערט דעם רוף פון זייער בלוט: בלייבט נישט גלייכגילטיק און פאַרצווייפלט קעגנאיבער די שחיטות פון די נאַציס! שלאָגט דעם פיינט. זאָל קיין יידישער קרבן נישט בלייבן אומבאַצאָלט! נעמט דאָס געווער אין האַנט, כדי נקמה צו נעמען פאַר אונדזערע העלדן און מאַרטירער; כדי אַ סוף צו מאַכן צו די גרויזאַמע פייניקער און אונטערדריקער; כדי צואיילן דעם טאָג פון אונדזער באַפרייונג. לאָמיר בילדן באַוואָפנטע פאַרטיזאַנען גרופּן! לאָמיר ענגער שליסן דעם קאַמף-בונד מיטן פראַנצויזישן פאָלק! לאָמיר אויפשטיין אין דער אנטגילטיקער שלאַכט פאַר דעם זיג פון דער רויטער אַרמיי און די אַלירטע, פאַרן זיג פון אַלע אונטערדריקטע! פאַרשאָלטן זאָל זיין היטלער און זיין בלוטיקע הערשאַפט! אַ טויט די נאַצי־באַרבאַרן!"

דער דאָלמעטשער איז שטיל געוואָרן. די שרייב־מאַשינקע האָט נאָך עטלעכע קלינג געטאָן אין דער שטילקייט אריין און איז אויך פאַרשטומט געוואָרן; בלויז דער הויפטמאַן האָט גערעדט אָן ווערטער... גערעדט דורך אָנגעצונדענע אויגן, ווי ביי א חיה, וואָס האָט דערזען אַ געפאַר און ווערט נאָך מער בלוט-דורשטיק... ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פונעם טיש, געשפּאַנט איבערן זאַל ארויף און אַראָפּ. דער לייריקער אַרבל פון זיין רעכטער האַנט איז אים נאָכגעלאָפן, ווי אַן אויפגערעגט גליד, וואָס געהערט צו זיין קערפּער. די דייטשע אויגן האָבן דעם הויפּטמאַן נאָכגעקוקט שווייגנדיקע.

דער יידישער פאַרטיזאַן איז געשטאַנען אָן איבערגעשראָקענער.

דער הויפטמאַן האָט זיך ביסלעכווייז אָפּגעקילט, זיך צוריקגעזעצט צום טיש און אָנגעהייבן מיט אַ ווייכן טאָן זיין אויספאָרשונג:

— נו, די פּראָקלאַמאַציע שוין געהערט. איצט וועט מען הערן, וואָס דער יונגער פאַרטיזאַן האָט אונדז צו דערציילן. שרעק זיך נישט יונגע! ווען דו ביסט זיך מודה און דערציילסט אונדז, ווו די צענטראַלע פון דיינע פאַרטיזאַנען געפינט זיך און ווער איז אייער פירער, ווערסטו נאָך באַלוינט פון אונדז. איז דיר נישט קיין שאד דיין לעבן, יונגע? — און אַ שמייכל האָט זיך געקינצלט אויף דעם הויפטמאַנס ליפּן.

— מיין יונג לעבן איז מיר נישט קיין שאָד. די אַלע, וואָס שליסן

זיך אָן אין אונדזערע רייען, האָבן שוין פאַרוים אַוועקגעשענקט זייער לעבן דעם קאַמף, וואָס זיי פירן...

אַלע אין צימער האָבן אויף דעם יינגל אָנגעהאָנגען זייערע בליקן...

— אָבער דאָך דערציילסטו אונדז, ווו עס געפינט זיך די אָנפירערשאַפט פון אייער אָרגאַניזאַציע!

— איך האָב גאָרנישט וואָס צו דערציילן.

— וואָס? — האָט זיך דער הויפּטמאַן אויפגעקאָכט. — דערצייל, באַפעל איך דיר! דו מוזט נאָך באַשטימט נישט קענען די דייטשע מעטאָדן, וואָס מאַכן רעדן אפילו שטומע...

— איך קען זיי, די דייטשע מעטאָדן, נאָר איך שרעק זיך נישט פאר זיי!

— אריינעמען אין דעם שטראָף־צימער און אים מאַכן רעדן!

— האָט דער הויפּטמאַן זיך אויפגעכאַפּט און באַגלייט זיין באַפעל דורך א זעץ אין טיש אריין מיטן לעשער אין דער האַנט.

די טיר האָט זיך אויפגעריסן. עס זענען אַריין מיט שטורעם צוויי פעסטע ס. ס.־מענער. זיי האָבן דאָס יינגל ברוטאַל אַרויסגעשלעפּט פון זאַל. און באַלד האָבן אויפטרייסלנדיקע קולות אויפגעשפּאָלטן די שטילקייט. אָנגעשפּיצטע אויערן האָבן זיך איינגעהאָרכט, ווי גראָבע זעלנערישע פּאַסקעס פּאַלמעסן דאָס לייב פון דעם יינגל. די פּאַסקעס האָבן געפּיפן אין דער לופט. דאָס יינגל דאַקעגן איז באַלד נאָך די ערשטע געשרייען געבליבן שטיל. ער האָט פארביסן די ליפּן און געשוויגן. ער האָט אַריינגעשריגן אין זיך, אין זיין אינעווייניק לעבן אריין, מער ווי א דערשטיקטער קרעכץ איז פון זיינע ליפּן נישט ארויסגעפאלן.

— אריינפירן דעם פאַרברעכער! — האָט דער הויפּטמאַן באַפוילן, קוקנדיק אויפן זייגער.

מען האָט צוריק אריינגעפירט דאָס יינגל. קיינער האָט אים מער נישט דערקענט לויטן פּנים, נאָר לויטן אנצוג. ער איז שוין נישט געגאַנגען אויף זיינע פיס. זיינע פייניקער האָבן אים אונטערגעפירט. ער האָט זיך נאָכגעשלעפּט, ווי אַן איבערגעבראָכן בוימל, זיין קאָפּ האָט געטריפט מיט בלוט...

— נו, איצט וועסטו רעדן? — האָט דער הויפּטמאַן געפרעגט מיט א זיגערישן שמייכל.

דאָס ייִנגל האָט פאַרביסן געשוויגן, אפילו זיינע קרעכצן האָט ער מיט אַלע כּוחות צוריקגעהאַלטן.

— דו וועסט רעדן, אָדער ווילסט די צווייטע לעקציע באַקור־מען — האָט דער הויפּטמאַן געשריגן און אים געדראָט מיט אַ רעוואָלווער.

דאָס ייִנגל האָט אַן עפן געטאָן זיינע אויגן, אונטערגעשוואָלענע, אונטערגעשוואַרצטע פון די קלעפּ און קוים אַרויסגערעדט.

— דאָס אַלץ וואָס איך האָב צו זאָגן, האָט אייך שוין געזאָגט די פּראָקלאַמאַציע.

— אָפּפירן אין אַרעסט־הויז, צעלע „בע". דריי מאָל אין טאָג שמייסן. אָפּוואַשן דאָס בלוט, זיין פּרצוף נישט ווייזן דער באַפעל־קערונג. אַוועק מיט דעם פאַרברעכער און אַריינפירן דעם נעקסטן! — האָט דער הויפּטמאַן באַפוילן.

*

די ניצער גאַסן האָבן געררוישט, זיך געכוואַליעט מיט פיל קאָליר־קייט, באַגאַסן מיט זוניקן אָפּשיין, ווי דער שכנותדיקער ים. די גאַסן האָבן געערדט פאַרשידענע שפּראַכן, געטראָגן אויף זיך עלע־גאַנטע דאַמען מיט ווייסינקע הינטעלעך אין די אָרעמס. און אָרעב־געקליידעטע פרויען, אַרויסגעשטראָמטע פון די אַלטע ניצער קוואַר־טאַלן אָן ליכט, רייכע פרויען האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי בלומען־קיאָסקן און אָרעמע — ביי שפּייז־געוועלבער, ווו לאַנגע רייען מענטשן זענען געשטאַנען ווי אַ געשלענגלטע קייט און געוואַרט צו באַקומען אַ ביסל שפּייז, פאַר די אויסגעהונגערטע קינדער אין זייערע פינצ־טערע היימען. דאָ האָט אַ גרופּע מענטשן געלייענט אַ נאָר־וואָס אויס־געקלעפּטן פּלאַקאַט אין דער דייטשער און פראַנצויזישער שפּראַך און זיך איבערגעקוקט מיט שרעק. אַנדערשוווּ זענען מענטשן גע־שטאַנען אַרום גרויסע קינאָס און געזוכט פאַרווייַלונג. די קאַפעס האָבן געשפּילט מיט פרייַלעכע טענער דורך אינסטרומענטן אין מענטשן הענט און דורך ראַדיאָ־קאָנצערטן, איבערגעטראָגן דורך דער לופט. אוןביידע מאַסעס די גליקלעכע, ווי די אויסגעהונגערטע, האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן אויף טראָטואַרן, זיך אַריינגעפלאָכטן, זיך גע־פלאָנטערט צווישן מיליטערישע לאַסט־אויטאָמאָבילן, צווישן לוקסוס־אויטעלעך, צווישן טראַמווייען, וואָס זענען געפלויגן און געבליצט מיט עלעקטרישע פונקען און פול געמאַכט די לופט מיט אַ געקלינ־גערייַ.

אין א ראָג פון סקווער מאַצאַרט זענען געשטאַנען הונדערטער מענטשן צוזאַמענגעדרענגט און האָבן אויף עפּעס געקוקט, ווי אויפגע־בראַכט פון א גרויס געשעעניש. אויף דער ערד איז געלעגן א שוואַרצער לאַנגהאָריקער הונט, א צעטראָטענער פון א לאַסט־אויטאָמאָביל. דער הונט איז געלעגן א קאַנטיקער מיט אָפענע אויגן, מיט אַן אַרויסגע־שטעקטן לעקער. א שנירעלע בלוט האָט זיך אים געצויגן פון דער מאָרדע. איינגעפּלעקט עטלעכע שטיינער פון דעם פיינעם אויסגע־פּלאַסטערטן סקווער און די מאַסע האָט בייז געברומט:

— זיי פאָרן, ווי די טייוולאָנים, די „באָשן"!

באמערקט א דורכפּירן א סימפּאַטיש יונג מיט אונטערגעשוואָ־לענע אויגן, האָט די מאַסע אויף א ווײַלע אָפּגעריסן דעם בליק פון טויטן הונט און אים אָנגעהאָנגען אויף דעם אַרעסטאַנט. עטלעכע פרויען האָבן מיט באַדויערן אים נאָכגעקוקט, אנדערע האָבן געפּרוווט טרעפן, וואָס פאַר א פאַרברעכער דאָס קען זיין...

מיטאַמאָל האָט מען געהערט אַן אויסגעשריי פון צוויי דייטשע רויע שטימעס. דאָס יינגל האָט זיך א ריס געטאָן פונעם אָרט און געגומען לויפן אין דער מאַסע אריין. די מאַסע האָט זיך צעריסן ווי א פאַרביק קלייד אין פאַסן, אדורכגעלאָזט דאָס יינגל, נאָר ווען צוויי ביקסן האָבן אויסגעשאָסן, געצילט אין יינגל, וועלכער איז אַנידערגעפאַלן מיט פיר קוילן אין לינקן פוס, עטלעכע טריט פון טויטן הונט, האָט זיך די מאַסע א רוק געטאָן...

די דייטשע וואַכמייסטערס האָבן גענומען לויפן צעהיצטע טעלע־פאָנירן און באַלד האָט זיך אָנגעטראָגן מיט א קלינגעריי א ווייסער אַמבולאַנס מיט א רויטן קרייץ. מען האָט דאָס פאַרוווּנדעטע יינגל אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל, איבערלאָזנדיק אויפן ברוק עטלעכע בלוט־פלעקן...

אין א ווײַלע ארום זענען די צוויי דייטשע פּאָסטנס צוריקגעקו־מען באַריכטן דעם הויפּטמאַן, וואָס מיט דעם פּאַרטיזאַן האָט פּאַ־סירט.

מיט א נערוועזן אויסדרוק אויפן פּנים האָט דער הויפּטמאַן א כאַפּ געטאָן דאָס טעלעפאָן־טרייבל און אריינגעשריגן מיטן טאָן פון א באַפעל:

— האַלאָ, שפּיטאָל פּאָסטער! דאָס רעדט דער דייטשער הויפּט־מאַן רודאָלף הענגעל. איך בעט א פאַרבינדונג מיטן שעף. האַלאָ, הער שעף אויפגעפּאַסט! מיט א שעה צוריק דאָט מען צו אייך גע־

בראַכט אַ פּאַרטיזאַן. דאָס ייִנגל מוז אומבאַדינגט לעבן בלייבן, הער שעף! זיין לעבן איז נויטיק דער געשטאַפּאָ. איך מאַך אייך פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר זיין לעבן. וואָס? ער האָט פאַרלוירן אַ סך בלוט. ער דאַרף, זאָגט איר האָבן אַ טראַנספוזיע. דאָס איז אייער אַרבעט, נישט מיינע. איר האָט אַ באַפעל דאָס ייִנגל צו ראַטעווען. ווי נאָר די טראַנספּוזיע ווערט געמאַכט, ביטע מיר מעלדן! ווי נאָר ער קען שטעלן אַ פוס און קומען צו דער אויספאָרשונג, זייט אַזוי העפלעך מיר מעלדן! יאָ, הער שעף, די באַשפּייזונג פאַר דעם קראַנקן מוז זיין עקסטראַ. ער באַקומט מילך, פוטער, אַלץ וואָס איז אים נויטיק. אָ רעוואַר, הער שעף, די זאַך איז דערליידיקט.

פאַרנאַכט, ווען די זון האָט שוין געשפּיגלט אירע לעצטע פלאַמען אויף די ווייס־בלאַנקנדיקע ווענט פון שפּיטאָל פאַסטער, האָט דער פּאַרטיזאַן, וועמענס יונגער לעבן איז געוואָרן אויף אַ ווײַלע אויס־געלאָשן — צוריק אויפגעעפנט זיינע ליכטיקע שוואַרצע אויגן.

ער האָט פאַר זיך געזען אַ וועלט מיט בעטלעך, וווּ עס ליגן האַלב־טויטע קעפּ געוויקלט אין שפּיטאָלענע קאָלדרעס. קיין ווערטער זענען נישט פאַראַן אין אָט דער וועלט, נאָר קרעכצן, און ער האָט אויך צושטייער געגעבן זיינע...

אויף זיין בעטל איז געזעסן אַ יונגע קראַנקן־שוועסטער. איר העל־לויטער פּנים איינגעהילט אין אַ שוואַרץ־סאַטין טיכל, אַרומגעזוימט מיט אַ ווייס טאַשמעלע ביים ברעג. אַ גרויסער ווייסער קרייץ האָט זיך געצייכנט אויף דעם שטיקל טיכל, וואָס האָט איר געהאָנגען איבערן שטערן. דאָס טיכל האָט זיך איר געפּעלדלט אַרום איר ווייס־בלענדענדיקן האַלדז. די פאַלדן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט פאַרביקע טענער פון טאָג־פאַרלעש, אָפּגערעקט גאָלדענע לאָקן. אירע גרויסע, רחמים׳דיקע, בלויע אויגן האָבן אויף אים געקוקט מיט אַ צאַרטן בליק, מיט אַן אָפּשיין פון אַ שמייכל, וואָס איז דין און דרינגט אין דער נשמה אַריין... אירע ווייסע, בלאַנקע הענט האָבן אים, ווי צוויי קילע כוואַליעס געגלעט זיין צעהיצטן קאָפּ, אים צעקעמט די שוואַרצע לאָקן מיט זייערע דינע פינגער...

ער האָט געפרעגט די ערשטע פראַגע נאָך דער אָפּעראַציע:

— ווו בין איך, מאַדמואַזעל?

— דו ביזט, מיין ליבער, אין שפּיטאָל פאַסטער אין ניצע. — האָט דאָס מיידל געזאָגט מיט אַ גליקלעך געלעכטערל, הערנדיק זיין

קול. — די אָפּעראַציע איז געלונגען, דו ביזט געראַטעוועט... איך, מיין טייערער, האָב דיר געשענקט אַ ביסל בלוט אויף אַ טראַנספוזיע. אַנדערע האָבן אָפּגעזאָגט. איך האָב דאָס פרייוויליק געשענקט. וואָס מאַכט ביי מיר אויס אזא ביסעלע בלוט צו ראַטעווען אַ יונג לעבן — האָט די קראַנקן־שוועסטער געוויזן צוויי רייעס קליינינקע, ווייסע קלאַווישן־ציין, אויף וועלכע עס האָט געשפּילט אַ לירישער שמייכל.

— נו, פילסטו זיך בעסער?

דער פּאַרטיזאַן האָט געקוקט אויף דעם מיידל, זיין מוח, וואָס איז נאָר וואָס געווען באַטויבט פון אַ שלאָף־געטראַנק, האָט זיך אָנגעהייבן אָנצינדן מיט באַוווסטזיין. ער האָט זיך אַלץ דערמאָנט און שטיל ארויסגערעדט:

— איך באַדויער, וואָס איך וועל נישט לעבן און דיר נישט קענען אָפּדאַנקען פאַר דיין בלוט, טייערע אומבאַקאַנטע גוטסקייט!

— דו וועסט יאָ לעבן! — האָבן דעם מיידלס אויגן זיך אָנגעפילט מיט טרערן...

— אָ דער לינקער פוס! אָ, ווי ער שמערצט! איך שפּיר, איך שפּיר, אַז ער איז געווען אויפגעשניטן...

— אָבער דאָס היילט זיך שנעל אויס, מיין טייערער! — האָט דאָס מיידל מיט מיטלייד געגלעט זיינע לאָקן.

אין דעם מאָמענט האָט מען דערהערט האַסטיקע טריט פון דייטשע שטיוול, און אין עלטערע קראַנקן־שוועסטער האָט אריינגעפירט צוויי דייטשע ס. ס.־מענער.

— שאַרל לעמאַרשאַן! — האָט די קראַנקן־שוועסטער גערופן!

דער פּאַרטיזאַן האָט הערנדיק רופן זיין פאַלשן נאָמען, ברייטער אויפגעריסן זיינע אויגן. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער הייסט און אַז זיין נאָמען איז פאַרבונדן מיט אַ געפאַר.

ער האָט דערזען, ווי די צוויי דייטשע מונדירן האָבן אַרומגעהאָנגען זיין בעטל.

— מאַדמואַזעל, אַ ביסל וויניקער גלעטן, דאָס איז אַ פאַרברעכער!

— אַ פאַרברעכער?! האָט די יונגע קראַנקן־שוועסטער שאַרף אָנגעקוקט די דייטשע מיליטער־לייט. — ער, דאָס יינגל אַ פאַרברעכער? איר לאַכט פון מיר, מיינע הערן.

— ווו איז דער דאָקטער, וואָס באַהאַנדלט אים?

— דאָקטער דיבואַ, דאָקטער דיבואַ!

א דאָקטער אין ברילן האָט אהערגעפּלאָנטערט אין א ווייסער שירעם.

— געשטאָפּאָ, ווי לאַנג דאַרף דער פאַרברעכער ליגן אין בעט?

— דאָס קען איך נישט גענוי באַשטימען. איך רעכן א חודש, ביז ער וועט צו זיך קומען.

— ער דאַרף נישט געזונט ווערן; ער דאַרף נאָר קענען קומען צו אַן אויספאָרשונג.

— איז מינדסטנס אַכט טאָג, מיינע הערשאַפטן.

— וועט ער דורך דער צייט זיין אומפעיק צו אנטלויפן?

— געוויס מיינע הערן.

— אַלזאָ, ווי נאָר ער קען שטעלן א פוס אויפן באָדן, אפילו מיט קוליעס, — איז גלייך מעלדן אין האָטעל „עקסעלסיאָר", הויפּטמאַן רודאָלף הענגעל!

זיי זענען אָפּגעגאַנגען מיט טריט, וועלכע האָבן לאַנג געפּויקט אין די מוחות פון אַלע אָנוועזנדיקע אין זאַל און באַזונדערס אין מוח פון דער יונגער קראַנקן־שוועסטער.

ווען זי איז געבליבן אַליין ביים פּאַרטיזאַנס בעט איז איר קאָפּ אַרויפגעפאַלן אויף דעם פּנים פון יינגל און זי האָט זיך צעלאַכט:

— כאַ־כאַ־כאַ, דער פאַרברעכער!

און ווען זי האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ פונעם בעטל, האָט ער באַמערקט אירע דינע ליפּן פאַרביסן. און אין דעם וווּנדער פון אירע אויגן, האָבן געהאַנגען טרערן...

צומאָרגנס זענען צום פּאַרטיזאַן געקומען צוויי וואַכמייסטערס און האָבן באַוואַכט זיין בעטל, אַלע צוויי שעה זיך געטוישט, אים געהיטן ווי א פּעטשונג...

מיט אַכט טאָג שפּעטער, אין א פרימאָרגן האָט מען דעם יונגן פּאַרטיזאַן, — אַן אנגעלענטן אויף א שטעקן, נאָכשלעפּנדיק דעם לינקן פוס, אַריינגעפירט צום הויפּטמאַן. דער לעצטער האָט אים געהייסן דערלאַנגען א פּאָטעל.

— נו, א דאַנק מיר ביסטו געראַטעוועט, יונגע, — האָט דער הויפּטמאַן אָנגעהייבן זיין אויספאָרשונג. — איצט, גלויב איך וועסטו שוין זיין קליגער און אַלץ דערציילן, וואָס דו ווייסט פון דער פּאַרטי־זאַנען אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך פאַרמאָסטן צו באַקעמפן די דייטשע אַרמיי. — האָט דער הויפּטמאַן געזאָגט מיט איראָניע, בלע־טערנדיק די „דאָסיע" און אויפהויבנדיק זיינע אויגן אויפן פּאַרטי־

זאָן מיט אַ פאַרשטיקט געלעכטערל. — איצט יונגע מוזטו אונדז זאָגן דעם אמת. מיר ווייסן שוין, אַז דיין אמתער נאָמען איז דאַניעל שטערן. אַ יודע, אַ פּאַרטיזאַן און אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטי־שער יוגנט.

דאַניעל שטערן האָט אָפּגעזיפצט, נישט פאַר שרעק, נאָר פאַר שוואַכקייט און אָנגעהייבן מיט אַ שטימע אָנגעזאָפּט מיט האַס:

— אויב איר האָט מיך צוריקגעבראַכט צום לעבן בלויז דערפאַר ווייל איר ברויכט, אַז מיין צונג זאָל אייך דערציילן סודות וועגן אונדזערע פּאַרטיזאַנען, וועט איר זיין שטאַרק אנטוישט און די אַרבעט האָט זיך אייך נישט געלוינט. איך באַדויער דאָס בלוט, וואָס דאָס פראַנצויזישע מיידל האָט אריינגעגאָסן אין מיין לעבן, כדי מיך צו ראַטעווען.

— איך זאָג, אַז דו וועסט יאָ רעדן — איז דער הויפּטמאַן אויפ־געשפּרונגען, אָנגעצונדן מיט רציחה.

דער פּאַרטיזאַן האָט געשוויגן.

— מיר האָבן מאַשינען, וואָס קלעמען איין הענט און פיס. איך וועל דיר דיין קראַנקן פוס איינקלעמען, וועסטו שוין רעדן — האָט דער הויפּטמאַן געשריגן.

זעענדיק, אַז אויף דעם יינגל ווירקן נישט קיין דראָונגען, האָט זיך דער הויפּטמאַן אַ ריס געטאָן פונעם אָרט, ארויסגעכאַפּט דעם זייגער און באַפוילן:

— אוועקפירן אין אַרעסט! צעלע „צע“. דריי אַ זייגער וועט ער דערשאָסן!...

דער פּאַרטיזאַן האָט זיך מיט שוועריקייטן אויפגעשטעלט, אָנ־געלענט אויפן שטעקן, האָט ער אויפגעהויבן זיין קאָפּ.

ער האָט שאַרף אריינגעקוקט אין די אויגן פונעם הויפּטמאַן, ווי דער טויט־אורטייל וואָלט אויף אים קיין שום איינדרוק נישט גע־מאַכט. דערנאָך האָט ער אָנגעהאַנגען זיינע אויגן אויף די צוויי וואַכ־מייסטערס, געבעטן זיי זאָלן אים וואָס שנעלער ארויספירן פון דאַנען..

אין דער טיורמע־קאַמער איז דאַניעל שטערן אוועקגעפאַלן ביים טישל. ער איז געווען פיזיש אָפּגעשוואַכט פון די לעצטע איבערלע־בענישן. ער האָט גענומען זיין קאָפּ צווישן די הענט. דער קאָפּ איז געווען שווערער ווי בליי... דער שטעקן זיינער איז אוועקגעפאַלן פון זיין גוף. ער האָט זיך פאַרקוקט אויפן אוועקפאַלנדיקן שטעקן און זיך פאַרגעשטעלט, אַז אַרום דריי אַ זייגער וועט ער אַזוי אוועקפאַלן

פון דער וואַנט א דערשאָסענער. ער האָט צוריקגעכאַפּט זיין שטעקן און אָנגעהייבן שפּאַנען איבערן שמוציקן קעמערל, ווי ער וואָלט געוואָלט דערשפּאַנען די אַלע יאָרן, וואָס ער וועט שוין נישט אָפּלעבן; די יאָרן, וואָס וועלן פון אים באַלד ווערן אָפּ־געשניטן... ער האָט זיך אָפּגעשטעלט באַטראַכטן די ווענט. דאָ און דאָרט זענען געווען אָנגעשריבן פאַרשידענע נעמען. איבערן בעטל איז מיט נעגל געווען אויסגעקריצט אויף יידיש „נקמה". ער האָט געטראַכט, אז דער וואָס האָט דאָס אויסגעקריצט איז שוין מער נישטאָ... און ער איז געקומען פאַרזעצן זיין אַרבעט און באַלד וועט ער אויך נישט זיין און אַנדערע וועלן קומען פאַרזעצן זיין קאַמף...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים פאַרקראַטעוועטן פענצטערל. געזען א שטיקל הימלישן זוניקן בלוי, צעשניטן מיט ראָסטיקע קראַ־טעס. אין דעם שטיקל הימל האָט זיך אים געדאַכטן צו זען די גאַנצע פרייע וועלט פון דרויסן. ער האָט געהערט אָפּקלאַנגען פון גע־לעכטערס, עכאָס פון מענטשישע רייד, געקלימפּערייען פון ווייטע טראַמווייען, זיסע קלינגענדיקע שטימעלעך פון יונגע קינדער. דער־מאָנט זיך, אַז ער איז אויך אַמאָל יונג געווען, געלאָפן איבער גאַסן זאָרגלאָז, פריי־לאַכעדיק און האָט געקוקט אויף דער וועלט און האָט זי נישט פאַרשטאַנען. איצט פאַרשטייט ער. צו נײַנצן יאָר שטייט ער דאָ ביים פענצטערל, א פיזיש איינגעבויגענער זקן, אָנגעלענט אויף א שטעקן און דערוואַרט דעם טויט... ער פילט די זון, נאָר ער זעט זי נישט...

— ווי שפּעט קען איצט זיין? — האָט ער זיך אליין געפרעגט.

און מיט עטלעכע מינוט שפּעטער, ווען א טורעם־זייגער האָט זיך ערגעץ־ווו צעקלונגען, איז ער פון פענצטערל אַנטלאָפן, די קלאַנגען נישט געוואָלט איבערציילן...

ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין מאַמע, אין זיין כלה... אין זיינע חברים. דאָס לופטשיקל האָט זיך געעפנט, מען האָט אים אַריינגע־ריטשעט אין א זשאַווערדיקער מאַנאַשקע אביסל זופּ. ער האָט נישט געפילט קיין הונגער און האָט זיך דערצו נישט צוגערירט. דער וועכ־טער האָט אים געפרעגט זיין לעצטן פאַרלאַנג. ער האָט געבעטן א בלייער און פּאַפּיר צו שרייבן א בריוו.

אין א ווײַלע אַרום האָט מען אים דאָס דערלאַנגט, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און אויפגעשריבן:

„מײַן טייערע מאַמע!

אין דעם מאָמענט, ווען דו וועסט דערהאַלטן דעם בריוו, וועל איך שוין נישט מער זיין צווישן די לעבעדיקע... איך ווער דערשאָסן דריי א זייגער נאָכמיטאָג. איך באַדויער נישט דאָס, וואָס איך האָב געטאָן. ווען מ׳האָט דעפּאָרטירט מיין פאָטער און ברודער האָב איך געשוואוירן נקמה צו נעמען פאַר זייערע לעבנס. איך בין אבסאָלוט רואיק. איך פאַרהאַף ביז אין דער לעצטער מינוט צו זיין א העלד. איך ליב אייך אַלע זייער שטאַרק! איך גלויב, אז נאָך מיין טויט וועט ווערן בעסער אויף דער וועלט.נאָר איך וועל שוין מער נישט זיין... מאַמע, איך וואָלט דיך אין דער לעצטער מינוט אזוי שטאַרק געוואָלט זען!... אבער איך וויס, אז דאָס איז אוממעגלעך. זיי מיר מוחל מאַמע מיינע פאַרן שטעלן מיין אידעאַל העכער, ווי דיין ליבע צו מיר. איך בעט דיך וויזן מיין לעצט וואָרט מיין טייערער אדעלע, וועמען איך האָב פיל צוגעזאָגט און וועל נישט קענען האַלטן וואָרט. זאָל זי נאָך מיר נישט טרויערן, ווי נאָך א געליבטן, נאָר ווי נאָך א קעמפער, וועמענס יונג לעבן איז איבערגעריסן געוואָרן אינמיטן קאַמף. איך קוש אַלע צום לעצטן מאָל... איך באַדויער, וואָס מיין טויט וועט אייך פאַרשאַפן מער צער ווי מיר אַליין... אדיע מאַמע! אדיע אדעלע! אדיע מיין וועלט!

אייער,

דאַניעל.

ווען מען איז אים געקומען נעמען, האָט אים דער וועכטער גע-טראָפן דרימלען מיטן קאָפּ אויפן בריוו. מען האָט אים האַסטיק אויפגעוועקט. ער האָט אויפגעציטערט און זיך אָנגעטאָן א כוח, אז ער זאָל זיך אין דער לעצטער מינוט נישט פאַרלירן. ער האָט אויפ-געהויבן דעם קאָפּ און שטאָלץ גענומען גיין. ער האָט פאַרגעסן, אז ער דאַרף זיך אָנלענען אויפן שטעקן און איז שוועד אנידערגעפאַלן פאַר דער שוועל. די וועכטערס האָבן אים אויפגעהויבן, אים דער-לאַנגט דעם שטעקן און ארויסגעפירט.

ארויסקומענדיק אויפן הויף, וועלכער איז ווי מיט א רייף געווען ארומגענומען מיט הויכע שטיינערנע מויערן, האָט ער אויסגעשטרעקט זיין רעכטן געזונטן פוס און א שטאָלצן טראָט געטאָן.

א יונג בלייך אָפיצירל, ווארטנדיק מיט זיין „ערשיס-קאָמאַנדאָ" האָט געפרעגט:

— דאָס איז דער לעצטער?

— הלואי וואָלט איך געווען דער לעצטער! — האָט דאַניעל אויסגערופן.

אויפן הויף, ביי דער מויער זענען געשטאַנען עטלעכע מענער, א יונג מיידל אין א פּאָר גראַנאַטענע מענער-הויזן, מיט א צעלאָזע־נעם קאָפּ האָר. דאַניעל האָט זיך געשטאַרקט און געפרעגט:

— פּאַרטיזאַנען?

— פּאַרטיזאַנען, מאַקיזאַרן, קאַמעראַד!

זייערע אויגן האָבן זיך אָנגעקוקט ווי גורל-ברידער, וועלכע האָבן זיך געטראָפן ביים ראַנד פון טויט... אין יעדן איינעמס שטאָלצער האַלטונג האָט דעם צווייטן צוגעגעבן מוט.

מען האָט אַלע צוגעשטעלט מיטן פּנים צו דער וואַנט. דאַניעל האָט געהערט ווי דאָס אָפיצירל האָט געזאָגט, קוקנדיק אויפן זייגער.

— עס פעלט נאָך א מינוט!

דאַניעל איז געווען דער איינציקער צווישן די פּאַראַוּרטיילטע, וואָס האָט דאָס פאַרשטאַנען. פון זיין ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן דאָס מאַקיזאַרן־ליד, וואָס איז מיטגעזונגען געוואָרן פון די אַנדערע.

— שטום בלייבן! — האָט דאָס אָפיצירל געשריגן.

דאָס געזאַנג איז געוואָרן נאָך שטאַרקער.

— פאַרמאַכט די שנויצע! — האָט זיך דאָס אָפיצירל געריסן דעם גאָרגל.

דאָס געזאַנג הויבט זיך העכער און העכער.

— פייער!

דאָס געזאַנג קייקלט זיך צו דער ערד צוזאַמען מיט די גופים. נאָר דאָס ליד הויבט זיך ווידער אויף און שוועבט אַוועק אין הערצער פון אַנדערע לעבעדיקע פרייהייטס-קעמפער.

פּאַריז, יאַנואַר 1947.



# דער קריפּל

שוין די פערטע וואָך, ווי מאַדאַם וויערניק מיט אירע צוויי טעכטער וווינען אין א קעלער הינטער זייער וווינונג. ווי נאָר די אָבלאַוועס אויף יידן האָבן זיך אָנגעהייבן אין פּאַריז און מען האָט אין גאס געכאַפּט איר מאַן און אוועקגעפירט קיין דראַנסי, האָט זיך מאַדאַם וויערניק, ווי א לעבעדיקע אין אַ קבר פארמאַכט אין איר קעלער...

אין קעלער איז שטאָק פינצטער. א פארעיפושטער ריח ווי פון א מיסט־קאַסטן שלאָגט אין דער נאָז אריין און שטיקט אין דער קעל. די גרויע ווענט זענען דעקאָרירט מיט שפּינען־געוועב. אין די ווענט — לעכער, דורך וועלכע גרויסע שטשורעס מיט גלאַנציקע פעלן און שפּיזיקע אויגן לויפן א גאַנצן טאָג אריין און ארויס, ווארפן אן מיט זייער פייפנדיק שטשורשען אַ מורא אפילו אויף דער מאַמען, שוין אָפּגערעדט פון די צוויי טעכטער, וואָס האָבן דעם ערשטן טאָג אין קעלער געחלשט פאר שרעק און עקל.

דאָס קליינע פענצטערל, וואָס הענגט צווישן סופיט און הויך־וואַנט, ווי אַ פירקאַנטיק שפּיגעלע, איז געדיכט פארקראַטעוועט און פארשטעלט מיט א שווארצער טאָוול, מען זאָל פון דרויסן נישט קענען אַריינקוקן אין דעם קבר, ווו דריי אומשולדיקע פרויען זענען לעבעדיק באַגראָבן... ווי פארשטעלט דאָס פענצטערל זאָל נישט זיין, ווייסט מאַדאַם וויערניק גענוי, ווען די זון גייט אויף און ווען זי גייט אונטער.

פרימאָרגן איז די שווארצע טאָוול באַלויכטן מיט א רויזלעך־גאָלדיקן אָפּשיין. זי ווייסט דעמאָלט, אז דער טאָג האָט אויפגעבראָכן. אין הויף הייבט אָן רוישן דאָס טאָג־לעבן. פרויען קושן זיך מיט די מענער אויף די שוועלן פאַרן אַוועקגיין צו דער אַרבעט, באַגלייטן זייערע קינדער אין די שולן, גייען איינקויפן. מען לויפט פריי אַריין און אַרויס. מען לאַכט און מען זינגט. מען דרייט אויף די ראַ־

דיאָס. מאַדאַם וויערניק בלייבט זיצן, אָנגעזאָפּט מיט צער, אַ שטומע, אויף איר הינטיש געלעגער אין אַ ווינקל פון קעלער. פאַר אירע אויגן שוועבט איר ליכטיקע ווינונג איבער איר קאָפּ, וואָס שטייט איצטער אַ פאַרוויסטע. קיין לעבעדיקער נפש אטעמט דאָרט מער נישט... זי דערמאָנט זיך, אַז איר מאַן איז אַוועקגעפירט געוואָרן קיין דראַנסי און פון דאָרט, ווער ווייסט, ווו אַהין?...

איר בליק פאַלט אויף אירע צוויי שלאָפנדיקע טעכטער, אויף וועמענס פנימער עס פאַלט אַ שוואַכער אָפּשיין פון טאָג-ליכט. זי ווײַנט שוין נישט מער קוקנדיק אויף זיי; זי האָט זיך שוין צוגעוווינט צו איר אומגליק... נאָר די שרעק פאַר דער קומענדיקער שעה לאָזט די מאַמע נישט איינרוען... זי וואָלט גערן געוואָלט אַרויס פון קעלער. זען צי די וועלט האָט זיך נישט געענדערט איבער נאַכט. אפשר זענען די דייטשע מונדירן שוין פאַרשוווּנדן פון די פּאַריזער גאַסן?... אפשר איז דער נס געשען און מענטשן אָן פאַרברעכן דאַרפן זיך מער נישט באַהאַלטן?...

זי שפּאַנט צו צום שפּייז-טישל. זי באַטאַפּט אין דער פינצטער דאָס קליינע שטיקעלע ברויט, וואָס איז נאָך פאַרבליבן. פאַר דעם ברויט, וואָס מען האָט איר נעכטן אַריינבאַזאָרגט, האָט זיך אַ פראַנצויזישע שכנה איינגעשטעלט איר לעבן.

— און וואָס וועט זיין ווייטער? קען מען אַזוי אָפּלעבן אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אין הונגער, שרעק, חושך, דושנעקייט, אָן לופט, אָן אויסזיכט אַרויסצוקומען לעבעדיק?...

זי שטעלט זיך אַרויף אויף אַ שטול. מאַדאַם וויערניק דערגרייכט שוין מיטן קאָפּ צום פענצטערל. אירע הענט זענען אויסגעשטרעקט אַוועקצונעמען דעם טאָוול, נאָר איר האַרץ ציטערט... זי הערט טריט אין פאָדער-הויז... זי הערט פרעמדע שטימען. אַן אויטאָמאָביל סאָפּעט אין געסל. לויטן גערויש, דאַרף ער זיך ציען ווי אַ שלאַנג, פּאַוואָלינקע, לאַנגזאַם, ווי אַ שוואַרצע עגלה אויף אַ היימישער לוויה... און זי זעט דאָס נישט דערזעענע — אַ פּאָליצייאיש קעטשל מיט פאַרקראַטעוועטע ווענט, וואָס פאָרט אַרום פאַנגען יידישע נשמות...

מיט ציטערדיקע הענט שאַרצט מאַדאַם וויערניק אַוועק קוים, קוים, דעם ראַנד פון טאָוול. זי בלייבט שטיין ווי פאַרגליווערט... זי הערט, ווי מען זעצט מיט כוח אין אַ טיר. די טיר געהערט צו איר שכן מענדעלעוויטש, וואָס איז מיט זיין פאַמיליע אַוועק אין דער „פרייער זאָנע". זי זעט ציווילע אַנצוגן אויסגעמישט מיט דייטשע

שטיוול. זי הערט א שפּראַך, א געמיש פון פראַנצויזיש מיט דייטש. הענט און פיס ווערן איר אָפּגענומען פאַר שרעק... זי שפּרינגט אַראָפּ פון שטול. פאַלט אַרויף אויפן געלעגער, ווו עס שלאָפן נאָך אירע צוויי טעכטער מיטן רואיקן פרימאָרגן-שלאָף אין די אויגן. מאַדאַם וויערניק קורטשעט איין איר גוף און ווערט פאַרוואַנדלט אין א קינד, וואָס האָט זיך פאַרוקט אין אַ ווינקל, זיצט און ציטערט ווי א בלאַט אין שטורעם. און אָט באַלד שפּאַנען מערדערישע האַסטיקע טריט איבערן הויף. זיי דערנענטערן זיך צו איר טיר. זי הערט שרייען דייטשע רויע קולות, ווי געקומענע פון אורמענטש אין א וואַלד. זי הערט ווי מען רייסט ביי איר טיר. זי הערט ווי מען ברעכט זי אויף מיט שטורעם. און די זעלבע פאַרברעכערישע טריט זענען שוין אינעווייניק. איבער איר קאָפּ טרעטן שטיוול און שווערע שיך קלאַפּן איבער איר מוח, ווי שטאָלענע האַמערס... זי הערט ווי מען רייסט אַראָפּ די בילדער פון אירע ווענט. מען צערוקט די שענק און בעטן. מען שלעפּט ווילד די פּיאַנאָ, דאָס צירונג פון איר עלטסטער טאָכטער. און די פּיאַנאָ לאָזט אַרויס אַ קלינגענדיק פּראָ־טעסט־געשריי — א צויבער־קלאַנג געקומען פון א בעסערער וועלט.

די עלטסטע טאָכטער כאַפּט זיך אויף, ווי פון א שרעקלעכן קאָשמאַר אויפגעוועקט און וויל אויסשרייען: „מיין פּיאַנאָ!“ די מוטער האַלט איר צו דאָס מויל... די יינגסטע טאָכטער, אַ שוואַכינקע, א פאַרקרענקטע, כאַפּט זיך אויף פון שלאָף און וויל זיך צעהוסטן, די לופט שטיקט זי, שטופּט איר די מוטער צו דאָס מויל מיט דער צווייטער האַנט. ווען דאָס העלפט נישט, דאָס מיידל וויל זיך דוקא צעהוסטן, ווערט די מוטער אינגאַנצן ווילד און הייבט אָן שטיקן איר האַלדז. זי נאָרעט איין איר צעפּלאָשעטן קאָפּ אין די צוויי קעפּ פון די טעכטער און פליסטערט זיי אין די אויערן אַריין:

— מען איז ביי אונדז אין דער היים...

און די דריי פּאָר אויגן רייסן זיך אַרויף צום סופיט... זייערע לייבער ציטערן ביי יעדן טראָט... צאַפּלען פאַר יעדן קלאַנג, וואָס קומט פון אויבן, ווו מען רויבט צוזאַמען, מען ברעכט און מען האַקט שטיקער פון אַ לעבן, אויף וועלכע אן ערלעכע אַרבעטער-פאַמיליע האָט שווער און ביטער געהאָרעוועט צוויי צענדליק יאָרן.

נאָכדעם הערן זיי א דייטשע שטימע:

— נאָטירן אַלץ, וואָס געפינט זיך אין דער וווינונג. די פראַנ־

צווזישע אגענטן בלייבן איבער. זיי זוכן מיר אויס די לייט, וואָס זענען דאָ פארשטעקט.

און די דייטשישע שטיוול גייען אוועק. מאדאם ווערניק הערט זיי נעגלעווען איבערן הויף און ארויסגיין פון הויז.

זי אטעמט לייכטער אָפּ. איר דאַכט זיך, אז מיטן אוועקגיין פון די דייטשן איז שוין די גאַנצע געפאַר אריבער.

מיטאמאָל פילט מאדאם ווערניק אויפסניי אַ שווערן האמער איבערן קאָפּ...

איינער פון די פראנצויזישע אגענטן האָט אַ פעסטן פויק געטאָן איבער דער עפענונג פון קעלער און דאָס קעלער-דעקל, האָט זיך אַ ריר געטאָן, דער אגענט האָט ארויסגעלאָזט אַ געשריי:

— דאָ איז פאראן אַ קעלער, ווו די ווייבער זענען באהאלטן !...

מאַדאַם ווערניק כאַפּט ביי די הענט אירע צוויי טעכטער, הייבט אָן ווילד ארומלויפן אין קעלער מיט באַרוועסע טריט. זי וויל זיך מיט די צוויי טעכטער ארייננעטן אין די ווענט און קען נישט... זי וויל שרייען און האָט מורא פאר איר אייגן קול... אין אירע אויגן איז דער קעלער איינגעהילט אין פלאַמען און זי לויפט מיט די צוויי טעכטער ארום אין די פלאַמען און האָט זיך נישט ווו אהין צו ראַטעווען...

זי פאלט אַ מידע אנידער אויפן פעקל בעט-געוואנט, זי גראַבט זיך איין צוזאמען מיט די טעכטער אין אירע דעקן און קישנס, בלייבט ליגן און וואַרט... אירע אויערן זענען פארשטאָפּט, דאָך הערט זי מער מיט איר מענטשלעכן אינסטינקט, ווי מיטן געהער, ווי די דעק פון קעלער ווערט אראָפּגענומען און אַ מאַן מיט אַן עלעקטריש לעמפל אין האַנט שטייט שוין אויפן לייטער, באַלייכט דעם קעלער און שרייט :

— גייט ארויס פון אייער באהעלטעניש ! מיר וועלן אייך קיין שלעכטס נישט טאָן, מיר זענען פראַנצויזן.

דער אָפּשיין פון עלעקטרישן לעמפל פליט ארום איבערן קעלער, ווי אַ בליצנדיק אויג פון אַ חיה, און אָט טאַנצט דאָס עלעקטרישע פלעמל ארויף אויפן פעקל בעטגעוואַנט, ווו די מאַמע מיט די טעכ-טער ליגן באהאַלטן...

די יינגסטע טאָכטער, די פארקרענקטע פילט ווי די לופט שטיקט זי... איר איז היים ביז חלשות... און נישט קענענדיק צוריקכאַפּן דעם אָטעם, הייבט זי זיך אָן צעהוסטן מיט אַ הויכן

הוסט, וואָס מאַכט אויפציטערן די מאַמע און דערפרייט דעם מאַן אויפן קעלער־לייטער.

— שאַרל, די ווייבער זענען דאָ! — שרייט ער אַרויף צום צווייטן אַגענט.

און מיט איין שפּרונג, ווי אַ קאַץ איז ער שוין ביים בעטגעוואַנט און שלעפּט אַרויס דריי צעקנייטשטע פרויען־פיגורן, וואָס ציטערן פאַר שרעק און אַלע דריי ברעכן אויס אין אַ געוויין.

דעם אַגענט רירן שוין נישט קיין טרערן. ער שטופּט ברוטאַל די דריי פרויען צום לייטער און באַפעלט:

— אַרויפשטייגן! אַרויפשטייגן!

דער אַגענט שפּרינגט פאַרויס אַרויף. ער איז שוין מיט זיינע קרבנות זיכער. ער שטייט ביי דער קעלער־עפענונג און וואַרט זיי אָפּ צוזאַמען מיט זיין קאָלעגע.

די דריי קרבנות קלעטערן אויפן לייטער מיט טריט, ווי מען גייט צו אַ תּליה. זייערע קערפּערס ציטערן. זייערע ליפּן פּליסטערן אַ געבעט. זייערע אויגן זענען טרוקן, נאָר אין דער קעל ווערגט זיך עפּעס, עס ווילט זיך אַרויסוויינען...

די ערשטע קומט אַרויף די מוטער, אַ פרוי איבער די פערציק. זי זעט אויס, ווי געריררט פון זינען פאַר שרעק. איר קלייד איינגע־קאַלכט און איינגעשטויבט, איר קאָפּ־האָר מיט פעדערן, אויף איר פּנים — שטיקער שפּינען־געוועב.

זי פאַלט צו די פיס פון די צוויי אַגענטן, ווי מען פאַלט אַנידער אויף אַ פאַמיליע־קבר...

— מיך נעמט מיט! מיין מאַן האָט איר אויך גענומען... נאָר מיינע קינדער לאָזט אָפּ. זיי זענען נאָך יונג און האָבן נאָך פון לעבן גאָרנישט געזאָפּן.

אַ ברוטאַלע האַנט האָט די מוטער אָפּגעשטעלט.

און אַ שטימע, אַ פאַרקויפטע דעם שונא, האָט באַפוילן:

— מאַדאַם, איין פּאָרל וועש און קומט מיט אונדז מיט!

באַלד איז די עלטערע טאָכטער אַרויסגעקומען פון קעלער. זי איז געווען הויך און שלאַנק. אַ גאָלדינקע פון אַ יאָר צוואַנציק. אירע צעלאָזענע גאָלדענע האָר, ווי אַ פאַרשטויבטער שאַל האָט זיך געוויקלט אַרום איר ווייסן האַלדז. אירע גרויסע גרינע אויגן, אָנגעפילט מיט אַ טויט־שרעק, האָבן געקענט רירן אַ גזלן... זי איז צוגעפאַלן צו די צוויי אַגענטן, ווי אַ שלאַנקער בוים וואָלט זיך אונטערגעבראָכן.

— מיך נעמט מיט! איך בין נאָך אַ יונג מיידל און וועל קענען אויסהאַלטן, נאָר מיין מוטער לאָזט פריי! זי האָט שוין אין איר לעבן גענוג געליטן.

די אַגענטן האָבן זיך אויסגעטוישט מיט אַ בליק און איינער האָט באַפוילן:

— מאַדמואַזעל, מאַכט גרייט אייער באַגאַזש, איר פאָרט מיט אונדז שפּאַצירן!...

און אָט שטייגט די לעצטע אַרויס פון קעלער. די אַגענטן בלייבן שטיין מיט אויפגעריסענע בליקן... מיט צעעפנטע מיילער...

עס קומט אַרויס אַ קריפּל, אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן מיט אַ קערפּערל פון אַ 9-יעריק מיידעלע. דעם קאָפּ צווישן די פּלייצעס, אַ שפּיציק הויקערל ביז אין האַלדז אַריין, קיין סימן פון אַ פרויען-ברוסט. אַן איינגעפאַלן האַרץ-ברעטל. דאָס פּנים — אַ געל-זוכטיקעס. הענט, ווי דינע אָפּגעדאַרטע צווייגלעך. די צען פינגער — פאַר שרעק אַרונטערגעדרייט...

דער קריפּל כאַפּט אַ בליק אויף די אַגענטן. אירע אויגן ווערן לויטער ווייסלעך. און ווי אַ הון מיט אַן איינגעשניטענעם האַלדז, גיט זי אַ צאַפּל און אַ שפּרונג צו די פיס פון די אַגענטן. מיט אויס-געשטרעקטע הענט, לאָזט איר האַלדז אַרויס אַ מוראדיקן געוואָי פון אַן אויסטערליש באַשעפעניש...

די אַגענטן בלייבן שטיין, ווי פאַרשטיינערט... געריהרט פון קריפּלס אויסטערלישן געוואָי... זייערע אויגן קוקן זיך אָן מיט צאַפּל-דיקע בליקן... און אָן אַ וואָרט צו זאָגן רוקן זיי זיך לאַנגזאַם אַרויס פון מאַדאַם זייערניקס וווינונג...

פּאַריז, אָקטאָבער 1946.



# אַ בריוו פון שפּאַניע

אַ גאַנצן טאָג, אַזוי לאַנג ווי דער מאַמע פּראַדעלס אויגן זענען אָפן, קוקן זיי אויס אַ בריוו פון שפּאַניע. שוין קאַרגע צוויי חדשים, ווי איר עלטסטער זון איזאַק קעמפט אויף די שפּאַנישע פראָנטן און לאָזט פון זיך אַזוי ווייניק הערן...

אין שטוב דאַכט זיך, איז קיין ענדערונג נישט פאָרגעקומען. דער ייִנגסטער זון יאָסל זיצט ווי תמיד ביי דער מאַשין און שטעפּט די גומי־מאַנטלען. איזאַקס כלה זיצט און נייט קנעפּ, זינגט זיך אונטער אַן אַרבעטער־ליד. איר צאַרט שטימעלע קלינגט אין די אויערן, ווי עס וואָלט ווער אַ וועגעלע מיט זילבער־גלעקלעך אַרומ־געפירט איבער דער אַטעליע.

נאָר אין אַ ווינקל זיצט די מאַמע פּראַדל, די ברילן אויף דער שפּיץ־נאָז פאַרלייגט און פאַריכט אַ ביסל אַלטע וועש. אינמיטן נייען שטעלן זיך אָפּ אירע אויסגעדאַרטע הענט. ווי בלעטערלאָזע האַרבסט־צווייגן פאַלן זיי אַראָפּ אויף איר קני... די מאַמעס שוואַכע אויגן, וועלכע שיינען קוים הינטער מאַטע ברילן־גלעזלעך, קוקן און זעען, אַז דאָ האָט זיך יאָ עפּעס געענדערט...

אָט שטייט איזאַקס מאַשין אַ פאַרלאָזטע. דער קאָפּ איז איינ־געהילט אין אַן אַרבעט־בלוזע. לעבן רעדל — אַ קליין פאַרזשאַווערט אַשנבעכערל אָנגעפילט מיט אַש און שטיקלעך סיגאַרעטן, פאַרבליבן פון איזאַקן... קיין רויך גייט מער נישט אויף פון אַשנבעכער. אַלץ ליגט איצטער אויסגעלאָשן... די מאַמע וויל אויפשפּרינגען, אויס־שרייען: „וווּ איז מיין איזאַק? ! גיט מיר אָפּ מיין זון!“... אָבער זי וואַגט נישט איבערצושרעקן די קינדער. בויגט זי זיך טיפער איין צום שטיקל וועש און נייט דאָרט איין איר באַהאַלטענעם טרויער... בלויז אַ שוואַך קרעכצעלע רייסט זיך אַרויס פון איר ברוסט, ווערט עס פאַרטויבט אין גערויש פון יאָסלס מאָטאָר־מאַשין.

נאָך ביז איצטער, פאַרשטייט נישט די מאַמע פּראַדל דעם זין פון איר זונס לויפן אַהין — נישט די שמחה, וואָס איז פאָרגעקומען דעם לעצטן אָוונט פאַר זיין אָפּפאָרן. פאַרוואָס האָט יונגוואַרג אַזוי מוטיק געזונגען און איר איזאַק אינדערמיט — ווי גאַרנישט אים מיינט מען?...

פּראַדל איז אַ פּשוטע יידענע. קיין שום וויסנשאַפט, אויסערן טייטש־חומש, האָט זי אין איר בידנעם לעבן נישט באַקענט. איז אַלץ וואָס זי ווייסט וועגן דעם לאַנד שפּאַניע, איז נאָר דאָס, אַז מען האָט דאָרט יידן אַמאָל געברענט אויף שייטער־הויפנס, זיי געצוווּנגען צו שמד. טאָ ווי קומט עס, וואָס איר איזאַק איז גע־לאָפן אַהין, מקריב זיין זיין יונג לעבן פאַר די אייניקלעך פון יענע יידישע שונאים?

זיצט די מאַמע פּראַדל און טראַכט. נישט זי קען פאַרשטיין די היינטוועלטיקע, נישט איר אייגן קינד. און נאָך מער ווי אַלץ, שטיקט זיך אַ פאַרדראָס אין דער מאַמעס קעל:

— פאַרוואָס האָב איך נישט קיין דעה ביי מיינע קינדער? און צו וואָס האָבן זיי מיך אהערגעפעקלט קיין פּאַריז?

אַז די מאַשין שטעלט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּ, הויבט די מאַמע פּראַדל אויף איר אויסגעקראָכענעם קאָפּ גראָקייט, וואָס דריוולט זיך ביים ראַנד פון איר שוואַרץ־באַקרעלטער פּוילישער קופּקע און פרעגט איר זונס כלה.

— גיטעלע, זאָג מיר, דו האָסט ליב מיין איזאַקן?

— געוויס מוטער. פאַרוואָס פרעגט איר?

— ווייל איך דערקען נישט אין דיר קיין שום בענקשאַפט.

— דאָס איז דערפאַר ליבע מוטער, ווייל איזאַק איז אין שפּאַנישן פרייהייט־קאַמף...

— אַז זיי האָבן זיך זייערע אייגענע געטער, גיי פאַרשטיי זיי... — טראַכט די מאַמע. זי טראַכט און פרעגט נישט מער.

אין אָוונט ווערט דער אַלטינקער אַביסל היימלעכער. די עלטסטע טאָכטער אסתר מיט מאַן און צוויי אייניקלעך קומען צו גאַסט. יאָסל לייענט פאַר אַ צייטונג. געניע, איזאַקס כלה, ווי שוין אַן איינגעגלידערטע אין דער משפחה, העלפט דערלאַנגען טיי מיט קיכלעך. די גרויסע מענטשן שמועסן און קליינוואַרג שפּילט זיך. דעמאָלט פאַרגעסט זיך אַביסל די אַלטינקע פּראַדל. אבער ווי לאַנג דויערט דאָס? באַלד קומט פאַר די געזעגענונג, זי פילט

ווארעמע ליפּן און ליפּלעך אויף איר קאַלט פּנים און די מאַמע פּראַדל גייט אַוועק נעכטיקן אין איר צימערל אַן עלנדע.

אין דרויסן ליגט די נאַכט, ווי אַ שוואַרצע קאַץ, וואָס דראפּעט זיך אויף די גלייכע ווענט, אָבי אַלץ איינצוהילן אין פינצטערניש. נישט ליכטיקער, ווי די נאַכט זענען די געדאַנקען, וואָס פּלאָנטערן זיך אין דער מאַמע פּראַדלס מוח... ווי שוואַרצע ראָבן פלאַטערן זיי ארום, שווידערן אויף די אַזוי אויך קאַלטע גלידער פון דער אַלטינקער.

זי וויל איינשלאָפן, נאָר די גרויליקע בילדער פון שלאַכט־פעלד, רייסן אירע אויגן אויף און שוועבן פאר איר עקשנותדיק אַ גאַנצע נאַכט...

באַגינען, ווען דער ערשטער זוניקער פלעק פאַלט אויף דער מאַמעס געלן, צעקנייטשטן, פארמעט־פּנים, ערשט דעמאָלט מאַכן זיך אירע אויגן־דעקלעך צו און זי שלאָפט איין אַ באַרואיקטע...

אויך אין יענעם פרימאָרגן, ווען דער לאַנג־אויסגעבענקטער בריוו פון שפּאַניע, איז ענדלעך אנגעקומען, איז די מאַמע פּראַדל נישט געווען וואך.

בלויז יאָסל און געניע האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון די ערטער, ווילדע, איבערגעשראָקענע און דערפרייטע:

— אַ בריוו פון שפּאַניע!...

זיי האָבן מיט ציטערדיקע הענט געעפנט דעם בריוו. די ערשטע אנטוישונג, האָט באַלד אנגעיאָגט אַ שוואַרצע כמאַרע אויף זייערע פרייידיקע פּנים'ער... דער בריוו איז נישט געווען פון איזאַקן, נאָר פון זיינס אַ קאָלעגע שמולעוויטש, מיט וועמען איזאַק האָט צו־זאַמען געקעמפט אין דעם באַקאַנטן דאָמבראָווסקי־באַטעליאָן. אין בריוו איז געווען געשריבן:

„טייערע פריינט!

איך באַדויער, פאַרוואָס דער גורל האָט דווקא אויף מיר ארויפגעלייגט אַזאַ נישט־אנגענעמע מיסיע, ווי אייך מודיע זיין, אַז אייער ליבער, העלדישער, איזאַק, איז געפאַלן דעם 28־טן ד. ח. איר דארפט אבער זיין טויט נישט באַקלאָגן. דער קאַמף פאַר פרייהייט פארלאַנגט אַ סך קרבנות... זייט מוטיק און העלדיש אין

אייערע היימען, אז מיר קענען דאס באווייזן צו זיין אין דער שטורמישער, אייביק באדראָטער שלאכט".

סאלוט ! אייער פריינט,

יאנעק שמולעוויטש.

פ. ס. :

דעם אומלעזבארן בריוו, וואס איך לייג אייך ביי, האב איך ארויסגענומען פון איזאקס שוין קאלטער האנט...

יאסל האט זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער וואנט... דער בריוו איז ארויסגעפאלן פון זיין האנט א צעקנייטשטער און איז, ווי א געשאכטענע טויב ארופגעפאלן אויפן באדן. כאטש יאסל האט נישט געוואלט און נישט געקענט וויינען, האט ער געפילט, ווי זיין לעבן באדט זיך אין טרערן... גניע האט מיט א היסטערישן קוויטש געוואלט אויפשניידן די לופט, נאר זי האט זיך מיט אלע כוחות צוריקגעהאלטן נישט אויפצוועקן די אלטינקע. בלויז די פינגער האט זי זיך אין מויל אריינגענומען און געביסן... געביסן און געקוקט אויפן בריוו... ביז א שטראמל טרערן האט א פלייץ געטאן פון אירע אויגן...

אין א ווײַלע ארום, האבן זיך די צוויי יונגע מענטשן אוועקגעזעצט. א מינוט זיך אנגעקוקט שטומע... באלד זיך געטרייסט, זיך אויסגערעדט די הערצער און באשלאסן צו לייענען דעם בריוו דער מוטער, נאר ענדערן דעם אינהאלט...

און ווי־נאר די מאמע פראדל האט געעפנט אירע אויגן, האט שוין דאס גליק אויף איר געווארט.

צוערשט איז אריין גניע, א צעפלאמטע, א צעשויבערטע, הינטער איר — יאסל און ביידע אין איין שטימע :

— א בריוו פון שפאניע !

די מאמע פראדל האט זיך א הויב געטאן, ווי דאס בעט וואלט זיך געשטעלט אויף די פאדערשטע צוויי פיס...

— א בריוו פון איזאקן ? גיט מיר דעם בריוו קינדערלעך ! גיט מיר דעם בריוו !

און כאטש די מאמע פראדל, האט נישט געקענט לייענען, האט זי דעם בריוו ארומגעכאפט, אים צוגעטראגן צו די אויגן, צו די ליפן און געקושט... אים געטוליעט צום הארצן, ווי מען טוליעט א קינד... אזוי זיך אפגעפרייט א היפשע ווײַלע, נאכדעם אים

צוריקגעגעבן געניען און געבעטן פארלייענען. געניע האט גע־לייענט:

„מיין ליבע מאמע, געניע און ברודער יאסל!

איך בין געזונט און פיל זיך גאנץ גוט... און... און...“

— און וואס?... — צאפלט די מאמעס הארץ...

„און איך וועל אהיימקומען אויף וואקאנס. איך גרוס אייך אלע זייער הערצלעך. פערזענלעך, וועל איך אייך מער דערציילן.“

אייער,

איזאק.

דאס פנים פון דער מאמע, האט מיטאמאל אזוי אויפגעשיינט, ווי איר יוגנט וואלט צוריקגעקומען און איר אויסגעמאטערטן גוף אריין... זי האט אנגעהייבן טאנצן אין בעט זיצנדיק. ארומגע־כאפט געניען מיט יאסלען און זיי אויסגעקושט פאר פרייד...

— אויב אזוי, מיין איזאק קומט מיר צוריק אהיים פריש און געזונט, טא וואס ליג איך אין בעט? גיט מיר מיינע קליידער קינדערלעך? מעז דארף דאך אביסל צורוימען די וואינונג. געניע, דו וועסט אהין לויפן אנזאגן אלעמען די גוטע בשורה...

געניע מיט יאסלען, האבן זיך אויסגעטוישט מיט א בליק...

באלד האט שוין די מאמע פראדל ארומגעשפאנט איבער אלע צימערן. א יונגער כוח איז אריין אין אירע אפגעשטאנענע פיס. איר קול, ווי א שוואלב מיט צעשפרייטע פליגל, האט געפלאטערט אין אלע ווינקעלעך. זי האט זיך אפגעשטעלט ביי דער קליידער־שאנק, ארויסגענומען פון דארט איזאקס, א נאך־ווייניק אפגענוצטן אנצוג. צוערשט אים ארויפגעלייגט אויפן טיש ביים אפענעם פענצטער, אים ריין אויסגעפוצט, דערנאך אויפגעהאנגען אויף א שטריקל צו לופטערן...

פאריז, אויגוסט 1938.



# אַ ליבע

העלענאַ איז געווען באַקאַנט פאַר דער גרעסטער שיינהייט אין שטעטל. אַז זי האָט זיך באַוויזן אין גאַס, אַפילו איז אַ טריבן האַרבסט־טאָג, אַזאַ לויטערע, אַזאַ גאָלדלאָקיגע, אירע צוויי אויגן־בעכערלעך אנגעפילט ביז צום ראַנד מיט הימלישן בלוי, האָבן זיך אויף איר געעפנט אויגן, ווי פאַר אַ זוניקן פרילינג־טאָג.

איך בין דעמאָלט געווען אַ יונגער פאָעט, וואָס האָב זיך געגרייט שענקען דער וועלט מיין ערשט געזאַנג, אָבער געשאַנקען האָב איך עס העלענען. אַן ווערטער, אַן מעלאָדיע, שטומערהייט, האָט מיין נשמה איר דאָס דאָזיקע ליד געזונגען — דאָס געזאַנג פון מיין ערשטער ליבע.

יעדן אָוונט כמעט האָב איך באַזוכט העלענעס היים. אַהינקומענדיק האָב איך דאָרט געטראָפן פיל פון מיינע קאָלעגן, וועלכע האָבן זיך אויך געדרייט אין העלענעס קרייז. אַן אינערלעכער ציטער האָט אַרומגעפלאָטערט אין מיין נשמה: אפשר וועט ווער זיין דרייסטער פון מיר?... ווארום איך אַליין האָב נאָך העלענען וועגן מיין ליבע גאַרנישט געהאַט איבערגעגעבן. איך בין געווען אַן אָרעמער בחור, העלענאַ — אַ רייכע טאָכטער, האָב איך פשוט מורא געהאַט פאַרן אָפּזאָג און דעריבער געהאַלטן בסוד די פינף ווערטער, וועלכע האָבן מיר פון באַגינען ביז צום איינשלאָפן געשוועבט אויף די ליפּן:

— העלענאַ, איך האָב דיך ליב!...

איינמאָל אין אַ זומער־אָוונט האָב איך באַזוכט העלענען און צום גליק זי געטראָפן איינע אַליין אין איר מוזיק־צימערל ביים קלאַוויר. זי האָט זיך ווי געוויינלעך מיט מיר דערפרייט, איבערגעריסן דאָס שפּילן, מיך לאַנג געדריקט די האַנט און מיט אַ שטימע געבאָדן אין פויגלישע טרעלעכלעך, געזאָגט:

— זעץ דיך אוועק, אדאַש! איך וועל דיר שפּילן אַ שטיקל מענדעלזאָן, איך ווייס וואָס דו האָסט ליב.

זי האָט אַ בלעטער געטאָן דאָס נאָטן־בוך. דער שאָרך פון די בלעטער האָט געגלעט מיין האַרץ...

דאָס דאָזיקע בילד פון יענעם אָוונט וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דער זון־אונטערגאַנג, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין העלענעס צימערל, האָט עפּעס געהאַט אַ באַזונדערע שיינקייט אין מיינע פאַרליבטע אויגן. די בלויע וואַנט־טאַפּעטן זענען געוואָרן באַדעקט מיט רויטן קופּער. פון גערטנדל האָבן אַריינגעטריפט בלומען־ריחות און פאַרשיכורנדיקע אַראָמאַטן פון בעז־ביימלעך, אַ לייכט ווינטל האָט, ווי אַ פייגעלע אַרומגעטאַנצט אויף צווייגלעך, זיך געשטעלט אויף דער ראַם פון פענצטער און געפאָכעט ווי מיט פליגעלעך. און העלענע אַליין? וויפל רייץ האָט דעמאָלט אַראָפּ־געקוקט פון איר פראַכטפולן פּראָפיל. אין טונקעלן אַרום האָבן אירע גאָלדענע לאָקן געפינקלט אויף איר ווייס־בלענדנדיקן האַלדז.

דאָס גאַנצע בילד האָט פאַרכאַפּט מיין אָטעם...

איך בין אויפגעשטאַנען, אַ באַגייסטערטער, אַרומגעכאַפּט העלענען ביי דער טאַליע, ווי אַרומגעכאַפּט אַ פידל. אַ פּיאַנאָ־טרעל איז אַריינגעפאַלן צווישן אונדז און איך האָב אויסגערופן:

— העלענאַ, דו ביסט ווונדערלעך!...

זי האָט מיך נישט ווייניקער פאַרליבט אַ שלעפּ געטאָן צו זיך... אַ בוך איז אַראָפּגעפאַלן פון איר טישל, האַרט ביי דער פּיאַנאָ. איך האָב מיט אַ שפּרונג אויפגעהויבן דאָס בוך: „טאַיס“ — אַנאַטאָל פראַנס.

איך האָב אַ בלעטער געטאָן און געפרעגט:

— דו לייענסט דאָס בוך, העלענאַ?

— יאָ, איך לייען אַזוי לאַנג פון דעם נאַרישן פילאָזאָף פאַפּ־נוציוס.

אַ קעלט האָב איך מיטאַמאָל דערפילט אין מיינע ביינער... זי לאַכט פון פאַפנוציוסן, ווייל ער רעדט צו טאַיסן פילאָזאָפישע רייד, אַנשטאָט צו געניסן פון איר קערפּער... און איך, בין איך דען נישט אין דער זעלבער אומבאַהאָלפענער ראָלע?

מיט אַ שמייכל, וואָס האָט באַהאַלטן מיינע געדאַנקען, האָב איך שטומערהייט אַנגעקוקט העלענען. זי האָט צאַרט געגלעט מיינע הענט... אירע אויגן האָבן מיך געברענט, ווי פייער... זי האָט גע־

ווארט אויף א וואָרט, וואָס זאָל אונדזער נאָך־נישט דערזאָגטע ליבע עפענען ווי אַ פאַרשלאָסענעם קוואַל. אבער אַנשטאט אַ ליבע־דערקלערונג האָט זיך מיר ארויסגערעדט עפּעס אַנדערש:

— באָרג מיר דאָס בוך, העלענאַ! איך וויל עס נאָך אַמאָל איבערלייענען.

— דאָס איז אַלץ, וואָס דו פאַרלאַנגסט?...

— פאַרלויפיק, טייערינקע.

— גוט!... — האָבן אירע אויגן אַ פינקל געטאָן מיט אנטוישונג.

העלענען האָט די דינסט גערופן צום אָוונט־ברויט. איך בין אוועק א פאַרבענקטער. איבערן וועג, דאָס בוך געהאַלטן מיט אַ מינע, ווי עס וואָלט געווען אַ טייל פון העלענעס לעבן...

אַהיימקומענדיק, האָב איך דאָס בוך מיט אַ צאַרטקייט גע־בלעטערט און געטראַכט, אַז העלענעס ליכטיקע אויגן, האָבן דאָ אַרומגעשוועבט איבער יעדער שורה.

די זעלבע נאַכט בין איך נישט געשלאָפן. איך בין געזעסן ביי אַ נאַפט־לעמפּל און געשריבן אַ בריוו צו העלענען. דאָס אַלץ, וואָס איך האָב נישט געקענט איר זאָגן פערזענלעך, האָב איך אויסגע־דריקט דורך מיין פּעדער. מיין האַרץ־אויסגוס האָט מיר פאַר־שאַפט דעם גרעסטן נחת־רוח. דעם בריוו האָב איך פיל מאָל איבערגעלייענט און איבערגעשריבן. איך האָב געבראַכט ציטאַטן פון: פרוידן, טורגעניעוו, געטע און אין מאָפּאַסאַנען, האָב איך דאַכט זיך אויך נישט פאַרגעסן. דער בריוו האָט אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי אַ פּאָעמע. ווען ער איז פארטיק געוואָרן האָב איך אים אַריינגעלייגט אין דעם בוך, וואָס העלענע לייענט און שוין אַ גליקלעכער געשמייכלט, זעענדיק אין דער פאַנטאַזיע, העלענען עפענען דאָס בוך, זי געפינט דעם בריוו און לייענט מיט צעשטראַל־טע אויגן ווענן מיין גרויסער ליבע צו איר...

אין עטלעכע טעג אַרום, האָב איך העלענען אומגעקערט דאָס בוך און געוואַרט אויף אַן ענטפער. עס זענען אַדורך וואָכן און חדשים; קיין ענטפער פון העלענען האָב איך נישט באַקומען. איך בין אַרומגעגאַנגען מיט אַ טיפער ווונד אין מיין האַרץ... די זון איז מיר אונטערגעגאַנגען אין שיינעם העלן טאָג... איך בין אויס־געגאַנגען פאַר בענקשאַפט, אבער העלענע'ס שוועל, האָב איך מער נישט געוואָלט איבערטרעטן.

נישט איינמאָל בין איך געזעסן אויף דער גראָז־באַנק הינטער

העלענעס בענצמער, זי געהערט שפּילן, געזען איר שאָטן שוועבן אויף דער וואַנט... און איך בין דעמאָלט מיטן אַן אויסזען פון אַן אַבל געקומען אַ היים.

איך האָב פאַרלאָזט מיין געבורט־שטעטל, אַוועק קיין פּאַריז און מיט העלענען זיך אַפילו נישט געזעגנט.

צען יאָר האָב איך זיך אַרומגעבלאָנקעט אין פּאַריז. אַ מענטש, אַ באַבלאָזער מיט אַ פאָעטישער נשמה, האָט אים אַלץ דאָ געפעלט, אויסער הונגעריקע טעג...

נאָך צען יאָר בין איך צוריק אַ היימגעפאָרן זיך זען מיט מיינע עלטערן. אָפּגעפרייט זיך אַ וואָך צייט, איז מיר העלענאַ ווידער געקומען אויפן געדאַנק. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף איר ביי פרעמדע מענטשן און באַשלאָסן איר אָפּשטאַטן אַ וויזיט.

איך קלינג אָן מיט אַ צאַפּלדיק האַרץ... מען עפנט די טיר און העלענאַ בלייבט שטיין אַנטקעגן מיר מיט אַ קינד אויף דער האַנט און אַ צווייט קינד, שוין אַ דערוואַקסן יינגעלע, שפּילט זיך אויף אַ דיוואַן מיט אַ פערדעלע.

העלענעס גוף האָט אַזאַ צאַפּל געטאָן, אַז דאָס ווייסע היטעלע איז דעם קינד אַראָפּגעפאַלן פון קעפּל:

— אַדאָש ?!...

— העלענאַ !...

עס האָט באַרנומען אַ גוט ביסל מינוטן ביז מיר האָבן זיך באַרואיקט. דערנאָך — זיך אַוועקגעזעצט און אַראָפּגערעדט פון האַרצן. העלענאַ האָט מיר געמאַכט פאָרווורפן, פאַר וואָס איך בין זיך נישט געקומען געזעגענען מיט איר. איך האָב זיך פאַרענטפערט, אויסגעזוכט בלערליי אויסריידן, אָבער וועגן בריוו קיין וואָרט נישט דערמאָנט.

אויפן צווייטן טאָג בין איך ווידער געקומען און געטראָפן העלענען ביי אירע ביכער, ווו זי האָט געזוכט אַ בוך מיטצונעמען אויפן שפּאַציר.

האָט דער גורל געוואָלט, אַז איך זאָל איר קומען צוהילף אין זוכנדיק געפינען „טאַיס”. איך עפן דאָס בוך. מיין בריוו ליגט נאָך אַ פאַרמאַכטער, אַזוי ווי כ'האָב אים אַריינגעלייגט מיט צען יאָר צוריק.

איך בין אַ פאַל געטאָן אויף אַ פאָטעל. דאָס בוך איז אַרויס־

געשפּרונגען פון מיינע הענט און דער בריוו איז געבליבן ליגן ביי העלענעס פּיס.

אַז איך בין געקומען צו זיך, האָב איך העלענען געטראָפן זיצן און לייענען דעם בריוו און טרערן, ווי פּערל זענען געפאַלן פון אירע שיינע האַלב־אויסגעלאָשענע אויגן...

— דו, דו, ביסט אין אַלעם שולדיק! צו וואָס האָסטו גע־דאַרפט שרייבן? איך בין דאָך דיר אַזוי נאָענט געווען צום האַרצן... איך קען זיך גאַרנישט שענקען, וואָס דורך די גאַנצע צען יאָר האָב איך דעם בריוו נישט באַמערקט, נאָך וועמענס אויסדרוקן מיין האַרץ האָט שטאַרק געבענקט...

איך בין געזעסן אַ שטומער און זי לאַנג אָנגעקוקט...

פּאַריז, דעם 13־טן מאַי 1938.



# דער צוריקגעקומענער

.1

**א** זוניקער זונטיק־פרימאָרגן.

דער טורעם־זייגער פון דער קירכע: „דאָס הייליקע־האַרץ", האָט אויסגעשלאָגן אַכט לאַנג־צעצויגענע מאָנאָטאָנע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך אָראָפּגעקייקלט פון העכסטן פּאַריזער באַרג „מאָנט־מאַרטר" אין טאָליקן פּאַריז אַריין. זייער אָפּקלאַנג האָט געוווירקט פּאַרן אויער, ווי אויסגעשפּילטע אָרגל־טענער.

— בים־באָם! בים־באָם!

דער גרויסער אַזיל־זאַל איז שוין וואַכעדיק. דעפּאָרטירטע יידן פון אַלע עקן וועלט, זיצן שוין אויף זייערע בעטן, עסן אַפּעטיטלעך דאָס לאַנגע פראַנצויזישע פאַנטאַזיע־ברויט, באַשמירט מיט ווייסן שיטערן קעז, אָנשטאָט פּוטער. זיי עסן כאַפּעדיק, ווי געוואָלט דער־יאָגן די הונגעריקע יאָרן אויף דייטשער ערד...

דער איינציקער מענטש אין אַזיל־זאַל, וואָס ליגט נאָך אין בעט איז זשאַק טרוימאַן.

— איך האָב נישט צוואָס אויפצושטיין. — טראַכט ער.

— מיין פרוי אין ווירטשאַפט דאַרף איך נישט צוהעלפן; זי גרייט דאָס מיטאָג פאַר אַ צווייטן... מיט מיין יינגעלע דאַרף איך מער נישט גיין שפּאַצירן... די מוטער האָט אים אין די טראַגישע טעג געשיקט נאָך אַ ברויט, האָט מען אים געכאַפּט און אַוועקגעשיקט קיין דראַנסי... יאָ איר שולד, נישט איר שולד, מיין ראָזשע איז מער נישטאָ... מיין וווינונג דאַרף איך מער נישט אויפרוימען. מיין מעבל — נישט פּוצן. מיינע „שטיל־לעבנס" — נישט אָפּווישן פון שטויב, ווי אַמאָל יעדן זונטיק. טאָ וואָסזשע איז מיר געבליבן?

איינציקווייז, ווערט דער אַזיל־זאַל אויסגעליידיקט. די דע־פּאָרטירטע, ווי קראַנקע פון אַ סאַנאַטאָריום, לאָזן זיך אַרויס שפּאַ־צירן. מהיה זיין זייערע האַלב־פאַרוועלקטע לעבנס, מיט פרישער לופט און וואַרעמע זונען־שטראַלן.

טרוימאַן איז אַרויס פון בעט זיך ראַזירן. ביים שפּיגל געבליבן זיצן פאַרטראַכט... ער האָט דערזען זיין פּנים... זיינע שוואַרצע

אויגן, וועלכע מיידלעך האָבן באַוואונדערט אין זיין יוגנט, העננען היינט אין די אויגן־טורעמלעך, ווי צוויי אויסגעלאָשענע לאָמ־טערנעס... זיין פריזור, טראָגט סמנים פון אויסגעגאָלטן שטרייף אינדערמיט, ווי ער וואָלט נאָך געווען אַ געפאַנגענער...

ארויס פון אזיל איז טרוימאַן שוין שפּעטלעך. עס איז פונקט צייט געווען צו גיין מיטאָגן.

ער איז אַוועק אין הילפס־קאָמיטעט.

דער קאנטין־זאַל איז זינט זיין צוריקקומען פון דעפּאָרטאַציע געוואָרן זיין היים... ביי די טישלעך זעצן זיך אַוועק ווילד־פרעמדע מענטשן. מענער, פרויען און קינדער. יעדעס פּנים אַ שטיק טראַגעדיע, אַ שטיק עלענדקייט... ביז מען ווערט אביסל היימישער, רעדט מען צו זיך ווייניק, טיילמאָל גארנישט. מען קוקט זיך בלויז אין די אויגן אריין: „דיך האָט אויך דיין גורל דא אהערגעפירט ?...“

אָפּגעגעסן, פאַרזיכערט זיך טרוימאַן זיין לולקעלע. גייט ארויס פון „קאַנטין“ איילנדיק. אויף דער גאַס בלייבט ער שטיין אָפּהענטיק.

— וואוהין זאָל איך גיין ? פון מיינע אַמאָליקע מאָנפּאַרנאַסער קאָלעגן, איז כמעט קיינער נישט צוריקגעקומען. דער קינאָ האָט מיך אויפגעהערט אינטערעסירן, ווייל ס'איז מער טעכניק, ווי קונסט. איבערהויפּט אַליין גלוסט זיך נישט אריינגיין. צוריקגיין אין אזיל, אַוועקלייגן זיך אויפן בעטל און קלערן ? האָב איך שטאַרק מורא פאר מיינע מחשבות, וואָס קרייצן לעצטנס מיין מוח... און דערצו זענען די ווענט אַזוי קאַלט... אזוי פרעמדלעך... כ'וועל בעסער אַהין גיין אין דעם געסל, וווּ עס וווינט מיין געוועזענע פרוי, נאָך וועלכער עס בענקט זיך אַזוי שטאַרק !... אפשר וועל איך זי כאָטש פון ווייטנס קענען זען ?...

שטייט טרוימאַן שוין אין דעם שמאָלינקן געסעלע איבער אַ שעה און ער האָט נאָך זיין ראשעל נישט געזען. ער האָט שוין אַריינגעקוקט אין הויז. בגנבה ארויפגעבליקט צו אירע פענצטער. געזען פאַרהאַנגען מיט אויסגעהאַפטענע פאַנטאַסטישע פייגל, אבער אָן ראשעלס פּנים. אים האָט זיך פאַרגעשטעלט דאָס לעבן פון אינעווייניק... ראשעל מיטן מאַן ביים טיש. דער ראַדיאָ שפּילט. פון די ווענט קוקן אַראָפּ קונסט־בילדער. ראשעל האָט געהאַט אַ מאַן אַ מאָלער, איז אין איר פאַרבליבן אַ שוואַכקייט צו קונסט. ראשעל מיטן מאַן אין שלאָפצימער. היינט איז דאָך זונטיק נאָכמיטאָג, ווען זיך דאָס פּאָרל געווים צולעגן...

זײַן האַרץ ווערט שרעקלעך אויפֿגערעגט בײַ דעם געדאַנק... אַוועקגײענדיק פֿון די פֿענצטער, פֿאַלט ער אַרײַן אין דער ערשטער בעסטער קאַפֿע. ער פֿאָדערט אַלקאָהאָל, אָבער ער מוז זיך לאָזן דערלאַנגען דאָס פֿאַלשע מלחמה־ביר, וואָס ער זופּט ווי אַ מעדיקאַמענט... פֿאַרוויכערט זײַן לולקע, בלאָזט ער זיפֿצן צוזאַמען מיט זיגזאַגישע דינע וואָלקענלעך...

מיט אַמאָל אַרויסקוקנדיק פֿון קאַפֿע, ווערט זײַן בליק אויפֿגעפֿלאַמט... ער האָט דערזען זײַן געוועזענע פֿרוי: אַ שלאַנקע ברונעטקע, מאָדערן פֿאַרקעמט. אַ הויכער פּעך־שוואַרצער טורעם באַקרוינט איר קאָפּ. שוואַרצע אויגן, גרויסע פֿינקלדיקע לאַכן צו דער גאַס און צום לעבן... צוויי גאָלדענע רײַפֿן, ווי בײַ אַ שפּאַנישער טענצערן, וויגן זיך אין אירע אויערן, באַרירן איר ווײַסן שוואַנען־האַלדז. איר קלײנער מויל־אויסשניט, איז אַלץ נאָך אָנגעגאָסן מיט דעמזעלבן לירישן חן. זי איז אָנגעטאָן אין אַ רויטער בלוזע. אַ שוואַרצער סאַמעטענער פּאַסעק מיט אַ גאָלד־שנאַל, שפּאַנט אַרום איר טאַליע. איר האַלב־קלײדל — אויף טאַנגאָבלויע קעסטלעך.

— אַביסל צו עקסטראַוואַגאַנטיש, אָבער וואָס אינטערעסירט מיך יענעמס פֿרוי?... — טראַכט טרוימאַן.

אין האַנט האַלט זי אַ קלײן רויט וואַליזקעלע און אַ זײַדענעם מאַנטל אויף איר לינקן אָרעם. דער מאַן בײַ איר זײַט, אַ ברונעטער עלעגאַנט־געקלײדעטער, מיט אַ צופֿרידן פּנים, פֿון אַן אויסטויגער אין לעבן, שלעפּט אַ שווערע וואַליזע.

— וווּהין גײען זײ? — פֿרעגט זיך טרוימאַן.

ער באַצאָלט און טראָגט זיך אײַלנדיק אַרויס פֿון דער קאַפֿע. ער זעט ראַשעלן מיטן מאַן אַראָפּשטײַגן אין דער „מעטראָ“. אין זײַן אויג האָט נאָך אַ בלענד געטאָן אַ בלוי קעסטעלע פֿון ראַשעלס האַלב־קלײדל און פֿאַרשוווּנדן...

טרוימאַן איז געבליבן שטײן אין גאַס מיט אַ קאָפּ־שווינדל...

— מײַן לעבן איז אויף אײביק צעבראָכן!... — האָט ער שטיל אַרײַנגערעדט אין זיך.

פֿאַרבײַגײער האָבן אים אָבסערווירט:

— אַ משוגענער?...

— זע איך ווירקלעך אַזוי אויס?... — האָט זיך טרוימאַן

דערשראָקן פאר דעם געדאַנק. זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קאָפּע־שפּיגל, אַריינגעקוקט מיט אַ פראַגע־צייכן אין די אויגן.

— וואָס טוט זיך מיט מיר?...

ער האָט זיך פארשעמט פאר די פארבייגייער, וועמענס איראָ־נישע שמייכלען, ער האָט געזען אַרויסשווימען אויפן שפּיגל־פלאַך און איז אַוועק.

פארבייגייענדיק ראשעלס הויז, איז אים איינגעפאַלן אַריינ־צוגיין פרעגן אויף איר.

— מאַדאַם אָסטראָווסקי מיטן מאַן זענען אַרויסגעפאָרן אויף אַ חודש צום ים. — האָט די הויז־וועכטערן געזאָגט גלייכגילטיק און אויף אים געקוקט דורך אירע ברילן־גלעזלעך.

דאָס האַרץ קלעמט... „מאַדאַם אָסטראָווסקי". ער דאַנקט און גייט ווייטער.

ער האָט געהאַט אַזאַ באַדערפעניש פאר וועמען זיך אויסצו־רעדן ס'האַרץ, אַז ער איז אפילו גרייט געווען מיטצוגיין מיטן גאַסן־מיידל, וואָס האָט אים פארטשעפּעט אין אַ ראָג.

— זי איז אַ געליטענע, זי וואָלט מיך פארשטאַנען... — האָט טרוימאַן געטראַכט. — נאָר עפּעס אַן אינערלעכער געפיל, האָט אים אָפּגעהאַלטן.

יאָ גערן, נישט גערן, גייט טרוימאַן צוריק אין אַזיל אַריין. האַרט ביים טויער זיצט אַ מאַלער און מאָלט די וועלט־באַרימטע קירכע: „סאַקרע־קער".

טרוימאַן כאַפּט אַ בליק אויף דעם מאַלערס־אַרבעט. די קירכע געבויט אין גאָטיש־ביזאַנטישן סטיל, שוועבט אין אַ הימל, וואָס שאַקירט זיין קינסטלעריש אויג.

— אַ רויער קאָלעריט, ווי ביי די גערמאַנער. — זאָגט טרוי־מאַן צו זיך, דרייט זיך אויס און באַוואונדערט דעם מאַלערס גאָט־געבענטשטע רואיקייט ביים מאָלן.

ער קומט אַריין אין אַזיל־זאַל. עטלעכע רייעס בעטלעך טאַנצן אים אין אויג אַריין, ווי ער וואָלט אַריינגעקומען אין אַ שפּיטאָל. אין אַזיל איז שטיל און טונקל. עטלעכע מענטשלעכע פיגורן ליגן איינגענורעט אין קאָלדרעס. די שטילקייט מאַכט אים נערוועז... ער וואַרפט זיך מיט די שיך אַריין אין בעטל.

— ווער ווייסט צי מיינע נערוון זענען נישט צעטרייסלט?...

װעל איך נאָך קענען עפּעס מאַלן? װעל איך נאָך צוריקגעפינען מײַן רואיקייט?...

קעגנאיבער טרוימאַנען שלאָפט אַ מענטש מיטן פּנים אַראָפּ. איין האַנט הענגט אים אַרונטער. די צװייטע איז אײַנגעגראָבן אין קאָפּ־האָר... פון זײַן רוקן, פון זײַנע אַקסלען, לײענט טרוימאַן אַראָפּ אַנידערגעשלאָגנקייט, אַן עלענדקייט װאָס טוט אים װײ... דער מענטש איז טרוימאַנס אײנציקער פרײַנט פון קאָנצענטראַציע־לאַגער. ביידע זענען זיי געבליבן עלנד אויף דער װעלט. זיי װאָלטן זיך געדאַרפט האַלטן װי ברידער; דאָך האָט זיך טרוימאַן מיט אים נעכטן צעקריגט איבער אַ לעצט ביסל טאַבאַק...

— פאַרװאָס איז דער מענטש כּסדר אַ װאָרעם, ער קען זיך נישט דערהייבן העכער, פון זומפּיקן באָדן?...

טרוימאַן האָט דערשפּירט אַ ביטערקייט אין מויל... ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעטל, זיך גענומען צו זײַן ראַציע רויטװײַן. ער האָט זי אײַנגאַנצן אויסגעזופּט... געװאָלט שיכור װערן... באַפרײַען זײַן קאָפּ פון די שװערע מחשבות, װאָס מאַטערן אים...

איבערגעלעבט האָט ער אַ פּײַנלעכן חודש. יעדן טאָג האָט ער באַזוכט ראשעלס געסל. אירע פענצטער פאַרשטעלט מיט טונקל־גרינע סטאָרן, זענען איצטער געװען פאַרמאַכט פאַר אים, װי איר האַרץ... דאָך איז ער צומאָרגנס װידער געקומען...

.2

אומגעקערט זיך פון ים אַ צעשטראָלטע, אָנגעטאָן אין אַ נײַער בראָנזענער הויט פון דער דרום־זון, האָט ראשעל אָפּגענומען פון די הויז־װעכטערן אַ בריװ. זי האָט באַלד דערקענט טרוימאַנס האַנטשריפט.

„ראשעל!

איך האָב לאַנג געקעמפט מיט זיך, ביז כ'האָב גענומען די פעדער אין האַנט דיר צו שרײַבן. איך האָב געמיינט, אַז די דרײַ יאָר קאָנצענטראַציע־לאַגער האָבן מיך אַזױ האַרט געמאַכט, אַז קיין שום טראַגעדיע װעט מיך מער נישט קענען אויפטרייסלען. צום סוף, כ'האָב געהערט, אונדזער ראַזשע געהערט צו די יונגע קדושים... כ'האָב געהערט, אַז דו װוינסט מיט אַ צװייטן, בין איך אַזוי צעבראָכן געװאָרן, אַז נאָך ביז איצטער קען איך זיך נישט באַרואיקן... איך האָב דיר אַזױפיל צו זאָגן ראשעל... כ'האָב אַזױפיל אינטימע בילדער דיר צו דערמאַנען... דאָך פיל איך, װי מײַן האַרץ איז

פארשלאָסן... מיין הארץ איז איצטער, ווי אן אויסגעשעפּטער ברונעם, בלויז שטיינער זענען דאָרט געבליבן...

ראשעל! די איינציקע זאך טו מיר צוליב! קום מיך זען מאָרגן אָוונט אין קווארטאל־פּארק! איך פיל אזא שטארקן דראנג מיט דיר צו ריידן!... קום ארום אכט! איך וויל, אז דו זאָלסט נאָך רואיק קענען אָפּעסן אָוונט־ברויט...״ זשאַק.

אן אויפגעציטערטער, האָט זיך ראשעלס גוף א וויג געטאָן... דאָס גאנצע שטיק לעבן מיט זשאַקן, וואָס איז שוין לאנג געווען אויסגעשניטן פון איר קערפּער, האָט פאר איר איצטער דערשיינט מיט אלע ליכט און שאָטן־זייטן... זי איז לאנג געזעסן, ווי באַטויבט מיטן בריוו אין דער האַנט... אירע פייכטע אויגן האָבן ערגעץ־ווו ווייט אַוועקגעקוקט...

.3

דער אָוונט איז געווען א פארוואָלקנטער, א טריבער. פּאריז, די שטאָט פון ליכט, איז נאָך אלץ געווען איינגעהילט אין מלחמה־טונקלקייט. פּאריז האָט נאָך נישט געטראָגן אויף זיך איר נאכ־טישן פארביקן מאנטל, באַגאָסן מיט די נעאָן־ליכטער, וואָס האָבן אמאָל, ווי א רעגנבויגן געשטרייפט די פּאריזער גאַסן, בולווארן, מאגאזינען און נאכט־לאָקאַלן.

ראשעל האָט זיך געדרייט ביים איינגאַנג פון פּארק, אין א פּראָסטן שטאָפּענעם מאנטל, מיט א רעגן־שירעמל אין דער האַנט. די האר צעשויבערט פון ווינט.

— אזוי נעמט מען אויף א מאַן, ווען מען וויל פון אים פּטור ווערן... — האָט טרוימאַן געטראכט, ווען ער האָט זי באמערקט פון וויטן.

נאָר קומענדיק נאָענטער, און דערפילנדיק ראשעלס אָטעם, האָט ער אלץ פארגעסן און זי באפאלן מיט הייסע קושן.

— ראשעל!... ראשעל!...

זי האָט נישט צוריקגעקושט, נאָר גענומען זיינע הענט גלעטן אויס רחמנות.

זיי זענען אריין אין פּארק. אראָפּגעיאָגט מיט זייערע טריט עטלעכע ווייסע טויבן פון גרינעם גראָז־טעפּיך. קולטיווירטע ביימ־לעך רויטלעך פון שקיעה־פלאמען, האָבן זיך דאָ דערציילט אן אָוונט־סוד. טרוקענע בלעטער האָבן, ווי צונגען געראַשט איז בוימער־מיילער. א וואסער־פאַס, האָט זיך מיט שטורעם אראָפּגעריסן

פון אַ באַרגיקער סקאַלע. אויף די הענגל בריקלעך זענען געשטאַנען געצייילטע פאַרחלומטע פּאָרלעך און אַריינגעקוקט אין שטייענדיקן וואַסערל, ווי אין אַ שפּיגל. די לופט האָט געשמעקט מיט בלומען און מיט אַ פייכטקייט פון אַ קומענדיקן רעגן. דער גאַנצער פּאַרק האָט אויסגעזען, ווי אַ לאַנדשאַפט באַגאָסן מיט אַ פאַרנאַכטלעכן אָפּשיין.

טרוימאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— ראשעל, פאַרוואָס זע איך נישט קיין שמייכל אויף דיין פּנים ?...

— דיין בריוו האָט מיך קראַנק געמאַכט...

— ווייל ער איז געווען אמת ?

— יאָ, זשאַק ! ער איז טאַקע אמת. אָבער דו מוזט דאָך מיך אויך באַרעכענען. קען איך איצטער פאַרלאָזן אַ מענטשן, וואָס האָט מיין לעבן פּשוט אַרויסגעריסן פון די מערדערס הענט ? כ׳בין דיר נישט אומשטאַנד צו שילדערן זשאַק, ווי ליב דער מענטש האָט געהאַט אונדזער ראזשע. ער האָט זיך מיט איר מער אָפּגעגעבן, ווי דו אַלס פאָטער.

זי האָט אָנגעטראָפן אויף אַ שוואַכן פּונקט...

— און ווי דו אַלס מוטער. פאַר וואָס האָסטו איר געשיקט...

— שווייג זשאַק ! — איז ראשעל אויסגעבראָכן אין אַ היסטעריש געוויין. — איך ווייס, וואָס דו ווילסט זאָגן. דו ווילסט צאַפּן מיין בלוט... כ׳האָב גענוג געליטן דערפון און וועל אייביק ליידן...

טרוימאַן האָט מיט אַ צאַרטקייט, אַוועקגעזעצט ראשעלן אויף אַ באַנק.

— באַרואיק דיך ראשעל !

— זשאַק, איך בעט דיך ! — האָט ראשעל פּלוצלונג אָנגעכאַפּט טרוימאַנען ביי די הענט. — צעברעך נישט מיין לעבן ! שרייב מיר נישט קיין בריוו ! איך וועל דיר העלפן מאַטעריעליש מיט וויפל דו וועסט נאָר וועלן. מיין מאַן אַליין וויל דיר העלפן.

— דיין מאַן וויל מיר העלפן ? וואָס דאַרפט ער דיך ביי מיר אָפּקויפן, אַז דו ביסט שוין סיי ווי סיי זיינע ?...

— איך בעט דיך זשאַק, רייד אויף אים נישט קיין שלעכטס ! ווייל... ווייל... איך טראָג שוין אַ קינד פון אונדזער ליבע... — און זי האָט זיך אויפגעריסן איר מאַנטל און געוויזן איר שוואַנגערשאַפט.

טרוימאַן איז אַ ווײַלע געבליבן זיצן, ווי דאָס לשון וואָלט אים געווען אָפּגענומען... זײַנע צאַנקענדיקע אויגן האָבן זיך לאַנג געפּלעמט אויף ראַשעלס בויך...

— אַ קינד פון אים ?...

זײַן שטימע האָט זיך פאַרקלעמט... מיט צוויי פינגער האָט ער זיך געקראַצט ביידע שלייפן. נאָך לאַנג געקוקט אויף ראַשעלס פּנים און נאָך מער אויף איר בויך און געזאָגט :

— איצט זע איך, אַז איך בין פאַר דיר אַבסאָלוט טויט... נו אַלץ איז געענדיקט ראַשעל.

— ביסטו מיר מוחל זשאַק ?

— וואָס אינטערעסירט דיך ?

— זשאַק, פאַר וואָס ווילסטו מײַן לעבן פאַרוואַנדלען אין אַ גיהנום ? פאַר וואָס זאָלסטו נישט וועלן אַנערקענען, אַז איך בין אומשולדיק ? שולדיק זענען די דײַטשע פאַרברעכער, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך אונדזער לעבן... אָן פאַרברעכן בין איך געלעגן באַהאַלטן אין אַ קעלער חדשים לאַנג. ווי אַ וואָרעם אין אַ הייל בין איך דאָרט אַרומגעקראָכן און אַ פרעמדער מאַן האָט געוואַכט איבער מײַן לעבן... און אָט מיט דעם מסירת־נפש האָט ער מײַן האַרץ געוואונען, איז דאָס אַלץ מײַן שולד ?

— גענוג, גענוג ראַשעל ! זאָג מיר אַדיע, איך בין דיר אַלץ מוחל !

— אָ רעוואַר זשאַק ! — האָט זי אים דערלאַנגט די האַנט.

ער האָט אָנגערירט איר האַנט און האָט אַן אינערלעכן צאַפּל געטאָן...

ווי אויפגערעגט און פאַרצווייפלט ראַשעל איז געווען פון דער באַגעגעניש, האָט זי גוט געדענקט צו עפענען איר רעגן־שירעמל, איידער נאָך דער ערשטער רעגן־טראָפּן האָט באַנעצט די ערד. זי האָט נאָך אַ בליק געוואָרפן אויף זשאַקן און זיך אַרויסגעשלייכט פון פּאַרק.

טרוימאַן האָט איר נאָכגעקוקט... אַ וואָרט האָט זיך אים געוואָרגן אין דער קעל... ער האָט געוואָלט שרייען : ראַשעל ! און נישט געקענט... זײַן קראָפּ האָט אים געטאַנצט אין האַלדז, ווי ער וואָלט זיך געשטיקט מיט אַ האַרטן ביסן...

ערשט, ווען אַ שלאַקס־רעגן האָט גענומען באַפאַלן די שטילקייט פונעם פּאַרק, האָט זיך טרוימאַן אויפגעשטעלט דאָס קעל־

נערל פון זיין מאַרינאַרקע און זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער גאַס. ווען ער איז מיט איילעקע טריט אַראָפּ אין „מעטראָ“, האָט גראַד אַ בליץ, ווי מיט אַ בלאַנקענדיק מעסער אויפגעשניטן דאָס שוואַרץ־געכמאַרעטע הימל־קלייד. אַ דונער האָט אים נאָכגעיאָגט אין מעטראָ־קעלער...

דאָך האָט ער זיך אַביסל באַרואיקט. אים איז צום ערשטן מאָל געקומען אויפן געדאַנק:

— ראשעל איז טויט... אין מאַלן מוז איך, ווי אַלעמאָל געפינען אַ טרייסט און אינהאַלט אין מיין ווייטערדיק לעבן.

נאָר דאָס זיך קושנדיקע פּאָרל, וואָס איז געשטאַנען צוזאַמענגעדרענגט אין „מעטראָ“ אַזוי נאָענט פון אים, האָט אויפגעטרייסלט זיינע נערוון. ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין, פאַר וואָס ער זעט אין זיי, ראשעלן מיטן מאַן זיך קושן...

אַרויסגעקומען פון מעטראָ „באַרבעס“, איז אויפן קרייז־וועג געווען אַ טומל, אַן אָנגעלויף פון מענטשן און אויטאָמאָבילן. אַ געפייף פון פּאָליציייאישע פייפלעך, אַ געקוויטשעריי פון פרויען און קינדער. הילכיקע אויטאָ־סיגנאַלן האָבן טויב געמאַכט די אַרומיקייט. רעגן־בייטשן האָבן מיט שטורעם געשמיסן די שטיינער פון ברוק. דער הימל איז געווען פאַרטונקלט פון כמאַרעס. פון די קאַפּעס, האָבן אַרויסגעשיינט פאַרשידנפאַרביקע עלעקטרישע ליכטער. מענטשן זענען געשטאַנען אויף טראָטואַרן הינטער שירעמס און אָפּגעוואַרט ביז מען וועט אָפּשטעלן דעם פאַרקער.

נאָר טרוימאַנס אויפגעטרייסלטע נערוון האָבן אים נישט געלאָזט דערשטיין... זיי האָבן אים געטריבן ווייטער... אפילו אָן ציל, נאָר ווייטער... האָט ער זיך מיט אַ ווילדקייט אַריינגעלאָזט אין אויטאָ־געפּלאָנטער. ער האָט געהערט שרייען און פייפן און נישט געוווסט, אַז דאָס געהערט צו דער מורא פאַר זיין לעבן... ווייל אין אַן אויגן־בליק, האָט ער פאַרלוירן זיין באַוווסטזיין. ער האָט באַקומען אַ שרעקלעכן שטויס, איז אומגעפאַלן מיט אַ דערשטיקטן קרעכץ... בלויז פרעמדע מענטשן איבערגעשראָקענע, האָבן פאַר אים געשריגן. נאָר ער האָט שוין כמעט ווי נישט געהערט... ער איז אַוועקגעטרייסלט געוואָרן אויף יענער זייט טראָטואַר, מיט אַ געשפּאָלטענעם שאַרבן... און אַ שוואַרצער קראַנץ מענטשן מיט אויפגעעפנטע רעגן־שירמען האָבן אים איינגערעמט...

.4

מיט א טאָג שפּעטער, איז שאַרל אָסטראָווסקי, ראַשעלס איצ־טיקער מאַן, געזעסן ביים טיש און געלייענט די פרימאָרגן־צייטונג. פּלוצלונג איז ער בלייך געוואָרן. קיין טראָפּן בלוט איז אים נישט געבליבן אין פּנים. ער האָט געהאַט דעם איינדרוק, ווי אין זיינע גע־הירן, וואָלט ווער א קראַץ געטאָן מיט שאַרפע נעגל... זיינע אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַרגליווערט אויף א קעפּל אין דער צייט־טונג: „א שרעקלעכער פאַרפאַל מיט א יידישן דעפּאָרטירטן".

„דער פּאַריזער באַקאַנטער יידישער מאָלער, זשאַק טרוימאַן צוויי און פערציק יאָר אַלט"... און ער לייענט ביז ענדע.

מען קלינגט. ער לויפט עפענען. ראַשעל שטייט אין דער טיר אָן אַנגעלאָדענע: אין איין האַנט — א קוישל איינקויף, אין דער צווייטער — א פּרעכטיקער בוקעט פון אומשטערבלעכע מאַרגעריט.

— זע נאָר שאַרל די הערלעכע בלומען! — זאָגט זי א שיי־נענדיקע פון גליק. — שוועבט אריין אין צווייטן צימער, קומט צוריק מיט א פאַרביקן כינעזישן וואַזאָן, האַלבלעך אנגעגאָסן מיט וואַסער. שטעלט אריין די בלומען, מיט א ליבשאַפט, ווי זי וואָלט קינדער־פיסלעך געבאָדן. זי גלעט די בלומען־קעפּלעך מיט אירע צאַרטע הענט.

— זעסט, שאַרל די בלומען שטאַרבן נישט! טויטערהייט האָבן זיי דעם זעלבן אויסזען... מיין ערשטער מאַן פּלעגט זיי מאָלן. איך קען זיי שוין פון אויסנווייניק.

שאַרל איז געבליבן זיצן א שווייגנדיקער... זיין גוף אַזוי שטייף, ווי עפּעס וואָלט אינעווייניק אין אים געווען איבערגע־שניטן... זיינע אויגן האָבן כסדר געלויערט איבער די געציילטע שורות וועגן טרוימאַנס טויט... נאָר זעענדיק, אַז ראַשעל דערנענ־טערט זיך צום טיש, איז אים באַפאַלן א מורא, אַז אירע אויגן זאָלן נישט אַרויפשוועבן אויף דער צייטונג און באַמערקן דאָס טראַגישע...

ער האָט לאַנג נאָכגעטראַכט, אַרויפלייגנדיק זיין האַנט אויף טרוימאַנס נאָמען... צום סוף זיך אויפגעשטעלט. אויסגעריסן די בראָניק וועגן טרוימאַנען, זיך געדרייט דערפון א קליין פּאַפּירן־רעדעלע. דערנאָך אריינגעלאָזן אין קיך און ביי דער גאַז־מאַשינקע אנגעצונדן דאָס פּאַפּירענע רעדעלע און מיטן פייער זיך פאַרוי־בערט א ציגאַר...

פּאַריז, דעם 5־טן אָקטאָבער 1945.

# איבערגאַנג

נאָך האַלבער נאַכט, איז דער דעפּאָרטירטער לייבקע ריבאַק אַהיימגעקומען אין אַזיל אַריין.

אַריינקומענדיק אין גרויסן זאַל, האָט ער מער נישט געוואַגט ווי אָנצוצינדן איין איינציק לעמפּל, ווייל אַלע זיינע קאָלעגן זענען שוין כמעט געשלאָפן.

ער האָט זיך מיט די הענט אָפּגעפּוצט זיין אַנצוג, ערטעהווייז איינגעפּלעקט פון קלעטערן איבערן פּלויט. דערנאָך זיך אַוועק־געזעצט אויף זיין בעטל אָפּרוען נאָך שעהן שפּילן קאָרטן.

ער האָט צוזאַמענגעזוכט אַלע מטבעות, וואָס האָבן זיך אים נאָך געוואַלגערט אין די טאַשן. זיי געווויגן אין די הענט, ווי מען וועגט אַ פאַרשפּילט לעבן... זיינע פויסטן, ווי צוויי שווערע האַ־מערס זענען אים אַ פאַל געטאָן אויף דער קני... זיינע געציילטע מטבעות האָבן זיך מיט אַ קלינגעריי צעשאָטן איבער דער פּאָד־לאָגע... ער קוקט זיך אַרום: צעשויבערטע בעטלעך טאַנצן אין זיינע צאַנקענדיקע אויגן... אין יעדן בעטל אַן אַנדערע מאַסקע, וואָס פאַרקערפּערט אַן עלנד לעבן... די ווענט זענען פול מיט טונקעלע שאָטנס פון קעפּ אויף אַ העלן גרין. ער פאַרקוקט זיך אויף זיין אייגענעם שאָטן: אַ ביינערדיק פּנים מיט פאַרשפּיצטע קינען. אַ נאָז שאַרף, ווי אַ מעסער. אַ קאָפּ זיצט אין פּלייצעס איינגע־גראָבן, ווי באַהאַלטן פאַר אַ געפאַר... פון זיינע אַקסלען הענגט אַראָפּ אַ נידערגעשלאָגנקייט פון אַן אַלקאָהאָליקער, וואָס האָט שוין דעם טייוול געשענקט דעם האַלדז... אים איז אַלץ איינס: אַ טאָג לעבן מער, צי אַ טאָג לעבן ווייניקער... ער שפּייט, ווי אַ שיכור... זוכט אין אַלע טאַשן זיך צוזאַמען, דעם אָפּפאַל פון סיגאַרעטן, שלעפּט אַרויס פון ברוסטן־טעשל אַ פּליסל, דרייט זיך נאָך אַ לעצטע סיגאַרעט פאַרן שלאָפן גיין. רייבט אַ שוועבעלע אין דער וואַנט איבער זיין שכנ'ס קאָפּ, וועלכער וועקט זיך איבער.

— ריבאַק, דו שלאָפסט נאָך נישט? ווי שפּעט איז?

— וואָס איז דיר אַן אונטערשיד? ווען עפּנסטו מאָרגן ס'נעשעפט?

— הער נאָר צעלייגער! דו פאַרקויפסט, דאַכט זיך, דעם ווייַן, האָסט נישט אַמאָל שטיין אַ ליטער?

— פאַר זעכציק נעם דיר ס'פלעשל! עס ליגט צופוסנס אין דער טעקע.

ריבאַק כאַפּט זיך צום פלעשל. ער זוכט אַ גלאָז, אַ בעכערל. געפינט נישט אַזוי שנעל, זעצט ער זיך צוריק אויפן בעט און טרינקט פון דער פלאַש. מיט איין צי מאַכט ער ליידיק אַ האַלבע; די אַנדערע האַלבע האַלט ער נאָך פעסט אין דער האַנט, קוקט אויפן ווייַן מיט פאַרלאָפענע אויגן...

זיין שכן שטרעקט אויס די האַנט פון הינטער דער קאָלדרע.

— באַצאָל ריבאַק!

ריבאַק הערט און ענטפערט נישט.

דער שכן שרייט אַזוי לאַנג „באַצאָל“, ביז ער שלאָפט צוריק איין מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט...

צומאָרגנס כאַפּט זיך ריבאַק אויף גאַנץ פרי און לויפט אַוועק אין הילף־קאָמיטעט. וואַרטנדיק אויף זיין רייע, דרייט ער זיך אַרום, ווי אַ האַלב משוגענער אין די טונקעלע קאָרידאָרן, וואָס רויִשן פון יידישע צרות. שוין עטלעכע דעפּאָרטירטע האָט ער געבעטן אַ סיגאַרעט און יעדער האָט אים געזאָגט אַן אַנדערן אויסרייד.

אַ נערוועזער זעצט זיך ריבאַק אַוועק אויף אַ באַנק, שפּייט און קוקט אַריבער צו זיין שכן, וואָס זיצט און רויכערט. די דינע קייטלעך רויך, וואָס יענער בלאָזט מיט גאווה פון זיך און זיי שלענגלען זיך אַהער צו אים, שלינגט ער איין, ווי אַן אויסגעשפּי־גענעם ביסן און קוויקט זיך...

אביסל אָנגעזעטיקט מיטן רויך, נעמט ריבאַק זיין קאָפּ אין די הענט אַריין און רעכנט זיך אָפּ מיט זיין געווויסן:

— ווייסט ער דען נישט, אַז זיין איצטיקער לעבנס־וועג איז אַ פאַלשער? וואָס זאָל ער אָבער טאָן, אַז מען האָט זיין לעבן צעבראָכן?... זיין רבקה'לע, פאַר וועלכער ער האָט געהאַט מוט צו אַרבעטן טאָג און נאַכט, האָט מען אים צוגענומען און אומגע־

בראכט... זיינע צוויי קינדער — פארברענט... דער קאָנצענטראַ־ציע־לאַגער האָט, ווי אַ פּיאַווקע אויסגעזויגן זיינע פיזישע און מאָראַלישע כוחות... דער באַרבאַריזם, וואָס זיינע אויגן האָבן געזען, האָט אים דעמאָראַליזירט... ער פילט אַ האַס צו יעדן מענטשן, וואָס זעט אויס ווי די, וואָס האָבן יידן געהייסן פארניכטן... איצטער לעבט ער נאָר אַ הינטיש לעבן... טאָ ווו נעמט מען כוחות צוריק צו ווערן אַ נאָרמאַלער מענטש?

מען האָט גערופן זיין נאָמען. ריבאַק איז נאָכגעגאַנגען דעם מיידל, וואָס האָט געטראָגן זיין „דאָסיע" און זי איבערגעגעבן אַן עלטערער פרוי, וואָס האָט אים אויפגענומען מיט אַ שמייכעלע, אים געהייסן זיצן. איר העפלעכקייט האָט אים געשטאָכן...

די פרוי בלעטערט זיין לעבן... יעדע פראַגע, וואָס זי שטעלט אים, פאַרווונדעט אים טיף... זי באַרירט זיין טראַגעדיע מיט גלייכגילטיקע פינגער, ווי מען באַרירט אַן אייננפאַך שטיק שטאָף...

— איר זענט געווען פאַרהייראַט. צוויי קינדער. איר זענט אַלט פערציק יאָר. איר זענט אַ מענער שניידער. קענט איר גאָר־נישט געפינען קיין אַרבעט? איר ווייסט, אַז אַ שניידער איז היינט אַ שטיק גאָלד?...

די גיפטיקע פראַגעס פון דער פרוי האָבן אים אַזוי געשפּילט אויף די נערוון, אַז ער איז גרייט געווען דאָס טישל איבערצודרייען מיט די פיס אינדערהויך... קוים, קוים, וואָס ער האָט זיך באַ־הערשט...

און פאַר דער גאַנצער בלוט־פאַרגיסונג, וואָס האָט געדויערט אַ קאַרגע שעה, האָט ער אַקצעפּטירט אַ נישטיקע סומע, וואָס ער האָט דעם זעלבן אָוונט פאַרשפּילט אין קאָרטן.

אויפן צווייטן טאָג, אַז ריבאַק האָט מער ניט געקענט גיין אין הילפס־קאָמיטעט, האָט ער פאַרקויפט אַ מאַרינאַרקע, אַז ער זאָל האָבן וואָס איינצושטעלן. מיט זיין געוויסן האָט ער אָפּגע־מאַכט, אַז ער גייט נישט שפּילן, נאָר צוריק געווינען דאָס פאַרלוי־רענע. און נאָכדעם וואַרפט ער אינגאַנצן אַוועק די קאָרטן.

אָבער אויפהערן האָט ער נישט געקענט, ווייל ער האָט נישט צוריק געוווּנען דאָס אַלטע, נאָר פאַרשפּילט דאָס פרישע און ער האָט געמוזט פאַרקויפן די שיך, דאָס לעצטע העמד פון דער וואַליזקע. און ער איז מיט דער צייט געגאַנגען נאָך ווייטער. ער האָט

בגנבה אַרויסגעטראָגן די קאָלדרע, וואָס האָט אים בײנאַכט געוואַרעמט, זי פֿאַרקויפֿט און פֿאַרשפּילט...

און אָט אַזוי האָט ריבאַק אָפּגעלעבט אַ חודש נאָך אַ חודש. מאָמענטן האָט ער געהאַט פֿון „חשבון הנפֿש". דעמאָלט איז אים מיאוס געוואָרן פֿאַר זײן לעבן. און געדאַכט האָט זיך אים, אַז אָט אָט, אַ ליאַדע טאָג וואַרפֿט ער דאָס לעבן אַוועק. רײסט זיך אַרויס פֿון דעם קרײז, לויפֿט זיך שאַפֿן אַרבעט, געפֿינט און ווערט צוריק אַ נאָרמאַלער מענטש, וואָס לעבט פֿון אײגענער פּראַצע. אָבער רעאַליזירן דאָס איז אים געווען פֿיל שווערער, ווי שלאָפֿן אין אַזיל, נישט עסן צו דער זעט אין דער ביליקער קיך און פּטרן זײן פֿרײַע צײַט בײַם קאָרטן־טיש.

אײנציקווײַז איז דער לאַנג דערוואַרטעטער „איבערגאַנג" פֿון זיך אַלײן געקומען. זײנע קאָרטן־קאָלעגן האָבן זיך אָנגעהײבן רירן פֿון אַזיל. אין אַ טאָג האָט זיך אײנער אויפֿגעכאַפּט און אַוועק וווינען אין אַ האָטעל. אין אַן אַנדערן טאָג איז אַ צווײטער אַוועק וווינען אין אַ פּריוואַט שטיבל בײ אַ פֿאַמיליע. אַ דריטער איז אַוועק, וואָס האָט באַקומען אַרבעט אין זײן פֿאַך. ריבאַק איז כּמעט געבליבן אײנער אַלײן פֿון זײן גרופּע. אַז מען איז זיך געקומען מיט אים געזעגענען, איז ער געבליבן זיצן אויפֿן ראַנד פֿון זײן בעטל פֿאַרטראַכט... ער האָט אָנגעקוקט זײנע קאָלעגן מיט אַ בענקשאַפֿט, ווי מען קוקט אויף אַ זאַך, צו וועלכער מען האָט זיך צוגעוווינט. ער האָט מקנא געווען זײער סיטואַציע און זיך אײנגעהערט:

— ריבאַק, מיט אַוועקגײן פֿון דאַנען, גײט מען ערשט אַרויס פֿון קאָנצענטראַציע־לאַגער...

אין אַ וואָך אַרום, ווען אין דעם גרויסן זאַל, איז נאָך געבליבן אַ קלײן הײפֿעלע אַזילניקעס, האָט מען זײ איבערגעצויגן אין אַ קלײן צימערל. נאָכמיטאָג, ווען ריבאַק איז אַרויס פֿון גרויסן זאַל, האָט ער נאָך דאָרט געוווינט; אָוונט־צײט זענען שוין זײנע זאַכן געווען איבערגעטראָגן און ווען ער האָט געקלאַפּט אין דער טיר פֿון גרויסן זאַל, איז דער אויפֿזעער אים אַנטקעגן געקומען און געזאָגט:

— קומט ריבאַק, וועל איך אײַך ווײַזן, וווּ איר וווינט.

איז ריבאַק אַרײַנגעקומען אין אַ קלײן צימערל. אַ בעט אויף אַ בעט. זײן שטרוי־זאַק ליגט אײנגעראָלט ווי נאָך אַ טויטן... צו פֿוסנס — זײן ביסל זאַכן. פֿון די אַלע אַזילניקעס, וואָס וווינען אין דעם צימער קען ער שוין נישט קײנעם. אַ טײל פֿריש־געקומענע

פּאָליאַקן. עטלעכע נעגער. אַ צוויי, דריי פרעמדע יידן נאָר־וואָס געקומענע פון דייטשלאַנד. אַ געררויש, ווי אין אַ קאַזאַרמע פאַרן לייגן גיין. אַן אויסמיש פון שפּראַכן. די לעמפּלעך אין צימער זע־נען אַרויסגעגנבעט געוואָרן פון די, וואָס האָבן דעם צימער פאַרלאָזט. ליגט שוין די נאַכט אויף די שויבן, ווי שוואַרצע שטיקער סאַמעט. אין דער פינצטער פאַרקויפט איין ייד דעם צווייטן אַן אַנצוג און דער קויפער ווייסט נישט וואָס פאַר אַ קאָליר ער האָט... פון דרויסן קוקן אַריין ווייסע שטיינער פון דער קירכע „סאַקרע־קער“, וואָס וואַרפן אַרויף אויף די שוואַרצע סאַמעט־פלעקן פון דער נאַכט אַ זילבערנעם אָפּשיין...

ריבאַק מאַכט זיך זיין געלעגער און וואַרפט זיך אַ פאַרביטער־טער אַריין אין בעטל. זינט ער האָט פאַרלאָזט זיין היים, זיין פרוי און קינדער, האָט ער נאָך אַזאַ עלנדקייט נישט געפילט, ווי אָט־אָ אין דער נאַכט... איינשלאָפן האָט ער נישט געקענט. ער איז געלעגן מיט וואַכעדיקע אויגן און געזען מיט זיי טראַגישע בילדער־פון זיין נאָענטער פאַרגאַנגענהייט. פון אַלע טראַגישע סצענעס איז אים געבליבן שוועבן פאַר זיינע אויגן דאָס בילד פון זיין קראַנקער מוטער, וועלכע איז געבליבן ליגן אין בעט אַ שלאָפנדיקע, ווען זייער הויז האָט געברענט און די מהומה איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט זי פאַרגעסן אויפוועקן און ראַטעווען. ער האָט זיך געראַנגלט אויף זיין געלעגער... מיט נערוון אָנגעצויגן ביז צום פּלאַצן, האָט ער אויסגעקוקט די ערשטע טאָג־פלעקן אויף די שויבן, די ערשטע זוניקע רעדער אויף דער וואַנט. און באַשלאָסן האָט ער, אַז ער שלאָפט שוין דאָ אין אַזיל די לעצטע נאַכט...

צומאָרגנס, האָט זיך ריבאַק אפילו קיין צייט נישט גענומען צו פרישטיקן. דער אינערלעכער דראַנג צו אַן אַנדער לעבן, וואָס האָט אין אים דערוואַכט, האָט אים אַרויסגעיאָגט אין גאַס אַריין זוכן אַרבעט. די מידקייט פון אַרומקלעטערן אויף שטאָקן, איז אים מיטאַמאָל ליב געוואָרן. ער איז אפילו צופרידן געווען פון אַן אָפּזאָג, ווייל ער האָט געפילט, אַז דער אָפּזאָג איז אַ שטאַפּל, וואָס פירט אים צו זיין נאָרמאַלן לעבן.

ערשט אויפן צווייטן טאָג איז ריבאַק איבערגעבליבן אין אַ שניידער־אַטעליע אויף פּראָבע. אין אָוונט איז ער אַוועק־געגאַנגען מיט אַ צופרידנקייט און קרענקונג. צופרידן איז ער געווען, וואָס זיין אַרבעט איז געפעלן געוואָרן און ער וועט האָבן

אַ גוטן פּלאַץ, ווו ער וועט גוט פאַרדינען און זיין רעספּעקטירט. אַ קרענקונג דערפון, וואָס אים האָבן וויי געטאָן די זעקס חדשים הינטיש־לעבן אין אַזיל. און צוליב דעם האָט ער אַזוי פיינט באַקומען דעם אַזיל, ווו ער האָט אַזוי פיל חדשים פאַרבראַכט, אַז אַפילו די געציילטע נעכט, וואָס אים איז נאָך דאָרט אויסגעקומען איבערצונעכטיקן, האָט ער זיך אַליין נישט געקענט פאַרטראָגן אויף יענעם אָרט, ווו ער האָט פאַרשפּילט אין קאָרטן, נישט בלויז זיין נישטיקע סומע, נאָר זיין מענטשלעכע אַמביציע.

שבת אָוונט האָט זיך ריבאַק איבערגעצויגן אין אַ האָטעל אַריין. אַריינקומענדיק אין זיין האָטעל־צימער, איז אים באַפאַלן אַזאַ פרייד, אַז ער האָט אַוועקגעוואָרפן די וואַליזקעס און, ווי אַ יינגל אַרויפגעשפּרונגען אויפן בעט, באַדעקט מיט אַ ווייס־געשטיקטער קאָפּע, זיך געלאָזט וויגן פון מאַטראַץ, ווי אַמאָל ביי זיך אין שלאָפצימער, ווען ער האָט זיך געשפּילט מיט זיינע צוויי קינדער...

נאָכדעם, אַראָפּ פון בעט, אַוועקגערוקט די פאָרהאַנג און אויפגעפּראַלט דאָס פענצטער. אַ קיל ווינטל האָט אַריינגעבלאָזן פון דרויסן. פון זיין האַרץ האָט זיך אַרויסגעכוואַליעט אַן אינערלעכע פרייד פון אַ מענטש, וואָס איז נאָרוואָס אַרויס פון אַ תפיסה. מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן האָט ער באַטראַכט: די שפּיגל־שאַנק, די טאַפּעטן, דאָס טישל, דעם באָרדאָ־טאַפּי אויפן דיל, וואָס האָט שוין אין זיך איינגעזאַפּט טריט פון טויזנטער היימלאָזע. פאַר צופרידנקייט האָט זיך אים אַרויסגעזונגען אַ ליד.

דעם צווייטן טאָג, אַז ריבאַק איז אַהיימגעקומען אין זיין האָטעל־צימער, איז אים באַפאַלן אַן אומעט... אָנגעגעסן זיך אין אַ גוטן רעסטאָראַן, פאַרדינט אויף אַ שיינעם טאָג־לעבן אַפילו מיט אַ פאַמיליע, אָבער פאָרט אַליין...

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין טישל שטום, ווי זיין שאָטן אויף דער וואַנט... ער האָט נישט מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט... אַלץ אין אים האָט געבענקט... ער האָט זיך דערמאָנט אַ בילד פון זיין אַמאָליק לעבן: אָוונט־צייט. ער קומט אַריין אין זיין פיין־מעבלירטן עסצימער. דער טיש איז געדעקט מיט אַ ווייס טישטוך. איבערן טיש — דער גרויסער זשיראַנדאָל, וועמענס

פּריזמעס צעשפּיגלען די עלעקטרישע שטראָמען איבערן גאַנצן צימער, ווי פון סופיט וואָלט זיך געגאָסן אַ רעגן פון ליכט. די קינדער פילן אָן דעם צימער מיט טרילעכלעך פון פייגעלעך. דער

ראַדיאָ שפּילט. זיין פרוי קומט אריין אין דער ווייסער שירץ, א צעפלאַמטע פון דער קיך. אירע פינקלדיקע קאַרשן אויגן קוקן אויף אים און איר באַהנט מויל מיטן שמייכעלע, וואָס איז אים אויף אייביק געבליבן הענגען אין זיינע אויגן, פרעגט:

— לייבקע, וועסט עסן אַ גוט שטיקל זיסע פיש?

— אהער, ריוועטשע!

און ער פאַרזוכט און זאָגט:

— ריוועטשע, די פיש האָבן דיין טעם!...

און זי לאַכט. לויפט מיטן געלעכטער אַוועק אין דער קיך אריין. און דאָס געלעכטערל ראָלט זיך איר נאָך, ווי אַ גאָלדענער פאָדעם...

עס ווערט אים טונקעלער אין די אויגן... אינם האַרץ גיט עפּעס אַ שטאָך... און ער לייגט זיינע קאַלטע הענט אַרויף אויפן צעפלאַמטן פּנים...

— און ווען דאָס אַלץ איז פאַרשוואונדן, וועל איך שוין אַזוי אַליין אָפּפיַנצטערן מיינע יאָרן?...

אים איז געקומען אויפן געדאַנק זיין לאַנדסמאַנטע מאַדאַם מאַנדלבוים. ער זעט אַ ברונעטע פרוי פון עטלעכע און דרייסיק יאָר. אירע שוואַרצע אויגן פאַרמאָגן אַ וואַרעמקייט פון אַ פרוי, וואָס קען זיין געטריי.

— איך ווייס, אַז זי איז נישט שענער פון מיין ריוועטשע, נאָר זי איז אָבער לעבעדיק... און אפשר אָפּשטאַטן איר אַ וויזיט? זי האָט מיך שוין צענדליקער מאָל איינגעלאַדן און פאַר וואָס בין איך ביז איצטער נישט געווען ביי איר? איז זי מיר נישט גענוג סימפּאַטיש?

ריבאַק דערמאָנט זיך עפּעס און ער באַקומט אַרויס פון זיין אונטערבאַוואוסטזיין די סיבה. די מאַדאַם מאַנדלבוים האָט אַ יינגעלע. אַ סימפּאַטיש קינד, צו באַוואונדערן. אָבער ווערן אַ טאַטע פון אַ פרעמד קינד?...

און ער הערט זיך איין אין דער שטימע פון זיינע אייגענע מחשבות און אים דאַכט זיך צו האָבן געהערט אַ פרעמד קול:

— איז דיר דאָס אָפּגעראַטעוועטע קינד, פאַר וועלכן די מוטער האָט זיך מקריב געווען צו פיל?... ווייניק יידישע קינדער האָט מען אומגעבראַכט?...

און ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרענטפערן פאַר דער אומבאַ־

קאַנטער שטימע, וואָס רוישט אים אין די אויערן, כאַפּט זיך ריבאַק האַסטיק אויף, פּוצט זיך איבער דעם אַנצוג, בלייבט נאָך אַ ווײַלע שטיין ביים שפּיגל, זיך באַטראַכטן, צי ער זעט נאָך אויס, ווי אַ מענטש צום געפעלן און לאָזט זיך אַרויס פון זיין צימער.

אינדרויסן שטראָמט אַ וואַרעמער זומער־רעגן. יונגוואַרג לויפט איבער גאַסן מיט הילכיקע געלעכטערס. זיי דאַכט זיך, אַז דער הימל שפּילט זיך מיט זיי. דעריבער האָט ער זיך אָנגעטאָן אין פאַרביקע בענדער, אַז אַלע טראָטואַרן ווערן פון דעם פאַרבן־שפּיל באַגאָסן. דער הימל שפּיגלט זיך אין די רעגן־טראָפּנס, וואָס פאַלן אַריין אין די גריבלעך ביי די בוימער־שטאַמען. און די בוימער אַליין שטייען מיט צעפלאָשעטע קעפּ. פון די גרינע בלעטער, רעגן־טראָפּנס, ווי פאַרביקע קרעלן טריפן.

ריבאַק לויפט ווי אַ יינגל און שטעלט זיך אָפּ ביים מעטראָ־איינגאַנג.

— אייגנטלעך, וואָס איז ס׳געבורען ? פאַרוואָס פונקט אַהינקו־מען אין אַ רעגן ?...

אָבער עס איז אים באַפאַלן אַ נייגעריקייט זי צו זען און איז אַוועק.

ער קומט אַריין צו מאַדאַם מאַנדלבוים, בלייבט ער שטיין אויף דער שוועל צעטומלט... ביים טיש זיצט אַ מאַן און שפּילט זיך מיטן יינגעלע. לויט דעם יינגעלעס דרייסטיקייט דאַרף דער מאַן דאָ שוין זיין אַן אייגענער. מאַדאַם מאַנדלבוים אין אַ ווייסער בלוזע סערווירט טיי מיט פאַלעסטינער קוכן.

— אַ וווּנדער ריבאַק, איר זענט געקומען אין אַזאַ וועטער ?...

— זאָגט מאַדאַם מאַנדלבוים מיט אַ זיסעריש שמייכעלע, וואָס האָט ריבאַקן געגעבן אַנצוגעהערן, אַז זי דאַרף אים מער נישט האָבן...

ריבאַק האָט שטאַרק געקנייטשט דעם הוט אין זיינע הענט; באָטש דער הוט איז אַ מכה שולדיק געווען... ער האָט זיך גע־לאָזט אויפנעמען מיט אַ געקינצלטער העפלעכקייט, אָפּגעזעסן אַ פּאָר מינוט און איז אַוועק...

אויפן וועג, צוריקפאָרנדיק, האָט אין ריבאַקן אַלץ געקאָכט... אַקוראַט, ווי די מאַדאַם מאַנדלבוים וואָלט אים געוועזן פאַראַטן.

אַהיימקומענדיק האָט ער זיך אַ ברוגזער אַריינגעוואָרפן אין בעטל.

אינדרויסן האָט דער רעגן אויפגעהערט. דער הימל איז גע־

וואָרן לויטערער און רעגנבויגנדיק געשטרייפט. אויף ריבאַקס פאָרהאַנגען האָבן די אויסגעהאַפטענע פאַוועס באַקומען פרישע, שפילעוודיקע פארבן. ריבאַק האָט געקוקט אויף די פאָרהאַנגען און האָט איצטער גאָרנישט געזען... ער איז אראָפּגעשפרונגען פונעם בעטל און גענומען שפּאַנען איבערן צימערל... ער האָט אליין נישט געוווסט, וואָס אים פעלט... און וווהין ער זאָל איצטער גיין... פאר זיינע אויגן האָט נאָך אלץ געשוועבט דער מאדאם מאנדלבוימס טיש... ער האָט געפילט און דערקענט אין זיין אומרו, אַז היינט אָוונט איז אין אים פאָרגעקומען אַ פסיכישער איבערברוך...

פאריז, יוני 1946.



# די אַלטינקע מאַמע

אז מישעל פּיעקאַרניק איז אַהיימגעקומען פונעם לאַגער און האָט זיך דערוווסט, אז ער האָט נאָך אַ מאַמע אויף דער וועלט, האָט זיך געדאַכטן, אז דער מענטש וועט אַראָפּ פון זינען פאַר פרייד.

אין אַ יוני-פרימאָרגן, ווען די וועלט האָט געטראָגן אויף זיך אַ זוניק, הימליש קלייד געפּוצט מיט שמעקנדיקע, ערדישע בלומען, האָט מען ביי דער אַלטינקער פייגעלע האַסטיק אויפגעריסן איר האָטעל-טיר און איר ייִנגסטער זון מישעל, וועמען די אַלטינקע מאַמע האָט שוין פיל מאָל געזען אין חלום אַ טויטן, איז מיט אַן אויסטערליש געשריי אַרויפגעפאַלן אויף אירע ווייסע, צעשויבערטע האָר.

— מאַמע!...

ער האָט געקושט מיט טרערן אין די אויגן איר פאַרמעט-פּנים, אירע אויסגעלאָשענע פייכטע אויגן, איר שפּיציקע גאָמבע. און די אַלטינקע מאַמע, אַן איינגעבויגענע ווי אַ ווייִנענדיקע ווערבע, מיט ציטערנדיקע צווייגן-הענט, וואָס בויגן זיך צו דער ערד, איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ שטומע, אַ בלייכע, מיט אַן אָפן מויל, געקוקט מיט אירע ווייסלען אויף איר זון מישעל און האָט נאָך אַלץ נישט געקענט אויפנעמען דיווירקלעכקייט, אז איר זון מישעל איז לעבן געבליבן...

מיטאַמאָל האָט אַ מוטערלעך קול, אָנגעזאַפּט מיט צער, ווי געשפּאָלטן דעם טאָג אין צווייען, אויסגעבראָכן ווי אַ שטורעם פון פרייד און ליבע:

— מי-כ-אַל! דו ביסט עס טאַקע מיכאַל? אפשר דינען מיר מער נישט מיינע אויגן?

— איך בין עס מאַמע, איך! פון מיין זשאַרשעטן מיט די קינדער הערט מען גאָרנישט?

— בעסער וואָלטן זיי געווען און איך נישט. איך האָב שוין ס'מייניקע אָפּגעלעבט.

— רעד נישט קיין נארישקייטן, מאמע!

ווען די צוויי אויפגעטרייסלטע הערצער האבן זיך בארואיקט, ווען מאמע און זון האבן זיך שוין געהאט אויסדערציילט עפיזאדן פון זייערע מלחמה־איבערלעבענישן, האט די אלטינקע מאמע גע־מאכט קאווע אויף דער גאז - מאשינקע, אויפגעטומען איר זון. און ווען מאמע און זון זענען אזוי געמיטלעך געזעסן ביים טישל, זיך ארייגעקוקט אין די אויגן, וואס האבן באוויינט זייער ברייט - פארצווייגטע פאמיליע, האט אין דער מאמעס מח אויפגעבליצט א געדאנק: „די לעבעדיקע מוזן פארזעצן דאס לעבן".

האט זי אראפגענומען פון איר האלדז א שווארץ־געפלאכטן שטריקל, וואס האט נאכגעשלעפט פון הארץ אראפ א גרויס לעדערן טארבעלע:

— האסט נאר וואס געזאגט מיין זון, אז איצט ביסטו נאקעט און בארוועס, ווי דיין מאמע האט דיך געהאט, נישט אמת מיין זון. אט האסטו דיין גאנץ צירונג, וואס דיין מאמע האט דיר אפ־געראטעוועט, אפגעהיטן, ווי אן אויג אין קאפ אין די ערגסטע געפארן פון איר לעבן.

מישעל איז אויפגעשפרונגען פונעם טישל, מיט אזא אויפ־געצאפלטער פרייד, אז זיין גלאז קאווע האט זיך איבערגעדרייט אויפן טישטעך. אבער ביידע האבן דאס נישט באמערקט, ווייל דער זון איז איצטער נאך לענגער געבליבן הענגען אויף דעם אלטן מאמע - בוים, וואס האט פלוצלונג אנגעהייבן בליען אין זיינע אויגן...

איז אוועק א שטיקל צייט. מישעל האט זיך אנגעהייבן פרא־צעסעווען און צוריקבאקומען זיין וווינונג. ער איז געקומען צולויפן צו זיין אלטינקער מאמע אין האטעל אריין.

— מאמע, די וווינונג האב איך צוריק באקומען. איך וויל נישט מער, אז דו זאלסט וווינען אן עלענדע אין האטעל. דו ווייסט דאך מאמע, אז איך בין א גוטער פאכמאן און וועל זיך שנעל צוריק איינארדענען. חתונה האבן וועל איך מער נישט. איך וועל זיי נישט קענען פארגעסן.

די מוטער האט א ווײַלע געשוויגן...

— דו געדענקסט, מישעל, איך האב שוין אמאל ביי דיר גע־וווינט און בין געווען געצוווגען צו פארלאזן דיין וווינונג און נאכ־דעם זענען מיר איבער א יאר געווען ברוגז...

— איך געדענק מאמע, דעמאלט איז עס געווען צוליב מיין

פרוי. אָבער איך בעט דיך מאַמע, לאָמיר איצט נישט רעדן אויף איר קיין שלעכטס!

— ביסט גערעכט, מיין זון!

האָט זיך די אַלטינקע מאַמע געלאָזט צורעדן. אַריבערגע־גאַנגען צו איר זון וווינען אין אַ באַזונדערן צימער, וואָס ער האָט פאַר איר איינגעאָרדנט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. די מאַמע האָט געקאָכט עסן און דערלאַנגט איר זון מיט אַ מינע און ליבשאַפט, ווי ער וואָלט נאָך געווען אַ פּיצעלע. אָבער דער זון האָט נישט אויפגע־הערט צו לויבן אירע מאכלים. מישעל האָט פלייסיק זיך גענומען צו דער אַרבעט. אין זיין מאַראָקינערי־אַטעליע האָבן שוין גערוישט צוויי מאַשינען. טיש־אַרבעטער זענען געזעסן אויף טאַבורעטקעס, געשמירט און געקלעפּט. מישעל אַליין איז געשטאַנען ביים טיש און געשניטן. און דער אַלטינקער מאַמע האָט זיך טיילמאָל אויסגעוויזן, אַז ס'האָט גאָרנישט פּאַסירט אויף דער וועלט... אַלץ איז ווידער ווי געווען; אויסער די שנור און צוויי אייניקלעך, וואָס פעלן אין דער וווינונג...

איינמאָל אין אַ זונטיק נאָכמיטאָג, האָט זיך מישעל עלעגאַנט צוזאַמענגעשטעלט און שטייענדיק אַזוי פאַרן שפּיגל אַן אויסגע־פּוצטער ווי אַ בחור, האָט ער געזאָגט צו דער מוטער:

— מאַמע, מיטן נאַכטמאָל זאָלסטו אויף מיר היינט נישט וואַרטן! איך וועל עסן אין גאַס.

— וואָס עפּעס אין גאַס, מיכאל־קרוין? איך האָב דאָך צו־געגרייט עסן. עס קאָסט היינט אַ מאַיאָנטעק.

— טאָ עס דו געזונטערהייט! איך וועל עסן אין אַ רעסטאָראַן.

די מוטער האָט לאַנג געקוקט אויף איר זונס באַהאַלטענעם שמייכל, נאָכגעטראַכט און געזאָגט:

— מיכאל מיר דאַכט זיך, אַז דו גייסט מיט אַ פרוי?...

— עס איז אמת, מאַמע.

— טאָ וואָס באַהאַלסטו פאַר מיר, דו ווילסט נישט אַז דיין מאַמע זאָל האָבן נחת?

— איך ווייס נאָך גאָר נישט, איך גיי מיט איר ערשט דעם צווייטן חודש.

— ברענג זי אַריין, זון, לאָמיר כאַפּן אַ בליק אויף איר. איך וועל געבן איין קוק, וועל איך דאָך מער זען, ווי דו וועסט אין איר אַריינקוקן אַ יאָר.

— איך וועל זי איינלאַדן, מאַמע. — האָט דער זון געזאָגט און אויפגעלעבטער, געקושט די מוטער איילנדיק און איז אוועק.

זונטיק אָוונט איז די אַלטינקע מאַמע געזעסן ביים טיש, ווי אַ מחותנתטע, אָנגעטאָן דאָס שענסטע זיידענע קלייד. אויפן ווייסן קאָפּ אַ גרינעם אייגנהענטיק געשטריקטן שאַל. אין זשיראַנדאָל האָבן געבליצט אַלע לאָמפּן. די אויפגעפרישטע ווענט האָבן געבלאַנקט. דערמאָנט דער אַלטינקער אין אַ ניי אויפגעבויט הויז. זי האָט זיך דערמאָנט אין איר אומגעקומענער שנור, וואָס לעבעדיקער־הייט האָט זי איר נישט צו שטאַרק ליב געהאַט, נאָר נאָכן טויט האָט זי געפילט, איז זי איר אַלץ מוחל... די אַלטינקע האָט זיך געפילט שולדיק קעגן איר שנור... און האָט איר איצטער אין דער מחשבה אָפּגעצאָלט די ליבשאַפט און פאַרערונג, וואָס זי האָט איר ביים לעבן נישט געשאָנקען. נאָכדעם האָט די אַלטינקע פאַר־ענטפערט איר זון פאַר דער טויטער שנור:

— ער האָט דיך טאַקע ליב געהאַט, אָבער אַ מאַן פון צוויי און דרייסיק יאָר, קען דאָך נישט בלייבן זיין גאַנץ לעבן אַליין...

האָט די אַלטינקע געהערט שליסן די טיר. צום ערשט איז אריין אַ ברונעטע פרוי פון אַ יאָר דרייסיק. זי האָט פאַרשעמט אַ בליק געטאָן מיט אירע שוואַרצע פינקלדיקע אויגן. דער זון האָט די פרוי צוגעפירט צום טיש און געזאָגט אַ צעשטראָלטער:

— דאָס איז מיין מאַמע! דאָס איז היינט דער גרעסטער לוק־סוס ביי יידן...

— זייער אנגענעם צו זען אַ יידישע מאַמע! — האָט די פרוי געזאָגט מיט אַ צופרידענעם שמייכל, וואָס האָט נאָכגעשלעפּט אַן אונטערגעדאַנק: „זי זאָל זיך נאָר נישט אריינמישן צופיל אין זונס געשעפטן...”

דער זון האָט די פרוי אויסגעטאָן דעם מאַנטל. זי איז געבליבן זיצן אין אַ גראַנאַט שטאָפּן־קלייד אויסגעהאַפטן מיט רויטע בלומען און די מוטער האָט געפרעגט:

— פונוואַנען איז מען טאָכטערשי?

— פון אַלעקסאַנדער.

— פון אַלעקסאַנדער? — האָט די מוטער אַ שפּרונג געטאָן אויפן שטול. — איך האָב דאָך דאָרט געהאַט קרובים. ווערסט באַלד זען, מיכאַל, עס וועט זיך ארויסווייזן, אַז מיר זענען משפּחה.

אז די פרוי האָט דער אַלטער מוטער דערציילט איר יחוס, האָט זי געמאַכט אַ שמייכעלע.

— נו, מילא, זענען מיר נישט קיין משפּחה, וועלן מיר ווערן משפּחה...

זי האָט אַ בליק געוואָרפן אויפן זון... דער זון האָט פאַרשטאַנען זיין מוטערס מינע, אז די פרוי געפעלט איר, האָט ער מיט אַ ברייטן שמייכל און מיט אַ פרישן לעבנס-גלאַנץ אין די אויגן, איינגעגאָסן דריי בעכערלעך געטראַנק.

מען האָט זיך געווונטשן. די מוטער האָט די פרוי אויסגע-פרעגט איינצלהייטן.

— אַזוי, האָט איר מיט אייער ערשטן מאַן נישט געהאַט קיין קינדער...

אז די פרוי איז אַוועק מיט איר זון און די אַלטינקע מאַמע איז געבליבן אליין, איז זי געבליבן זיצן ביים טיש אַ פאַרטראַכטע:

— אַ שיין מענטש איז זי, נאָר ווער ווייסט צי זי איז אַ גוטע ?...

אויף דער פראַגע האָט די אַלטינקע מוטער באַקומען אַן ענטפער אין עטלעכע חדשים אַרום.

דער זון איז איינמאָל אַהיימגעקומען אַ טרויעריקער. דאָס איז געווען אין אַ שבת-אָוונט. אויפן טיש האָבן צוויי שבת-ליכט זיך געלאָשן אין צוויי אַלטמאָדישע מעשענע לייכטער, וואָס דער זון האָט פאַר דער מוטער געקויפט צווישן אַלטוואַרג. די מוטער האָט גע־קוקט אויף איר זון און געפרעגט:

— מיכאל, האָסט זיך נישט אַמאָל צעווערטלט מיט דיין ראָזאַ ? עפּעס ביזטו מיר לעצטנס אַזוי טרויעריק און שטיל געוואָרן...

— צעווערטלט ? — האָט דער זון אויפגעהויבן זיינע אויגן און געקוקט אויף דער מוטער מיט רחמנות... — ניין מאַמע, איך האָב מיך נישט צעווערטלט, נאָר פאַרקערט, עס האַלט פאַר אַ חתונה.

— נאָר וואָס דען איז, מיין זון ? דיין ראָזאַ איז דאָך שוין דאָ נישט געווען איבער אַ חודש...

— מיר איז המ... שווער צו זאָגן מאַמע.

— אויב אַזוי האָט דאָס אַ שייכות מיט מיר. זאָג מיר נאָר, מיכאל מיין זון, האָט דיין ראָזאַ נישט אַמאָל מורא מיט דיר חתונה

צו האָבן, ווייל זי וויל נישט ווינען מיט קיין שווינער אונטער איין דאך...

— ס׳איז לײדער אמת, מאַמע!...

א ווײלע איז די מוטער געבליבן זיצן ווי באַטויבט... געקוקט אויפן זון און געשוויגן... דערנאָך זיך האַסטיק אויפגעכאַפּט און געזאָגט:

— מיכאל, איך בעט דיך זאָלסט מיר פאָלגן! איך בין אן אלטע מאַמע, איך ווייס ווי אזוי דאָס לעבן גייט. מאָרגן קלייב איך זיך פון דיר ארויס.

דער זון איז געבליבן זיצן, די פינגער אַרײנגעשטאָכן אין קאָפּ האָר...

— כ׳האָב מורא מאַמע, אַז דו וועסט זיך נוקם זיין און נישט וועלן זיין אויף דער חתונה.

— נאַרישער יונג, א מאַמע איז זיך אין איר קינד נישט נוקם...

צומאָרגנס אָוונט, איז שוין די מאַמע געשטאַנען גרייט מיט אירע וואַליזעס אוועקצוגיין; נאָר דאָס געזעגענען זיך מיט איר זון איז איר אָנגעקומען שווער... זי האָט זיך געדרייט אין שטוב איינגעהילט אין מאַנטל. אַלע ווײלע צוגעגאַנגען צו די וואַליזעס, אָנגערירט די הענטלעך און זיי צוריק אָפּגעלאָזט...

דער זון האָט אויף דער וואַנט אָנגעקלאַפּט א קונסט-בילד — א טעלער געמאָלענע פּרוכטן. שטייענדיק אויפן שטול, האָט ער אויסגעדרייט זיין קאָפּ צו דער מוטער:

— מיין ראָזא איז נישט קיין פּראָסטע פרוי, זי האָט ליב קונסט-בילדער.

דער זון האָט א בליק געוואָרפן אויף זיין מאַמען, ווי זי שטייט אזוי אַן איינגעקאָרטשעטע אַ פאַרדאַרטע, האָט זיין הארץ א צאַפּל געטאָן... ער האָט זיך אַן אומגעשיקטן בויג געטאָן און מיט אַן אויסגעשריי אַראָפּגעפאַלן פון שטול. דאָס בילד איז אים נאָכגעפאַלן.

— מי־כ־אל! — איז די אַלטיטשקע, ווי אַ יונג מיידל אַ שפּרונג געטאָן און איר הארץ האָט זיך געוואָרפן פאַר פּחד. — האָסטו דיר חלילה נישט ווי געטאָן? זאָג מיר, רעד אַ וואָרט! ס׳הארץ שטאַרבט דאָך מיר אָפּ פאַר שרעק. — אפשר דאַרף מען צולייגן קאַלט וואַ-סער? — זענען די מוטערס ציטערדיקע הענט אים ארומגעלאָפן איבערן גאַנצן קערפּער...

— עס איז מיר גאָרנישט געשען, מאַמע! איך שווער דיר,

גאַרנישט. — האָט דער זון געשמייכלט און זיך אויפגעשטעלט.

— נו, אויב אַזוי, גיי איך רואיק אַוועק. איך זע, אַז איך בין דאָ פאַלט דיר אַלץ פון די הענט... — האָט די מוטער אַ כאַפּ געטאָן אירע צוויי וואַליזעס.

— עס וועט דיר נישט זיין צו שווער, מאַמע? לאָז איך וועל דיר די וואַליזעס צוטראָגן.

— שווער זאָגסטו, מיין קינד. פאַר אַ מאַמע איז גאָרנישט שווער. איך האָב, זעסטו, אויפגעצויגן דריי זין און צוויי טעכטער, חתונה געמאַכט מיט כבוד, געגעבן שיינע נדנים, איבערגעלעבט צוויי וועלט־מלחמות און מיר איז נישט געווען שווער. האָסטו דיר גאָרנישט געטאָן, מיין זון, איז אַ גוטע נאַכט מיכאל!

דער זון איז אַרויפגעפאַלן אויף דער מוטער און האָט זי געקושט.

די מוטער האָט זיך געוועריט...

— מען דאַרף נישט, מיין זון, איך ווייס דאָך, אַז דו האָסט מיך ליב...

די טיר האָט זיך פאַרהאַקט...

דער זון איז געבליבן שטיין אינמיטן שטוב, אומבאַוועגלעך, ווי אינעווייניק אין אים וואָלט עפּעס געווען צעבראָכן...

פּאַריז, יולי 1946.



# דער פּאָרטרעט פון איר מאַן

זונטיק, צוועלף אַזייגער, מיטאָג־שעה.

בעלאַ ראָזענבלום, אַ יונגע אלמנה, איז געשטאַנען בײַם שפּיגל און האָט מיט קאָסמעטישע מיטלען דערגענצט דאָס, וואָס די נאַטור האָט פאַרפעלט אין איר שיינקייט.

זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שווארץ זיידן קלייד, געפּוצט מיט אַ העלן גרין. דער שוואַרצער טאָן איז געווען אַן אויסדרוק פון טרויער נאָך איר מאַן, וואָס איז נישט צוריקגעקומען פון דעפּאָרטאַציע; דער גרינער טאָן — אַ בענקשאַפט צו אַ נייעם פרילינג...

איידער נאָך זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיך, האָט מען אָנגעקלונגען. זי איז מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ געגאַנגען עפענען...

אין טיר האָט זיך באַוויזן לעאָן שעראַדזקי. אַ שלאַנקער, ברוגעטער מאַן אין די דרייסיקער יאָרן. אַ דינער שמייכל האָט זיך אים אַרויסגעשניצט פון לינקן מויל־ווינקל. זיינע לאַבעדיקע, שוואַרצע אויגן האָבן פאַרמאָגט יענעם אינערלעכן פלאַם, וואָס צינדט אָן פרויען־הערצער...

ער האָט בעלאַן באַגריסט מיט אַ היימישן טאָן, ווי מען באַגריסט אַ פרוי, וואָס מען קען שוין יאָרן־לאַנג אין אַ הויז, ווו מען איז אַן אָפטער גאַסט. ער האָט בעלאַן דערלאַנגט אַ בוקעט בלומען און אַוועקגעשטעלט אויפן סערווירטן טיש אַ פלאַש ווייַן אייַנגעפּאַקט אין אַ צאַרטער פּאַפּירענער הויט.

— כ׳האָב דאָך דיר אָנגעזאָגט לעאָן, זאָלסט נישט אויסגעבן קיין געלט!

— איך בין גליקלעך, אַז כ׳קען אויסגעבן. היינט אַ יאָר האָב איך נאָך געלעבט הינטער דראָט...

— דאָס וואָרט „דראָטן" האָט איר אַ שטאָך געטאָן אין דער ברוסט... איר צופרידענער שמייכל איז פאַרגליווערט געוואָרן...

לעאָן האָט זיך אויסגעטאָן דעם מאַנטל מיטן הוט, היימישלעך אַרויפגעדרייט דעם ראַדיאָ. אַ זינגערן האָט מיט אַ צאַרטער ליריש שער שטימע פאַרטויבט בעלאַס זיפצן... לעאָן האָט גענומען אַרומשפּאַנען איבער דער וווינונג, זיך אַרומגעקוקט.

— אַלץ איז ווידער ווי געווען, בעלאַ!

— יאָ, נאָר מיין זשאַק פעלט מיר!...

— דיר פעלט אַ זשאַק, אַ צווייטער פרוי פעלט אַ שאַרל, אַ דריטער — אַ מאָריס, מיר פעלט אַ פּאָני...

— מיך, לעאָן, טרייסטן נישט יענעמס צרות!

ביים מיטאָג־טיש זענען ביידע געוואָרן פרייליכער. מען האָט געגעסן, געטרונקען, געהערט מוזיק, זיך קעגנזייטיק געמאַכט קאָמפּלימענטן, זיך געוויצלט. יעדער האָט פאַרגעסן זיין אומגליק...

נאָכן מיטאָג האָט לעאָן פאַרויכערט. בעלאַן אויך דערלאַנגט אַ סיגאַרעטל, וואָס זי האָט מיט אַ קאָקעטישן שמייכל אָנגענומען און נאָכן אָפּלויבן אירע געשמאַקע מאכלים, האָט לעאָן געזאָגט:

— בעלאַ, מאַך דיך גרייט. מיר גייען אין סינעמאַ, איך האָב שוין אויסגעקויפט בילעטן.

— אין סינעמאַ? — האָט זי אויף אים אויפגעהויבן אירע צעפלאַמטע אויגן — וואָס האָסטו אויסגעקליבן?

— „שאַרם דע לאַ באָהעם" מיט יאַן קעפּורא און מאַרטא עגערט.

— אָ, קעפּורא, ער זינגט אַזוי פּרעכטיק!

בעלאַ האָט געעפנט די שאַנק, אַרויסגעוואָרפן אויף לעאָנס קני אַ פוטער־מאַנטל און זיך געשטעלט אין שפּיגל אַריין, פאַריכטן איר פריזור.

— בעלאַ, דעם מאַנטל האָסטו דיר געמאַכט אין דער מלחמה?

— יאָ, אין ליאָן האָב איך געאַרבעט ביי אַ פוריער, האָב איך מיר אין די גרעסטע צרות כאַטש אָוועקגעכאַפּט אַ מאַנטל.

— איך ווייס, אַז דו ביסט אַן אויסטויגערן.

— לעאָן, דו טוסט מיר אָן דעם מאַנטל?

— זאָפאָרט, בעלאַ!

ער איז אויפגעשפּרונגען, איר אָנגעטאָן דעם מאַנטל, אויסגענוצט אַ געלעגנהייט איר אַ גלעט צו טאָן דעם ביוסט און דערפאַר באַצאָלט מיט אַ קאָמפּלימענט:

— דו ביסט עלעגאַנט, בעלאַ!

זיי זענען אוועק אין סינעמא. זיך באקוועם געמאכט אין דער לאזשע.

— טו דיר אויס דעם מאנטל, בעלא!

— דער זאל איז נישט געהייצט.

אנטציקטע פון די ארטיסטן און נאך מער פון זיך אליין, זענען זיי געזעסן אין דער לאזשע ארומגענומען. לעאן האט געקושט אירע צעפלאמטע באקן. זי האט יעדעס מאל אויף אים געווארפן א בליק, ווי געזאגט:

— אפשר וועט דערפון עפעס ווערן?...

ארויסגעקומען פון סינעמא, האט זיך א דריבנע שנייעלע גע־קרייזלט אין דער לופט. אין דער הויך זענען די פליטער לעך געווען נאטירלעך — ווייס ווי שניי. נאר די פליטערלעך, וואס האבן געטאנצט ארום מענטשן־קעפ, זענען שוין געווען געקינצלטע, ווייל עלעקטרישע רעקלאמע־ליכטער, האבן זיי באצויגן מיט קאלירטע פארעלעך. לעאן האט בעלאן דערלאנגט די האנט צום געזעגענען.

— איך דאנק דיר זייער בעלא, פאר דיין אויפנאמע!

— און איך דאנק דיר לעאן, פארן פילם.

אבער בעלא האט לעאנס ווארעמע האנט אזוי שנעל נישט גע־קענט ארויסלאזן. אירע אויגן האבן זיך מיט א פארבארגענער בענקשאפט אנגעהאנגען אין לעאנס שמייכל.

— וווּ גייסטו איצט, לעאן?

— כ׳וויל זיך ארייכאפן אין א קאפע מאכן א דרעדל.

— לעאן, לאז דיך נישט אריין אין קארטן! קענסט דאך נאך ארויפגיין צו מיר.

— אויב דו ווילסט?

— דו ווייסט דאך, אז מיט דיר איז מיר היימלעכער.

זיי זענען ווידער אוועק צו בעלאן. צוזאמען געגעסן אונטער־ברויט, אויסגעהערט דעם גאנצן קאנצערט פון ראדיא, ביז דער זייגער האט געשלאגן צוועלף. לעאן האט זיך אויפגעשטעלט. דער ווינט האט געריסן דאס פענצטער, פויקנדיק מיט הארטע שניי־ארבעסלעך אין שויב אריין.

— ביסט א מבין אויף דעם וועטער, לעאן?...

— וואס מיינסטו, ס׳גלוסט מיך אהיימצוגיין?...

— נו גוט!... — האט בעלא ארויסגעלאכט — מער פעלט

מיר נישט, נאָר מיינע שכנות זאָלן זיך דערוויסן, אַז כ'האָב מיר דאָ אַריינגענומען אַ מאַן.

— אַזוי... — האָט לעאָן געטראַכט — אויב דיר גייט נאָר בלויז אין די שכנות, בלייב איך טאַקע נעבעכיקן.

— בעלאַ! — האָט לעאָן זי פעסט איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס — איך שווער דיר, אַז ווי נאָר ס'וועט אָנהייבן טאָגן...

זי האָט זיין האַלדז אַרומגעריפּט מיט אירע הענט.

— האָסט מיך ליב, לעאָן?...

— און אומגעפרעגט זעסטו נישט?

זי האָט צופרידן געשמייכלט... דערנאָך אַרויסגעלאַכט... דאָס געלעכטערל איז אַרויסגעקומען פון איר האַלדז אַ געקינצלטס... דער צווייפל צי לעאָן מיינט דאָס ערנסט, האָט איר געלעכטער גע־האַמעוועט...

זי האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז איר איז שוין נמאס צו זיין אַליין. דער פאַרלאַנג צו ווערן אַ ביסל געצערטלט פון אַ מאַן, איז ביי איר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ליידנשאַפט, וואָס האָט זי נער־וועז געמאַכט לויפן איבערן צימער. לעאָנס אויגן האָבן איר נאָכ־געוואָרפן שטיקער פייער.

יאָ, גערן. נישט גערן איז זי צוגעגאַנגען צום בעט און אַראָפּ־געשלעפּט די קאָלדרע, כמעט מיט מעכאַנישע פינגער... זי האָט לאַנג, לאַנג, אויסגעקלאַפּט די קישנס...

לעאָן איז געבליבן שטיין ביים ראַנד פון בעט אַ געשפּאַנטער... זיין בליק האָט געבלאָנדזשעט, דאָ אויף בעלאַן, דאָ אויף דער וואַנט...

פּלוצלונג האָבן זיך זיינע אויגן אויפגעריסן... אויף דער וואַנט האָט געהאָנגען אַ גרויס פּאָרטרעט פון זשאַק ראָזענבלום, בעלאַס מאַן און זיין יוגנט־קאָלעגע.

זשאַק ראָזענבלום'ס אויגן האָבן געלאַכט אויף דעם פּאָרטרעט, אויסגעדריקט גליק און צופרידנהייט. איצט אָבער, האָבן זיי אויף אים געקוקט טרויעריקע און מיט פאָרוואורף... און וואָס מער לעאָן קוקט, אַלץ טיפער קריכן די אויגן פון זיין טויטן פריינט אים אין דער נשמה אַריין...

— בעלאַ, איך האָב צו דיר אַ ביטע! — האָט לעאָנס שטימע געציטערט.

— וואָס איז, לעאָן?

— דו זעסט דאָ דעם פּאָרטרעט פֿון זשאַקן?

— מאָ איז וואָס?

— נעם אים אראָפּ!

— ביסט נישט אַמאָל משוגע געוואָרן, לעאָן?

— טו מיר צוליב, בעלאַ, אַז נישט מוז איך אַוועקגיין.

זי האָט זיך שווער אַנידערגעזעצט אויפֿן בעט אַ שטומע... איינציקווייז, האָט זיך איר מוח אויסגעניכטערט.

— איך ווייס דאָך, אַז עס וועט כּוזן קומען דערצו. יעדער מאַן וועט דאָס פֿאָדערן.

מיט אַ צאַרטקייט איז לעאָן צוגעגאַנגען צו איר, אַ ווייכן גלעט געטאָן איר זיידענעם קאָפּ האָר.

— איך פֿאַרשטיי בעלאַ אַז ס'איז דיר שווער. איך וועל דאָס מאַכן.

מיט פֿאַרמאַכטע אויגן האָט זי געזען, ווי לעאָן נעמט אַראָפּ איר מאַנס פּאָרטרעט...

— ווו זאָל איך אים שטעלן, בעלאַ?

— ווו? ווו? — האָט זי זיך אַליין איבערגעפֿרעגט צעטומלט.

— שטעל אים אַריין... לינקס אין דעם שטיבל פֿון אַלטוואַרג. מאַך ליכטיק, וועסטו זען אַ פּאָליצע.

לעאָן איז צוריקגעקומען אַ באַרואיקטער, נאָר בע.א'ס אומרו איז געוועזן גרעסער, טיפֿער אין איר געמיט...

פֿון דעמאָלט אָן איז שוין לעאָן כּסדר געקומען נעכטיקן צו בעלאַן. זי האָט טיף געגלויבט, אַז אַ ליאַדע טאָג, וועט לעאָן פֿאַרלאָזן זיין האָטעל־צימער און זיך אינגאַנצן אַריבערציען צו איר אין דער וווינונג. אָבער מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער איז געשען עפּעס אַנדערש. בעלאַ איז צופֿעליק פֿאַרביי די גרויסע בולוואַרן און באַמערקט לעאָנען שפּאַצירן מיט אַ קאָקעטיש דאַמעלע, וואָס איז געווען פֿיל יינגער און שענער פֿון איר. און, אַז זי האָט אים דאָס פֿאַרגעוואָרפֿן, האָט ער אינגאַנצן אויפֿגעהערט קומען צו איר.

איז בעלאַ ווידער געבליבן אַליין. זיך אַרומגעדרייט אין איר גרויסער וווינונג מיט אַ בענקשאַפֿט נאָך לעאָנען. זי האָט זיך דאָך שוין געהאַט צוגעוווינט צו אים, ווי צו אַ מאַן...

איינמאָל אין אַן אָוונט, פֿון שבת אויף זונטיק, איז זי אַריינגעגאַנגען אין איר פֿינצטערן צימערל נעמען די פּאָדלאָגע־באַרשט. אַ נערוועזע האָט זי אַ קלאַפּ געטאָן מיט איר טיר. אַ קוויטש

האָט זיך אַריינגעריסן אין דער פינצטערער לופט. בעלאַן איז עפּעס א קעגנשטאַנד אַרויפגעשפּרונגען אויפן קאָפּ... און איר אַ פּעסטן קלאַפּ געטאָן... און באַלד נאָכדעם איז אַ גלעזערנע זאַך אַראָפּגע־פאַלן אויפן באָדן מיט אַ בראַזג זיך צעקרישלט ביי אירע פיס... איר מאַנס פּאָרטרעט.

זי וויל אויפהויבן דעם פּאָרטרעט, נאָר זי קען נישט. אין אירע אויערן רוישט... רוישט... איר דאַכט זיך, זי הערט וועמען קלינגען ביים טיר־גלעקל... און ווען זי גייט אַרויס פון פינצטערן צימערל, ווייזט זיך איר אויס, אַז איר מאַנס פּאָרטרעט גייט איר נאָך...

פּאַריז, אויגוסט 1946.



# פּאַרקויפּט

**א**ין אַ שיינעם זוניקן נאָכמיטאָג, איז דער בולוואַר דע סעבאַסטאָפּאָל פאַרפלייצט געוואָרן פון הונדערטער קונסט־בילדער — אויסגעשטעלט פון פּאַריזער מאַלער.

מאָלער, וואָס די געטן פון קונסט האָט באַוויזן'ט. געשאָנקען טאַלענט מיט אַ קאַרגער האַנט. דעריבער זענען פאַר זיי פאַרמאַכט די הערלעכע סאַלאָנען, וווּ קונסט ווערט באַווונדערט, אָפּגעשאַצט, געפּרייזט און זיי מוזן אָנקומען צום בולוואַר.

באָדט זיך דער בולוואַר דע סעבאַסטאָפּאָל אין פאַרבן, אין מאָלערישע „וויזיעס“, אין „שטיל־לעבענס“, אין וואַזאָנען פאַרשידנפאַרביקע בלומען. אין פאַרשידנקאָליריקע פרוכטן, פון וועלכע עס שלאָגט אַ וווּנדערלעך פאַרבן־שפּיל, אין פאַרשידנראַסיקע הינט, אין קעפּ פון פערד, אין אומשולדיקע מאַדאָנעס מיט דיאַדעמעס אויף די קעפּ, אין נאַקעטע פרויען, וואָס ליגן אויף קאַנאַפּעס אין פאַרשידנאַרטיקע פּאָזעס קעגנאיבער שפּיגלען, וועמענס באַזילבערטער אויבערפלאַך, דערגענצט די פאַרבאָרגענע נאַקעטקייט, וואָס דער פאָדערגרונט האָט באַהאַלטן...

יעדער מאָלער באַווייזט דאָ אויף די לייוונטן, אויסער זיין טאַלענט אויך זיין קאָלאָריט. איינער אַ באַלעבטן, דער צווייטער — אַ מאַטן. איינער האָט אַ שוואַכקייט צו פּראָסטע טיפּן, ווייזט ער פּויערים אין פאַרשידענע פּאָזעס פון זייער לעבן; ווייזט ער אַ „קלאָשאַר“ שלאָפּן אויף אַ שוועל, ביי זיינע פיס — אַ פלעשל רויטוויין, אַ רעפטל פאַרבלאָטיקט ברויט; אויף איינעם פון זיינע צעריסענע שיך שפּילט זיך אַ פייגעלע... אַ צווייטער האָט אַ שוואַכקייט צו איידעלע טיפּן, מאָלט ער פּאָרטרעטן פון וויסנשאַפטלער. ווייסע לאָקן אויף שוואַרצע בגדים, קאַרבירטע הויכע שטערנס, אין וועמענס שטריכן ס'איז איינגעקריצט אַ געניאַלער געדאַנק, וואָס וועט די וועלט גליקלעך אָדער אומגליקלעך מאַכן... אַנדערע באַווייזן

זייער אופן פון קאָמפּאָזיציע, זייערע אויספירונגען, זייער פאַרבן־פאַרשטענדעניש, זייער מאָדעלירן, זייער טאָן.

ווי אַלעמאָל, איז מיר אויך היינט מער אינטערעסאַנט די מייסטער, ווי די ווערק זייערע.

די גרעסטע טייל מאָלער זענען בלייבע, איידעלע טיפּן, לאַנג־האָריקע, שוואַרצשלייפלדיקע, טראָגן ברייטראַנדיקע שוואַרצע היטן, בערדלעך, ווי שוואַרצע רונדיקע רעמלעך צום אָוואַל פון זייערע מאַטע פּנימער. אין זייערע אויגן — שלאָפלאָזע נעכט... אין זייערע ביינער — הונגעריקע יאָרן... אין זייערע ליפּן — פאָרוואורף... אין זייער שמייכל — איראָניע איבער זייער גורל... אין זייער העפלעכקייט — אַ געקרענקטקייט פון איינעם, וואָס וויל אוועקגעבן בלוט פאַר קראַנקע און מ׳וויל עס נישט אַקצעפּטירן...

די מייסטער זיצן אויף בענקלעך מיט די לולקעס אין די מיילער און שווייגן... טויזנטער מענטשן שטראָמען פאַרביי זייערע אויסגעשטעלטע לייוונטן. אַדורכלויפנדיק, נעמט יעדער איינער מיט אין זיין בליק, אַ שטיק צויבער פון די פאַרבן, וואָס ווערט באַלד פאַרגעסן. שטעלט זיך אַ פּאָרל אָפּ באַטראַכטן די בילדער, גיט זיך דער מייסטער אַ באַוועג... אין זיינע אויגן באַווייזט זיך אַן אָפּשיין פון אַ האָפענונג: אפשר וועלן זיי כאָטש פרעגן דעם פּרייז?... און ווען דאָס פּאָרל גייט אַוועק גלייכגילטיק, רעדט דער מאָלער קיין וואָרט נישט אַרויס; זיינע אויגן ווערן נאָר טונקעלער... ער קלאַפּט אויס זיין אויסגעלאָשענע לולקע, פילט זי אָן מיט טאַבאַק און צינדט אין איר אָן אַ נייע נשמה...

ביי איין מאָלער־ביידל איז שוואַרץ פון מענטשן. איך שטופּ מיך צו מיט אַלע כוחות. ס׳ערשטע כאַפּ איך אַ בליק אויפן מייסטער. ער איז אַן יונגער סימפּאַטישער ברונעט אין אַ שוואַרצער סאַמעט־בלוזע, פיל צו ברייט פאַר זיין אויסגעדאַרטן גוף. ער זיצט מיט באָרוועסע פיס אין אַ פּאָר סאַנדאַלן, רויכערט ווי יעדער איינער זיין לולקע, דאָס זעלבע שווייגן, וואָס ביי אַנדערע קאָלעגן, פאַרשליסט זיינע ליפּן...

זענען באמת זיינע בילדער דער אָביעקט פון זיין דערפאָלג? — פרעג איך זיך אליין.

דריי ווענט מיט גרויסע פּאָרטרעטן פון נאַקעטע פרויען הענגען דאָ אין באַגילדעטע ראַמען. די פרויען־נאַקעטקייט איז שטאַרק ענלעך צו אַלע נאַקעטקייטן פון זיינע קאָלעגן.

— איז ער מער מייסטער ? באַזיצן זיינע פּרויען די גרויסקייט אָדער ענלעכקייט פון אַ דענער, אָדער אַ וואַן דייק ? — פרעג איך זיך איראָניש — און ווען יאָ, פארשטייט זיך אויף די גרויסקייט די מאַסע ?

און אָט באַלד האָב איך געלעזן דעם רעטעניש, פאַרוואָס די מאַסע שטופּט זיך צו זיינע פּאָרטרעטן. אין איינעם פון זיינע בילדער האָט דער מייסטער אַריינגעשטעלט אַ צעטעלע : „פאַר־קויפט !...“

דאָס אויג פון דער מאַסע האָט פאַר אַלעם דערזען דאָס וואָרט „פאַרקויפט“ און זיי צוגעשמידט צום מאָלערס געצעלט.

מיטאַמאָל איז פון אַ זייטיק געסל אַרויסגעקומען אַ לעבעדיקער פּאָרטרעט. נישט אַראָפּגעגאַנגען פון קיינעמס הייליקע לייוונט, נאָר אַרויסגעקומען פון אַ ביליקן האָטעל. דער פּאָרטרעט איז געווען יונג, שלאַנק, דאָס פּנים — בראָנז. צוויי שוואַרצע גרויסע לאַבעדיקע אויגן, אַ קליין מויל, אין וועלכן ווייס, בלאַנקנדיקע ציינער האָבן מיט אַ לעבנס־לוסט געביסן אַ רויזן־בלעטל — די אונטערשטע דינע ליפּ. דער פּאָרטרעט האָט געטראָגן אַ באָרדאָ־אויסגעפּאַסטן קאָ־סטיום. אַ ווייסע ריפּסענע בלוזע מיט אַ מענער־קאָלנער, אין קראַ־וואַט — אַ פּערל, אַ טונקל־באָרדאָ מענער־הוט, פון וועמענס ראַנד ס'האָט זיך אַראָפּגעוויקלט אַ געפלאָכטענע שנור, אויסגעבונדן ווי אַ שמעטערלינג, וואָלט געשוועבט אויפן פּאָרטרעטס לינקער אַקסל.

צווישן די מענער איז געוואָרן אַ באַוועגונג... דאָס מיידל איז געגאַנגען מיט לאַנגזאַמע טריט און געוואָרפן שמייכלען אויף רעכטס און לינקס, ווי איינע וואַרפט בלומען אויף רעקלאַמע...

דער גאַנצער בולוואַר איז געשטאַנען ווי פאַרכישופט, אַנט־ציקט, פאַר דעם פרעכטיקן פּאָרטרעט, אָבער קיינער האָט נאָך נישט געוואַגט צו גיין צו איר באַרירן איר אומשולדיקן כמעט קינדערישן שמייכל...

ערשט, ווען דאָס מיידל האָט זיך אָפּגעשטעלט אין גאַנג, אַרויסגענומען אַ סיגאַרעט פון אַ זילבערנער סיגאַרעטניצע און פאַרוויכערט מיט אַ מענערישן מאַניער, האָט זיך אַ יונגערמאַן איינגעשטעלט, צוגעגאַנגען צום מיידל, זיך עלעגאַנט פאַרנייגט און געפרעגט :

— קען איך אייך באַגלייטן, מאַדעמואַזעל ?...

— אויב איר זענט איינשטימיק אויף מיין פּרייז. — האָט

דאָס מיידל גלייכגילטיק געזאָגט. דעם יונגן־מאַן געשענקט אַ פּרעך שמייכעלע, איינגעהילט אין אַ בלוי־וואָלקנדל רויך.

— גוט! — האָט דער יונגער־מאַן געזאָגט און אָנגענומען דעם פּאָרטרעט ביי דער האַנט.

פון אַלע זייטע האָבן זיך שוין אונטערגערוקט יינגערע און עלטערע מענער און אָנגעהייבן רייסן דעם פּאָרטרעט ביי דער האַנט.

— פאַרקויפט! — האָט דאָס מיידל געלאַכט און פאַרשווונדן מיט איר ערשטן גאַסט. די איבעריקע זענען איר נאָכגעלאָפן.

דאָס וואָרט „פאַרקויפט" אויפן מאָלערס פּאָרטרעט, איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ נישט־באַרירטעס און אָפּגענאַרט דעם צושויער און דעם מייסטער...

פּאַריז, סעפּטעמבער 1946.



# אין די אַלפּן־בערג

איך בין געקומען פון דער רוישיקער שטאָט פּאַריז — אין די אַלפּן־בערג אָפּרוען מיין מידן קאָפּ, וועלכער האָט מלחמה־צייט אַזוי פיל איבערגעלעבט, אַז טיילמאָל דאַכט זיך מיר, כ׳טראָג אויף מיינע פּלייצעס אַ פלאַמענדיקן גיהנום...

באַלד אינדערפרי, ווי נאָר די זון האָט אָנגעהייבן באַגילדן די טונקל־גרויע בערג, האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט פון מיין „שאַטאָ" אין פּאַרק אַריין. איך האָב אָנגעהייבן שפּאַצירן אין די שטילע שאָטנדיקע אַלייען. אויפגעבלעטערט אַבוך, געוואָלט איינזאַפּן די פּרעכטיקע שילדערונגען פון מאַקסים גאָרקיס „וידוי", נאָר די נאַטור האָט מיך נישט צו רו געלאָזט. די אַקאַציעס האָבן שטיל געפּליסטערט. דער גאַנצער פּאַרק איז פול געווען מיט פויגל געצוויטשער. די ניס־ביימלעך צעשויבערט פון ווינט האָבן געוואָרפן ניס פאַר מיינע פיס. די טוליפּאַנען האָבן געפינקלט מיט אַ זוניק ליכט. די קוקורוזע־זאַנגען האָבן זיך באַוועגן, ווי מענטשלעכע טריט וואָלטן זיך אַהערגעשאַרט צו מיר. די גרינע און טונקל־רויטע ווייַנטרויבן האָבן ווי גלעקלעך זיך גערירט אויף די בייטן. די ריזיקע בערג, וואָס האָבן זיך, ווי פאַרשידנפאַרביקע וואָלקן־קראַצערס אַריינגעשטאָכן אין הימלישן צאַרטן פּרימאָרגן־בלוי, אין הימלישן לירישן פּרימאָרגן־ראָז, זענען געווען פאַרצויגן מיט אַ בלאַס־בלויען נעפּל, דורך וועלכן די בערג באַדעקט מיט אַ ווייכן סאַמעטענעם גריז, ווי אויף שטיין וואָלט געווען געריסעוועט ליגנדיקע וועלדער, האָבן ווי דורך אַ דינער פאָרהאַנג אַדורכגעשפּיגלט זייערע שאַרפע קאָנטורן, זיגזאַגישע ליניעס, שפּיצן, רונדיקייטן און אַלע פאָרמען צוזאַמען האָבן זיך פאַראייניקט מיט די הימלישע וואָלקן־בערג, אויסגעמישט זיך, ווי זיי וואָלטן געווען איין שטיק מאַטעריע.

אָנגעזאַפּט זיך אַ ביסל מיט נאַטור־שיינקייט, בין איך אַרויס אין דערפל. עס איז שטיל אין אַלע דאָרפישע געסלעך. ערגעץ־ווו שלאָגט

א וואַנט־זייגער אויס די שעה, קען מען ציילן יעדן קלאַנג, ווי מען וואָלט מטבעות אויסגעציילט אויף א טיש. א פּויער אין אן אַלטמאָדישן שטרויענעם הוט, פּירט אויף אן אַלטן וואָגן אן אקער. אין וואָגן זע־נען איינגעשפּאַנט צוויי אָקסן. דער פּויער ווי די אָקסן שפּאַנען מיט לאַנגזאַמע טריט, אַזוי לאַנגזאַם, ווי יעדער טראָט וואָלט געווען אויס־געערעכנט. אויפן וואָגן זיצט א בראָנזן מיידל אין א פאַרביק קאָפּ־טיכל, זעט זי פאַר די אויגן נישט מער ווי די אָקסן, וועמענס פעל זי באַ־רירט פון צייט צו צייט מיט א דין ריטל. פון א הויף קרייעט אַרויס א האָן. אן אַלטע פּויערטע פּירט עטלעכע קאָזעס אויף דער פּאַשע. א גרופּע ספּאָרטלער יינגלעך און מיידלעך, פּאָרן אויף ראָווערן, לאָזן פאַלן א פרעכן אויסדרוק און פאַרשווינדן. פאַרשידנפאַרביקע לוק־סוס־אויטאָמאָבילן שוועבן אהין און צוריק. זייערע סיגנאַלן וואַרפן אריין אין דערפל א שטאָטישן טאָן, וועלכער וועפּט אויס אין דער לופט, ווי דער ריח פון די דאָרפישע בלומען וועפּט אויס אין שטאָט.

נאָכמיטאָג האָב איך אויפן שאָסיי באַגעגנט א גרופּע טוריסטן. די פּנימער זייערע — אָפּגעבראָנזט פון דער זון. אויף די פּלייצעס — שווערע רוקזעק. אויף די פיס — שווערע געריפּטע שיך פאַר בערג־קלעטערער. אין די הענט — העקלעך מיט שאַרפע שפּיצן. זיי זענען געגאַנגען איבערן שאָסיי זינגנדיקע. זייערע רויטע שאַלן האָבן געפּלאַטערט אויף זייערע אַקסלען. דער שוויס האָט זיך געשנירלט איבער זייערע פּנימער. זיי האָבן מיך גאָר פריינטלעך באַגריסט.

— אן עקסקורסיע אין די בערג מ׳סיע דאָס?

— מיר האָבן א „ראַנדע־ווו” מיט די מיידלעך. — לאַכט א בלאָנדער יונג מיט א טאָפּלטן פּאָדערצאָן.

— איך וואָלט אויך געוואָלט באַקענען די בערג, נאָר כ׳וויים נישט דעם וועג.

— טאָ קומט מיט אונדז!

— אָבער אייערע שיך זענען דאָך גוט אין א טאַנץ־זאַל. — לאַכט א מיידל מיט א העפט אויף דער לינקער באַק.

— מיר וועלן אייך שוין העלפן — ענטפערט א יונג מיט א טשופּרינע, ווי אן עק פון א געל הענדל.

אָפּגעגאַנגען עטלעכע שמאָלינקע געסלעך, שטילינקע, באַבוימערטע, מער בוימער ווי הייזער. אדורכגעשניטן א בריקל, א זאַמדיקער וואַ־סער־פאַס, געקומען פון די בערג, פליסט באַרג אַראָפּ, שרייט מיט וואַסערדיקע קולות. עס דאַכט זיך — דער וואַסער־פאַס לויפט

אונדז נאָך.

אין א ווײַלע ארום קלעטערן מיר שוין אויף די בערג. א מיידל האָט מיר אויסגעבאָרגט א שטיקל הענטל פון איר העקל, קלעטערן מיר צוזאַמען; טוישן זיך אוים מיט א בליק, מיט א שווערן אָטעם-הויך, מיט א שמייכל און מיר קלעטערן, שטייגן, באַרג־אַרויף, באַרג־ארויף. די היץ גליט אין די ביינער. עס דאכט זיך, אַז כוואַליעס פייער שפּרינגען איבער אונדז. מיר רוען אָפּ אין א חן־גריבל פון די בערג. וואַשן זיך די פאַרשוויצטע פּנימער אין די וואסער־לי־ניעס, וואָס פליסן פון בערגישע רערלעך. נאָך איבער א שעה גע-מאַטערטן גאַנג, שטיי איך אַ דערהויבענער פון דער ערד מיט גאַנ־צע צוויי טויזנט מעטער. איך כאַפּ דעם ערשטן בליק אראָפּ אויף די צעוואַקסענע דערפלעך, וואָס ליגן צונויסנס און אין פאַלדן פון די בערג, הייבט מיר אָן שווינדלען פאַר די אויגן... דער טייך „איזער" ליגט ווי א שפּיגל איינגערעמט אין א גרין פּליושענער ראם און די זון האָט דאָרט ליגן איר שאָטן. די הייזקעלעך קליינע, ווי קינדער שפּיל־צייג. אַז איך באַטראַכט ווי ווייט איך בין פון דעם אַלעם דערהויבן, ברעכן זיך מיר קניען אונטער פאַר שרעק. מיר דאכט זיך, אָט־אָט זינקט איך אריין אין א שווארצן תהום...

די טוריסטן גייען פון מיר אוועק, ווי מענטשן וואָס האָבן אין שטאָט איינעם אָנגעוויזן א גאס און שפּאַנען ווייטער. איך שריי זיי נאָך: „מערסי מ׳סיע דאַם!" און הייב אָן צווייפלען, צי זיי האָבן מיר געטאָן א טובה. ווי א פאַרבלאָנדזשעטער בלייב איך שטיין, ווייס נישט וויהין צו שטעלן דעם ערשטן טראָט.

אַז די ערשטע איבערגעלעבטע שרעק איז אוועק, האָב איך אָנגע-הייבן אַרומקלעטערן ווי אַ באַרג־איינוווינער. אויפגעהויבן אַ סענ־קעוואַטן שטעקן און געגומען אַרומשפּאַנען, ווי איין איינציקער מענטש אויף אַן אינזל.

— צו וואָס בין איך דאָ אייגנטלעך ארויפגעקומען? — האָב איך זיך אַליין געפרעגט.

איך הייב אָן שפּאַצירן אויף שמאָלינקע געשלענגלטע סטעזשקעס. איך קוק זיך אום, צי כ׳וועל טרעפן דעם וועג צוריק... איך באַמערק א שיטערן וואַלד, גיסט זיך ווי אַ גרינער וואַסער־פאַס באַרג אַראָפּ אין די שאָטנדיקע טאָלן אריין.

באַרג אראָפּ אין די שאָטנדיקע טאָלן אריין.

איך בלייב שטיין ביי א געביידע אויסגעהאַקט פון שטיין.

די געביידע פאַרמאָגט פאַרמען פון פענצטער און טירן. פאַרמאָגט א דאך מיט מייסטערהאַפטע קופאָלן, קאַרניזן, און טורעמלעך; דערמאָנט אין א קלויסטער אין ביזאַנטישן סטיל, וואָס דער גרעסטער מייסטער פון אַלע צייטן האָט אויסגעסקולפּטירט — די נאַטור אַליין.

איך שטיי לאַנג און באַוואונדער די דאָזיקע געביידע. מיר דאַכט זיך, אז אינעווייניק אין איר פאַרמאַכטקייט איז עפּעס פאַראַן... אויב גאָרנישט, איז פאַראַן א נאַטור־וואונדער, א נאַטור־סוד אין יעדן שפּאַלט פון שטיין. באַגילדעט פון דער זון באַקומט די געביידע אַן אויסזען פון א פאַנטאַסטישן שלאָס צוזאַמענגעשטעלט פון קאָלירטע וואונדער־שטיינער.

נאָך שעהן ארומבלאָנדזשען, האָב איך געפונען א דאָרפיש כאַטקעלע. א רויטער דאך, ווייסע ווענט, גרינע פענצטער. דאָס כאַטקעלע ארומגעצוימט מיט א גערטנדל, האָט דערמאָנט אין דער נידערוועלט. פאר דער טיר אויף א באַנק — א געפלעכט פון צווייגן, איז געזעסן אַן אַלטע פויערטע. איר פּרימיטיוו פּנים צעאַקערט פון טיפע קנייטשן, האָט א קופּקע פון ווייסע האָר ארומגעקראַנצט. זי האָט געשטריקט א סוועטער. ווען זי האָט אָפּגעשטעלט אירע הענט, זיך פאַרטראַכט מיטן פאַרמעטן פּנים צו דער זון, האָט זי אויסגעזען ווי א רעמבראַנדט־פּאָרטרעט אין א גאָרטן.

ביי מיין אָנקומען זענען אירע אויסגעלאָשענע אויגן אָנגעצונדן געוואָרן. אירע פאַרוועלקטע ליפּן האָבן ארויפגעצויגן אויף זיך א פריינטלעך שמייכעלע.

— באָן זשור מ׳סיע!

איך האָב דערקענט אַן איטאַליענישן אַקצענט.

— קען איך באַקומען אַ ביסל וואַסער, מאַדאַם?

— לאָרעטאַ, ברענג אַרויס אַ קריגל, עס איז דאָ אַ גאַסט! — האָט די אַלטינקע גערופן.

מיין האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט...

אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן א יונג, באָרוועס מיידל. אירע רויטע האָר ווי פייערדיקע כוואַליעס, געלאָקטע, האָבן זיך געגאָסן איבער אירע רונדיקע אַקסלען. אירע גרויסע אויגן פון אַן אָריגינעלן גרין, האָבן מיך אָנגעקוקט מיט נייגעריקייט. אירע באַגילדעטע רייפן אין די אויערן האָבן זיך לייכט געוויגט, ווי נאָך אַן אינערלעכן ציטער... אויף איר האַלדז אַ שוואַרצע שנור הילצערנע קרעלן. איר אויסדרוק — טיפער טרויער, דערהויבענע בענקשאַפט.

דאָס מיידל איז צוגעקומען צו אַ שטיין, וואָס האָט געפלאַמט מיט וואסער, אָנגעפילט דאָס קריגל ביז צום ראנד און מיר דערלאַנגט מיט אַ שמייכל. איך האָב געדאַנקט, דאָס מיידל איז פאַרשוווּנדן, דעם קלאַנג פון איר שטימע האָב איך נישט געהערט.

— אייער איינִיקל מאַדאַם?

— געוויס נישט קיין טאָכטער.

— אַן אלמנה?

די אַלטינקע האָט אַ זיפץ געטאָן, אָפּגעשטעלט אירע הענט.

— מער ווי אַן אלמנה. איר חתן אַ יונגער מאָלער פון גרענאָבל, איז דאָ אַראָפּגעפאַלן פון די בערג. פאַר ליבע איז ער אומגעקומען...

— פאַר ליבע?

— יאָ, פאַר ליבע. יעדן טאָג זי געקומען זען. איינמאָל ביים אַראָפּשטייגן, האָט ער געהאַלטן דעם קאָפּ אויסגעדרייט צו איר און מיט די הענט געשיקט לופט־קושן. ער האָט זיך מיט איר נישט געקענט שיידן און דער פאָטער האָט זי נישט געלאָזט מיטפאָרן אין דער שטאָט אריין. נו, האָט זיך דער טייוול אריינגעמישט אין זייער ליבע. אינמיטן שיקן לופט־קושן זיין געליבטע, האָט ער אים אַראָפּגע־שליידערט אין תהום אריין... מיינע אויגן זאָלן אזעלכע סצענעס נישט מער זען! ווען כ׳דערמאָן זיך די סצענע, ווי זי האָט געקושט זיינע טויטע ליפּן...

— אין עטלעכע זאצן האָט מיר די אַלטינקע דערציילט אַ ווערק — האָב איך געטראכט. איך האָב געקוקט צו דער שוועל, אז דאָס מיידל זאָל זיך באַווייזן. כ׳האָב נאָכאַמאָל געוואָלט זען אירע פאַר־בענקטע אויגן... איך האָב אונגעדולדיק געוואַרט און זי מער נישט געזען.

איך בין געבליבן זיצן אַ שטומער אויף אַ שטיין. באַמערקט די מערב בערג אָנגעצונדן מיט אַ גליענדיקער רויטקייט. דער שניי אויף די בערג־קעפּ איז געווען רויטלעך. אַ ווייסער שמאָלער וואָלקן באַ־גאָסן מיט שקיעה־פלאַמען, איז ווי אַ קאָלירטע שלאַנג אריינגעקראָכן, זיך אריינגעוויקלט אין די סאַמעטענע בערג־פאַלדן. דאָס נאַטור־בילד האָט זיך לאַנג געלאָזט באַוווּנדערן.

דער זון־אונטערגאַנג האָט אנגעצונדן די בערג, דער אַלטינקעס דערציילונג האָט אָנגעצונדן מיין פאַנטאזיע. די זון איז פאַרגאַנגען; די דערציילונג איז געבליבן אין מיין געמיט...

פּאַריז, אָקטאָבער 1946.

# אַ פּאַלש לעבּן

נ אַכמיטאָג אין מאַי.

דער פּרעכטיקער לוקסעמבורגער גאָרטן איז איינגעהילט אין זוניקייט. שמעקט מיט בלומען־ריחות. איז דעקאָרירט מיט פּיין פאַרשווירענעביימלעך. טרילעט מיט זיסן פויגלישן געטשעטשער. פלאַטערט מיט פאַרביקע טויבן־פליגל. לאַכט מיט קינדערישע שטימעלעך. סודעט זיך מיט מיילער פון יונגע פאַרליבטע פּאָר־לעך. שפּריצט מיט פאָנטאַנען. רוישט מיט אָנקומענדיקע און אָוועקגייענדיקע שפּאַצירער, וועלכע לאָזן זיך אריין און ארויס פון די שטילע שאָטנדיקע אַלייען.

אויף אַ באַנק, קעגנאיבער דעם זשאָרזש־זאַנד מאָנומענט זיצט אַ פרוי אין די דרייסיקער יאָרן און שטריקט אַ סוועטער. דאָס איז אַ שלאַנקע בלאָנדינקע מיט שטראַלנדיקע גרויסע אויגן פון אַ טונקעלן אָריגינעלן בלוי. אויף איר קאָפּ — אַ ברייט שטיק גרין באַנד פאַרבונדן מיט אַ שלייפל, וואָס רייפט ארום איר קאָפּ, ווי אַ קאַפּעלושל. איר ווייס קליידל מיט געמאָלענע וויינטרויבן פאַרמאָגט קורצע פליסירטע ארבל, ווי צוויי צעעפנטע פעכערס איבער אירע נאַקעטע בראָנזענע אָרעמס. אירע פיס אין אַ פּאָר ווייסע זומער־שיכלעך מיט גרינע פּאַספּאָלן האַלט זי אויסגעצויגן און יונגע סטודענטלעך גייען עקסטרע אריבער אירע פיס, כדי איר צו קענען זאָגן: פּאַרדאָן!

דאָס איז אַ פרוי פון אַ מאַן, וואָס פאַרזאָרגט זי מיט כל־טוב, נאָר זי איז נישט זאַט פון זיין ליבע...

די פרוי שטעלט אויף אַ ווײַלע אָפּ אירע הענט פון שטריקן. קוקט נערוועז אויף איר האַנט־זייגערל:

— ער איז נאָך נישט דאָ?...

אויפן קאָפּ פון זשאָרש־זאַנד מאָנומענט איז אָנגעפלויגן אַ ווייסע טויב. די פרוי פאַרקוקט זיך אויף די טויב. הערט זי

וואָרקעז, זעט זי זוכן קערנדלעך אין די פּאָלדן פון זשאָרזש־זאַנדס שטיינערנע לאָקן.

— אַ ווייסע טויב איז אַלעמאָל אַ סימן פון מזל... — טראַכט די פרוי און קוקט מיט בענקשאַפט צי איר געליבטער קומט נישט אָן.

זי נעמט ווייטער שטריקן דעם סוועטער פאַר איר מאַן, נאָר זי וועבט אין אים אַריין די בענקשאַפט צו אַ צווייטן...

אָט קומט דער „ער" נאָך וועמען זי בענקט. ער איז אַ באַ־חנטער ברונעט, אין אַ העלן אַנצוג, אין אַ פּאָר ווייסע שיך, אין אַ גראַנאַט זיידן העמדל מיט אַ רויט שלייפל ביים האַלדז.

די פרוי שפּרינגט אויף און לויפט אים אַנטקעגן, זייערע ליפּן באַהעפטן זיך און באַלד זיצן זיי שוין ווידער אויף דער באַנק.

— האָסט לאַנג געוואַרט, לאָלאַ ?

— פאַרוואָס האָסטו פאַרשפּעטיקט ?

— כ׳האָב אַ וועלט מיט פאָטאָגראַפיעס צו רעטושירן. דאָס מוז איך מאַכן אַליין. פאַר וועמען איז דער סוועטער, לאָלאַ ?

— פאַר מיין מאַן.

— און אויב געפעלט ער מיר ?

— באַקומט אים אויך מיין מאַן. פאַר דיר וועל איך מאַכן אַ ווייסן, נישט אַרויסצורופן קיין פאַרדאַכט...

— יאָ. האָסט מיך דערמאָנט מיט דעם וואָרט „פאַרדאַכט" אין אַ פראַגע. זאָג מיר לאָלאַ, פאַרוואָס איז דיין לעצטע איינלאַ־דונג געווען געשריבן פון דיין מאַן און נישט פון דיר ? און אויסער דעם האָב איך דיר נאָך עפּעס פאָרצוואַרפן. און פון דעם לעצטן בין איך שטאַרק באַליידיקט.

— באַליידיקט? — האָט לאָלאַ אָנגעהאַנגען אירע אויגן אויף איר ליבהאָבער. — אויב באַליידיקט וויל איך הערן, בערנאַרד !

ער האָט זיך גלייך געמאַכט דאָס שלייפל ביים האַלדז און אָנ־געהייבן :

— געדענקסט דעם פאַרלעצטן זונטיק, ווען איך בין ביי דיר געווען איינגעלאַדן, האָסטו געטראָגן אַ פּרעכטיק קלייד, אפשר לכבוד מיר ? דיין קרעמקאָלירט קלייד מיט די לילאַ בלומען האָט מיך אַזוי פאַרכאַפּט, אַז איך האָב זיך נישט געקענט באַהערשן און דיר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט אין דער אָנוועזנהייט פון דיין מאַן. נאָר דעם לעצטן זונטיק האָב איך זיך געפילט אָפּגענאַרט. אויפן

וועג גייענדיק צו דיר, האָב איך מיר אויסגעמאָלן פאַרשידענע פאַרברייכע קליידער, וואָס וועלן דאָס מאָל אַראָפּטאַנצן פון דיין קערפּער. צום סוף, איך קום אַריין שטייסטו מיט די באָרוועסע פיס אין אַ פּאָר שטוב־לעטשלעך און אויף דיין גוף — אַן אַלט שמאַטעוואַט קליידל אָן אַ באַשטימטער קאָליר. דיינע בלאָנדע האָר, וועלכע פלעגן אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק זיין אַנדערש פאַר־קעמט, זענען דאָס מאָל געווען צעלאָזן, ווי אַ צעפאַלן בינטל שטרוי. טאָ זאָג מיר לאָלאַ, דו האָסט דאָך געוווסט אַז איך קום, טאָ פאַר־וואָס האָסטו זיך אַזוי צוזאַמענגעשטעלט?

מאַדאַם לאָלאַ האָט זיך הילכיק צעלאַכט. איר ליבהאָבער אַ פּעטשל געטאָן אין באַק אַריין.

— ווי עס ווייזט אויס, בערנאַרד, ביזטו גאָרנישט אַזאַ פרויען־קענער, ווי דו רעדסט דיר איין. ווייסטו? ווייסטו? — האָט זי איר שטערן אָנגעקלאַפּט אין זיינעם — אַז דאָס שמאַטעוואַטע קליידל איז געווען אַ ליבע־דערקלערונג.

— אַ ליבע דערקלערונג? — האָט בערנאַרד אַרויסגעלאַכט

— ווי אַזוי לאָלאַ?

— טאָ הער, דו איינגערעדטער דאָן־זשואַן! דעם זעלבן אָוונט נאָך דיין באַזוך, ווען דו האָסט מיר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט, איז אָט וואָס פאָרגעקומען: מיר זענען שוין געלעגן אין בעט. דאָס לעמפּל אויפן נאַכט־טישל האָט נאָך געברענט אונטערן ציטרינאָווע שירעמל. מיין מאַן איז געלעגן און געלעזן אַ צייטונג. האָט זיך אויף מיר גאָרנישט אומגעקוקט... פּלוצלונג האָב איך אַ ברוגזע אים אָוועקגעפּאַטשט די צייטונג און געזאָגט:

— איזי, דערצייל מיר עפּעס! אַ גאַנצע וואָך ביזטו פאַר־נומען. דעם איינציקן זונטיק, וואָס דו ביזט פריי שענקסטו מיר אויך נישט קיין אויפמערקזאַמקייט...

האָט ער אָוועקגעלייגט די צייטונג, ווי אַ פאַרשולדיקט חדר־יינגל, מיך אַרומגענומען, מיר לאַנג אַריינגעקוקט אין די אויגן און נאָך אַ ווײַלע שווייגן געזאָגט:

— דו ווייסט, מיין שיינע לאָלאַ, אַז זינט היינט נאָכמיטאָג טראָג איך זיך אַרום מיט אַ חשד, אַז דער פאָטאָגראַף איז צו דיר נישט גלייכגילטיק...

— דו ביזט משוגע געוואָרן, איזי! — האָב איך אויסגעשריגן

— וואָס פאַלט דיר איין? אַ מענטש האָט פאַרלוירן אַ פרוי מיט

אַ קינד, לעבט עלנד, קומט צו אונדז אַרויף און ווילט אונדז קענסטו אויף אים אויסקלערן אַזאַ זאַך, וואָס זאָל אים דערוויטערן פון אונדז? איזי, איך גיב דיר מיין ערן־וואָרט, אַז איך לאַדן אים מער נישט איין, איך דאַרף אים נישט!...

— מיין מאַן האָט זיך אינגאַנצן באַרואיקט. אַ גאַנצע וואָך האָט ער מער דערפון נישט גערעדט. נאָר אַז עס איז געקומען פריי־טיק אָוונט האָט ער מיך געפרעגט:

— לאָלאַ, דו האָסט דיך טאַקע באַליידיקט און בערנאַרדן נישט איינגעלאַדן?

— ניין, איזי! און איך וויל אויך נישט, אַז דו זאָלסט אים איינלאַדן.

— אָבער מיר האָבן זיך דאָך שוין צו אים צוגעוווינט, לאָלאַ. אויב דו ווילסט נישט, וועל איך אים איינלאַדן. מיט אים איז מיר דער זונטיק הייִמלעכער. מיר שפּילן אַ שאַך.

— מאַך, וואָס דו ווילסט! — האָב איך בייז געענטפערט. — איצט פאַרשטייסטו שוין בערנאַרד, פאַרוואָס די איינלאַדונג פון לעצטן זונטיק איז נישט געווען מיינע, נאָר מיין מאַנס. נו, און כדי אים צו באַפרייען פון דעם חשד, האָב איך זיך מיט אַ כוונה נישט אָנגעטאָן, נישט אויפגעקעמט. אַ באַווייז, ווען דו ביזט אַוועק, איז ער געווען אַזוי גוט אויפגעלייגט, אַז צום ערשטן מאָל נאָך דער באַפרייונג, האָט ער מיך געשלעפּט צום טאַנצן. און דו, בערנאַרדל, ווען דו וואָלסט טאַקע געווען אַ פרויען־קענער, האָסטו אין מיין שמאַטעוואַטע קליידל געדאַרפט זען די שענסטע ראָזעווע פאַרבן, ווייל דאָס איז געווען מיין פאַרבאָטענע און אָנגענעמע ליבע צו דיר...

ער האָט צעביסן אַ שמייכל אין די ליפּן, דערנאָך געוואָלט אויסדריקן זיין צופרידנקייט, נאָר לאָלאַ האָט זיין מויל פאַרמאַכט מיט אירע ליפּן...

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דאָס פּאָרל אַריינגעשלייכט אין אַ שטילינק געסעלע און אַרומקוקנדיק זיך אויף רעכטס און לינקס זענען זיי געבליבן שטיין פאַר אַ האָטעל...

אַריינקומענדיק אין האָטעל־צימער, האָט לאָלאַ גלייך צוגע־רוקט די פאָרהאַנגען...

ביים אַראָפּשפּרינגען פון בעט האָט זיך לאָלאַ אַ קלאַפּ געטאָן אין דער קני און אַרויסגעלאָזט אַ געשריי.

— אוי, מיין פוס, בערנאַרד!

ער איז האַסטיק צוגעשפּרונגען, אויפגערוקט די פאַרהאַנג, באַטראַכט איר פוס און כמעט מעכאַניש האָט ער אַרויסגעצויגן זיין באָרדאָ־זיידן טיכל פון זיין ברוסטן־טעשל, נאָס געמאַכט ביים קראַן און לאַלאַן פאַרבונדן די קני.

ביים אָוונט־ברויט, ווען לאַלאַ איז סערווירנדיק איר מאַן זיין נאָכטמאָל געשפּרונגען פון דער קיך אין עס־צימער אַריין, האָט זיך איר, בערנאַרדס זיידן טיכל אַראָפּגעגליטשט און עס איז אַריינגעשפּרונגען לאַלאַס מאַן אין די אויגן אַריין...

— זע נאָר, לאַלאַ, האָסט דאָך מיר גאָרנישט געזאָגט, אַז דו ביזט היינט געפאַלן.

זי האָט אַ בליק געוואָרפן אויפן טיכל און האָט באַקומען רויטע פלאַמען אין די באַקן.

— כ׳בין געפאַלן פון די שטיגן, איזי, אָבער דו זעסט דאָך, אַז כ׳בין געבליבן גאַנץ...

איזי האָט זיך אויפגעשטעלט, אַראָפּגענומען דאָס טיכל פון איר פוס, ער האָט געוואָלט זען, צי זיין פרוי האָט זיך נישט פאַרוואונדעט ביים פאַלן, נאָר אויפמאַכנדיק דאָס זיידענע טיכעלע האָט ער אַן אינערלעכן צאַפּל געטאָן.

— לאַלאַ, דאָס טיכל האָב איך געזען ביי בערנאַרדן אין ברוסטן־טעשל פון זיין העלן אַנצוג...

— וואָס שוין ווידער בערנאַרד? — האָט לאַלאַ אויסגעשריגן און אַנידערגעוואָרפן אַ גאָפּל פון איר האַנט אַרויס. — נישט אַנדערש איזי, ווי די מלחמה האָט דיך משוגע געמאַכט...

מיט אַ ווילדן שפּרונג איז זי אַריין אין צווייטן צימער און צוריקגעקומען מיט אַזאַ ענלעך טיכעלע און אויסגעשריגן:

— נאַ, זע אידיאָט, ווי ווייט דיין אייפערזוכט דערגייט! אָט האָסטו דאָס זעלבע טיכעלע צווישן מיינע זאַכן!...

איזי האָט געבליצט מיט די אויגן... באַמערקט, אַז די טיכלעך זענען טאַקע ענלעך, איז ער געקומען צום באַשלוס, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט און האָט זיך באַרויִקט.

נאָר לאַלאַ האָט שוין מער זיין רויִקייט נישט געוואָלט צונעמען. זי איז מיט נערוועזע טריט אַריין אין שלאָף־צימער, זיך אַנידערגעוואָרפן אויפן בעט מיטן פּנים אַראָפּ און האָט זיך הויך אויפן קול צעוויינט, אַ טעאַטראַליש געוויין...

לאַנגזאַם און שטיל איז איזי אַריין אין שלאָף־צימער.

— אנטשולדיק מיר, לאָלאַ! דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב דיך שטאַרק ליב. און אַז מען ליבט איז מען אייפערזיכטיק. זע, איך טראַכט פון דיר אפילו ווען איך בין נישטאָ אין דער היים. ווי נאָר עס איז צו אונדז אריינגעקומען אַ מאָדערנער „פּיעי דע פּול״־שטאָף האָב איך געהייסן איבערלאָזן פאַר דיר אויף אַ קאָס־טיום. אָט האָסטו אַ מוסטער!

ליגנדיק אויפן בעט און הערנדיק איר מאַנס רייד, האָט זיך לאָלאַ דערמאָנט, אַז אַרויסגייענדיק פון האָטעל מיט בערנאַרדן איז פאַרבייגעגאַנגען אַ דאַמע מיט אַ „פּיעי דע פּול״־קאָסטיום, האָט איר בערנאַרד נאָכגעקוקט... און דאָס איז געווען גענוג, אַז זי זאָל אויפהויבן דעם קאָפּ, אויסווישן אירע טרוקענע אויגן מיטן ברעג קלייד און זאָגן:

— איזי, פון היינט אָן, וועט מער בערנאַרד מייז שוועל נישט איבערטרעטן, און דו, אויב דערמאָנסטו נאָכאַמאָל זיין נאָמען, נעם איך מיר מיינע זאַכן און גיי אַוועק פון דיר, ווו די אויגן וועלן מיך טראָגן. האָסט געהערט איזי, איך שפּאַס נישט! — האָט זי זיך צעשריגן.

— שאַ, שאַ, שריי נישט, טייבעלע! — האָט זיך לאָלאַס מאַן געבעטן. — די שכנים וועלן דאָך מיינען, אַז מיר קריגן זיך...

פּאַריז, דעם 2־טן יוני 1947.



# קאַראָלאַ

ט ייערער פריינט!

דיינע אַלע בריוו דערהאַלטן. איך וועל דיר איצטער דערקלערן די סיבה פון מיין שווייגן עטלעכע חדשים.

איינמאָל אין אַן אָוונט בין איך אַליין געזעסן ביי מיר אין צימער. עס איז געווען שטיל אַרום מיר, אָבער נישט אין מיר... אין דרויסן האָט אַ רעגנדל, אַזאַ נאָגענדיקעס, ווי אַ פּיאַוועס, כסדר אַריינגעפּויקט אין די שטיינער פון ברוק און אויפגערייצט מיינע נערוון... לייענען האָב איך נישט געקענט, שרייבן — אַוודאי נישט. דער אויוון האָט געגליט און מיר איז געווען קאַלט אין די ביינער... פון די ווענט קוקן אַראָפּ מיינע דערמאָנונגען איינגערעמט אין קאַרביירטע האָלץ־רעמלעך. די אויגן פון מיין ערשטער ליבע קוקן אויף מיר, נאָר דאָס מויל איז שטום... ווער איך נאָך טרויעריקער פון מיין אַליינזאַמקייט... דו ווייסט דאָך, אַז טיילמאָל האָט דער מענטש אַ דראַנג צו ליבן אַ פרוי. דו דרייסט זיך דעמאָלט אַרום מיט דיין ליבע אין האַרצן, ווי אַ ליבהאָבער מיט אַ שנירל פּערל אין האַנט, וואָס האָט דאָס נישט וועמען צו שענקען. אָט אַזאַ געפיל האָב איך דעמאָלט געהאַט זיצנדיק אין מיין צימער, טראַכטנדיק:

— וואָס וועט זיין מיין סוף? וועל איך שוין אַזוי אין עלנדקייט?...

פּלוצלונג איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, אַז די סיבה פון מיין מיסדערפאָלג איז מיין אויפריכטיקייט, וואָס איז פאַרן הייַנטיקן מענטש אַ קללה. איך האָב לאַנג נאָכגעטראַכט ביז מיר איז עפּעס געקומען אויפן געדאַנק...

צומאָרגנס אָוונט האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס אַריין מיין פּלאַן צו רעאַליזירן.

איך קום אַריין אַן אויסגעפּוצטער אין קאַפע „באָן־שאַנס", וועלכע איז לעצטנס באַרימט געוואָרן, ווי אַ קאַפע, וווּ עס קומען אַריין פרויען, וואָס זענען געבליבן אַליין...

די קאַפע פאַרכאַפּט דאָס אויג. דער סופיט זעט אויס, ווי אַ רונדיקער רעגן־בויגן פון ליכט שטראַמען. אַרום די ווענט אין דער נידער — פּירקאַנטיקע וואַנט־מאָלערייען, וווּ פאַנטאַסטיש שיינע פרויען אין ווייסע קליידער מיט רויטע ליליען אויף די

אַקסלען, שפּילן אויף האַרפעס. אַנדערע מאַלערייען ווייזן כינע־זישע פרויען מיט קינדער אויף די רוקנס, וואַנדערן אַריין איז כינעזישע וואונדערלעכע לאַנדשאַפטן. אַן אָרקעסטער שאַלט אויף אַן עסטראַדע. אַרום די טישלעך זיצן יונגע פּאָרלעך און קושן זיך. עלטערע איינזאַמע פרויען זיצן און רויכערן. אַ טייל מיט ווייסע הינטלעך אין די אָרעמס, אָבער די גרעסטע טייל זיצן דאָ יונגע פרויען אַליין ביי טישלעך און וואַרטן...

איך שפּאַציר אַדורך דעם זאַל. נאָך אַ ווײַלע שפּאַנען אַהין און צוריק, האָט זיך מיין האַרץ אָפּגעשטעלט ביי אַ טישל, וווּ עס איז געזעסן אַ יונגע פרוי מיט אַ העל ליכטיק פּנים. נישט געפאַרבט, נישט געשמינקט, נאָר בלייך, ווי הינטער אַ דינינטשקע מילך־גלאָז, זי האָט אויסגעזען — די גוטסקייט אַליין.

אירע גאָלדענע האָר, נישט געלאָקט, נאָר אויסגעצויגן, ווי סטרונעס. אירע גרויסע אויגן האָבן דערמאָנט בלויע קאָרן־בלומען.

— איר דערלויבט מאַדאַם?

— ביטע זייער!

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אַנטציקט פון איר אָנגענעמער שטימע.

דער ערשטער פידלער האָט אנגעהייבן שפּילן אַ סאָלאָ־נומער: שאָפּענס „נאָקטורן". איך האָב זיך איינגעהערט איז דער מוזיק נישט אַראָפּנעמענדיק מיינע אויגן פון דער פרוי. זי האָט געקוקט צום אָרקעסטער, מיר נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט.

— אַ געניאַלער מענטש געווען, דער שאָפּען, — וויל איך מיט איר פאַרפירן אַ געשפּרעך.

— יאָ. — זאָגט זי מיר שענקנדיק איין בליק און קוקט ווידער צום פידלער.

— ער שפּילט אויסגעצייכנט! — זאָג איך צו איר מיט באַגייסטערונג.

— איך בין נישט קיין גרויסע קענערן פון מוזיק. — ווייזט זי מיר אירע ציינער, ווייסע בלאַנקנדיקע, איינעם אַ גאָלדענעם.

איר פּשטות האָט מיך נאָך מער פאַרכאַפּט, ווי איר אויסזען.

אַז דער פידלער האָט געענדיקט האָבן מיר זיך ערשט אַ ביסל צערעדט. איך האָב איר רערציילט עלעגאַנטע וויצן און פאַר דער אונטערהאַלטונג האָט זי מיך באַלוינט מיט אַ דערלויבעניש זי צו באַגלייטן ביז דער מעטראָ. ביים געזעגענען זיך, האַלטנדיק

איר הענטל האָב איך זי געפּרעגט:

— אַנטשולדיקט מאַדאַם, קען איך אייך אָפּט טרעפן אין דער קאַפע?

— וואָס פאַלט אייך איין, מעסיע. איך בין איבערהויפּט נישט קיין קאַפע־זיצעריןֹ.

— טאָ ווי דען קען איך אייך זען, מאַדאַם?

— איר ווילט מיך זען? — האָט זי ווי פאַרשעמט אַרויס־געריעדט. אויף אירע בלייכע באַקן האָבן זיך צוויי ראָזעווע פלעק־לעך אָפּגעשטעלט. — אויב איר ווילט מיך זען, מוז איך וויסן מיט וועמען איך האָב די ערע צו זיין באַקאַנט.

— אַלבערט רובינשטיין איז מיין נאָמען. איך בין אַ סוחר מיט אַ היפּשן קאַפּיטאַל.

זי האָט מיט אַ דיסקרעטן שמייכל אָנגענומען מיין ראַנדעוווּ אויף מאָרגן אָוונט, מיר געזאָגט איר נאָמען: קאַראָלאַ קאַגאַן.

צומאָרגנס אין דער קאַפע, זיצנדיק ביים טישל, האָט זי מיך גלייך געפרעגט:

— אַנטשולדיקט מיר, מעסיע, פאַר מיין דרייסטיקייט. איר האָט מיר נעכטן געזאָגט, אַז איר זענט אַ סוחר מיט אַ היפשן קאַפּיטאַל. איך זע דאָך אָבער אויף אייער לאַץ אַן אָפּצייכענונג פון אַ דעפּאַרטירטן...

דעם אמת געזאָגט, בין איך שטאַרק צעטומלט געוואָרן פון אירע רייד. אָבער אַז איך אַליין האָב מיך אַנגאַזשירט צו שפּילן אַ קאָמעדיע, טאָר איך זיך נישט פאַרלירן.

— מיין קאַפּיטאַל איז פאַרבונדן מיט אַ סוד, וועלכן איך קען נישט אַנטפּלעקן אַ פרוי, וואָס איך באַגעגן צום צווייטן מאָל.

— זייער ריכטיק, מעסיע. דאָס איז מיין פעלער. איך בין אַלעמאָל צופיל נייגעריק, אָבער באַליידיקט זענט איר דאָך נישט פון מיין באַמערקונג.

— באַליידיקט? איך פיל זיך נאָך געשמייכלט פון אייער אינטערעס צו מיר.

— פאַרשטענדלעך, אַז אַ פרוי איז מסכים מיט וועמען אַרויס־צוגיין פאַרברענגען, איז איר דער מענטש סימפּאַטיש.

פון דעם אָוונט אָן איז מיין לעבן געוואָרן אינטערעסאַנטער. איך האָב זיך מיט דער פרוי יעדן אָוונט געטראָפן. ווו אַ קאָנצערט, ווו אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, ווו אַ גוט קינאָ־שטיק, בין איך מיט איר

געוועז. און כאָטש מיין טאַש האָט אַ ביסל דערפון געליטן, האָט אָבער מיין געמיט זיך געפרייט, אויפגעלעבט, ווי כ'וואָלט יינגער געוואָרן מיט יאָרן.

אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווען מיר זענען שוין געווען אויף „דו", האָט זי מיר אין קאַפּע זיצנדיק געזאָגט:

— אַלבערט, איך גלויב, אַז עס איז שוין די העכסטע צייט, אַז דו זאָלסט מיר אַנטפּלעקן דעם סוד פון דיין קאַפּיטאַל. האָסטו נאָך אַלץ נישט קיין צוטרוי צו מיר? — האָט זי געביסן די שפּיצן פון מיינע פינגער און דערנאָך זיי אויסגעקושט.

איך האָב זיך אויף דעם יעדן טאָג געריכט.

איך האָב אַ ווײַלע געשוויגן און באַלד אָנגעהויבן דערציילן מיט אַן ערנסטער מינע אויפן פּנים:

— טאָ הער, קאַראָלאַ! אין אוישוויץ איז מיין בעטל־שכן געווען אַן אַנטלויפענער ייד, אַ מיליאָנער. איינמאָל אין אַן אָוונט האָט דער מענטש דערפילט אַז ער גייט אָפּשטאַרבן, האָט ער אָנגעכאַפּט מיין האַנט און געזאָגט:

— אויב בלייבסטו לעבן, פריינט מיינער, זאָלסטו וויסן, אַז אין אַנטלויפן אויף דעם און דעם אָרט, ביי דעם ערשטן בוים וואָס שטייט ביי מיין הויז אויפן הויף, האָב איך באַגראָבן אַ קעסטעלע בריליאַנטן און אַנדערע ווערטזאַכן. אַז דו וועסט דערלעבן, זאָלסטו עס אויפגראָבן און צעטיילן מיין לעבן־געבליבענער פאַמיליע. און פאַר דיר לאָז איבער אַזוי פיל, וויפל דיין האַרץ וועט דיך לאָזן געניסן פון דיין גיהנום־ברודערס אַ ירושה. און באַלד נאָך דער באַפרייונג האָב איך דעם אוצר אויסגעגראָבן און אַזוי ווי קיין יורשים האָבן זיך נישט געמעלדן איז אַלץ געבליבן ביי מיר.

איך בין געבליבן זיצן מיט אַן אויסטערלישן בליק... ווייזט אויס, אַז די דערציילונג, וואָס איך האָב אַליין אויסגעטראַכט, האָט אויך אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק. אָבער אינטערעסירט האָט מיך דער איינדרוק אויף קאַראָלאַן. זי האָט אויף מיר לאַנג געקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן... איך האָב מיר געוואָלט איינרעדן, אַז צוליב דער געשיכטע האָב איך זי פאַרלוירן. מיין האַרץ האָט האַסטיק געקלאַפּט, אָבער באַלד האָב איך זיך באַרואיקט. קאַראָלאַ האָט איינציקווייז גענומען שמייכלען:

— וווּ געפינט זיך דאָס קעסטעלע, אַלבערט?

— ביי מיר, קאַראָלאַ.

— עס איז דאָרט זיכער?

— זיכער!

— אַלבערט, איך וואָלט געוואָלט זען דאָס צירונג! אפשר איז דאָרט פאַראַן פרויען־צירונג? — האָט זי געפלאַמט.

— ניין, קיין פרויען־צירונג איז דאָרט נישט פאַראַן.

— דאָך וויל איך עס זען, אַלבערט! קום אַהיים צו דיר, אַלבערט! דו ווייסט דאָך מיין טייערער, אַז איצט איז שוין מער נישט קיין אונטערשיד. דיינס איז מיינס, וויל איך זען, וואָס איך פאַרמאָג...

אַ פלאַמיקער קוש האָט באַגלייט איר ביטע.

— קאַראָלאַ! — האָב איך ביין געזאָגט. — מיר ווייזט זיך אויס, אַז דיין גאַנצע ליבע צו מיר האָט זיך באַזירט אויף דעם וואָרט „קאַפּיטאַל“.

— ניין אַלבערט, איך ליב דיך שטאַרק! אַזוי שטאַרק, ווי דו וואָלסט געוועזן מיין ערשטע ליבע — האָט זי מיך אַרומגענומען און אויסגעקושט.

— אויב אַזוי, קאַראָלאַ, — האָב איך איר לאַנגזאַם און פאַר־זיכטיק געזאָגט, — אויב דו ליבסט מיך טאַקע אַזוי שטאַרק, וועל איך דיר איצטער אַנטפּלעקן נאָך אַ סוד און דער איז פיל ערלעכער, ווי דער ערשטער. זאָלסט וויסן, טייערע קאַראָלאַ, אַז די געשיכטע מיטן קעסטעלע צירונג, איז נישט מער ווי מיינס אַ פאַנטאַזיע. איך בין אַן אַרבעטער, וואָס קען פאַר אַ פרוי פאַרדינען און פאַר־מאָג אַ האַרץ צו ליבן...

און דערנאָך האָט זיך מיין ראָמאַן געענדיקט, מיר איבער־לאָזנדיק אַ טיפע ווונד... אין מיין בוך אַנטוישונגען איז צוגעקו־מען נאָך אַ נאָמען: קאַראָלאַ. מיר איז פון איר איבערגעבליבן אַ קליין פאָטאָגראַפיעלע. שטעל איך עס אויס אויפן קאַמין, רייצט זיך איר שמייכל מיט מיר... צערייסן, האָב איך קיין האַרץ נישט... צוריקשיקן, איז מיר אַ שאָד זיך צו שיידן מיט אירע אויגן, וועלכע זענען די איינציקע פאָר אויגן פון אַ לעבעדיקער פרוי אין מיין צימער, וואָס קוקן אויף מיר, ווען איך וויל... האַלט איך דאָס פאָ־טאָגראַפיעלע און נעם פאַרליב די לײדן, וואָס דאָס פאַרשאַפט מיר... ווי מיינסטו, טייערער פריינט, דו האָסט דאָך אַן אַמביציע פון אַ ליטעראַטור־קריטיקער, איז דאָס אַ פיינער סיוזשעט פאַר אַ דערציילונג?

פאַריז, אויגוסט 1947.

# אין אַ שטורעם

אַרום איז געווען שטיל, ווי עס קען שווייגן אַ דערפל אין אַ טאָליקן באָדן, איינגערעמט אין אַלפּאַרמיקע בערג, ערטערווייז באַדעקט מיט העל־גרינע פּליושענע גראָז־דיוואַנען און ערטערווייז — מיט אַ טונקעלער גראַזיקער סאַמעטקייט. איבער אַלעם האָט געשפּילט אַ גאָלד טאָן, וואָס האָט אין זיך באַהאַלטן דעם אָפּשיין פון הימל־שער זוניקייט. דער צעשטראָלטער הימל־בלוי איז געווען געפּלעקט מיט שוואַרצע כמאַרעס, געטראָגן אין זיך אַ קומענדיקן שטורעם, נאָר די זון האָט זיך נישט נוקם געווען. אַרומגעזוימט די שוואַרצע כמאַרעס מיט זוניקע טאַשמעס. אין דער לופט איז געווען שטי־קענדיק היים, נאָר צייטנווייז איז אָנגעלאָפן אַ ווינטל און צעפּעכערט דיביימער. די בלעטער האָבן אָנגעהייבן שוועבן אין דער לופט, ווי גרינע בלעטער־פייגל און אויפגעלופטיקט די פאַרנע אַרומיקייט.

אויפן שאָסיי, צווישן צוויי שורות דיקשטאַמיקע און ברייטפּאַר־צווייגטע ביימער, האָט שפּאַצירט אַ פּאָרל, דאָ אַהער געקומען פון רוישיקן פּאַריז זיך אָפּרוען. ביידע צוויי פאַרחלומטע נאַטורן, וועלכע האָבן געשפּאַנט מיט צעשטראַלטע בליקן, זיך געקוויקט מיט דעם אַרומיקן פּרעכטיקן לאַנדשאַפט און נאָך מער מיט דעם, וואָס זיי זענען אַליין צווישן הימל און ערד. קיין מענטש אויפן שאָסיי זעט מען נישט, נאָר פון צייט צו צייט קרייעט אַ האָן ערגעץ־ווו אין אַ פּויערישן הויף און לאָזט איבער אין דער לופט אַן אָפּקלאַנג פון אַ דאָרפיש לעבן הינטער כאַטעס.

מארק גאָטליב האָט געטראָגן אַ פּאָר קורצע גראַנאַטענע הויזלעך, אַ געשטרייפט זומער־העמדל מיט קורצע אַרבל און אַ קאָפּ שוואַרצע צעשויבערטע לאָקן אַלאַ שאַטאָבריאַנד, ווי אַן אָנדייטונג, אַז ער געהערט צו דער קינסטלערישער וועלט.

מאַדאַם שטיינגאָלד — אין אַ קורץ־געבלימלט זומער־קלייד, אין אַ פּאָר סאַנדאַלן אויף באָרוועסע אָפּגעבראָנזטע פיס. צוויי פּעך־שוואַרצע געפלאָכטענע צעפּ, האָבן אַרומגערייפט איר ווייסן שרונט. אין אירע שוואַרצע סאַמעטענע אויגן האָט זיך געשפּיגלט די אַנטציקונג פאַר דער נאַטור און אַ באַהאַלטן תאווה־פייערל...

אינערלעך האָבןביידע געהאַט דעם זעלבן פאַרלאַנג: אוועק־צוגיין ווייט פון מענטשלעכע אויגן, זיך באַהאַלטן אויף דער שווים פון דער נאַטור און ווי צוויי מאָדערנע מענטשן, וואָס לעבן אַליין, געניסן פון דער צאַרטקייט נאָך וועלכער יעדעס עלענדע לעבן בענקט...

— ווי קומט עס גאָטליב, וואָס אַזאַ יונגער מענטש, ווי איר פאַרברענגט אייער לעבן אַליין?... — האָט מאַדאַם שטיינגאָלד געזאָגט מיט אַ שמייכעלע.

— איך קען אייך שטעלן די זעלבע פראַגע, מאַדאַם שטיינ־גאָלד, אָבער איך וועל דאָס נישט מאַכן. איך פאַרשטיי אַליין די סיבה פון אייער עלנד לעבן. נישט יעדע פרוי קען אַזוי לייכט פאַרגעסן איר ערשטע ליבע. קען איך זיך נעמען די רעכט צו גע־הערן צו אייער קאַטעגאָריע?

— גאַנץ באַשטימט. — האָט זי אַרויסגעלאַכט. — אָבער איך צווייפל שטאַרק צי אייך וועט זיין מעגלעך אַלעמאָל צו בלייבן ביי דעם זעלבן באַשלוס...

— און אייך?...

— מיר איז אויך שווער...

— ריכטיק. אָבער לאָמיר זיך נישט פאַרדאַרבן די שטימונג. מיר זענען דאָך אַרויסגעגאַנגען זיך אביסל פאַרגעסן...

מאַדאַם שטיינגאָלד האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ דיסקרעטן שמייכל...

זיי זענען צוגעקומען צו אַ יונג, שיטער וועלדל. ביים ראַנד פונם וועלדל — אַ שמאָלע וואַסער־לענטע, וואָס האָט אויסער־שטיינער אין זיך געהאַט די אָפּשפּיגלונג פון צעשטראַלטע בלויע הימל־בערג און אַנדערע פאַרצויגן מיט כמאַרעס.

גאָטליב האָט זיך אויסגעטאָן די שיך און אַריינגעטאַנצט אין וואַסערל, ווי אַ יינגל. מאַדאַם שטיינגאָלד איז אים נאָכגעשפּרונגען. ביידע לאַכנדיקע, אויפגעלעבטע, האָבן נאָכן אָפּשפּילן זיך אַ ווײַלע אין וואַסער, ווי קינדער, זיך אָנגענומען ביי די הענט, זיך אַ הויב געטאָן און געבליבן זיצן ביים ראַנד פון וועלדל שפּיגלענדיק זייערע צע־פלאַמטע אויגן אין וואַסער־שפּיגל.

מאַדאַם שטיינגאָלד האָט פון זיך אַרונטערגעוואָרפן איר איינגע־

שפריצט קליידל, געבליבן זיצן אין אַ ציטרינאַוון באַר־קאָסטיום. גאָטליב האָט זיך אויסגעטאָן זיין העמדל. און ווי־נאָר דאָס פּאָרל האָט פון זיך אראָפּגעוואָרפן די אויבער־קליידער, האָבן זיי זיך גלייכצייטיק אויסגעטאָן פון אַלע לעבנס־פּראָבלעמען, וואָס זיי האָבן פריער געהאַט באַרירט. עס איז נאָר געבליבן זיצן אַ מאַן און אַ פרוי, וועלכע האָבן זיך שטומערהייט אָנגעקוקט מיט תאווה־בליקן. ער האָט זי שטאַרק געדריקט צו זיין פעסטער מענערישער ברוסט און זי האָט זיך געפילט ווי אַ פאַרחלשטע פלאַנץ אין זיינע אָרעמס...

— קומט טיפער אין וואַלד אַריין, מאַדאַם !...

— דער וואַלד איז צו שיטער...

מיטאַמאָל האָט אַ זיגזאַגישער בליץ, ווי אַ זילבערנע אויסגע־שאָסענע ראַקעטע, זיך אַריינגעשטאָכן אין דער הימלישער בלויע־קייט און באַלד נאָכדעם האָט אַ דונער־קראַך אויפגעריסן די אַרומיקע שטילקייט. פאַר שרעק האָט מאַדאַם שטיינגאָלד גאָטליבן אַרומ־געכאַפּט ביים האַלדז.

— קומט גאָטליב, עס וועט זיין אַ שטורעם !

— איך האָב ליב אַ שטורעם. — האָט אין גאָטליבן אויפגע־וואַכט דער קינסטלער. — איך האָב ליב צוזען די נאַטור איז אַ דינאַמישן צושטאַנד. עס ווירקט אַזוי גוט אויף מיינע נערוון. — און ער האָט זיך אָנגעטאָן דאָס העמדל.

— איך האָב אויך ליב אַ שטורעם. — האָט מאַדאַם שטיינגאָלד געזאָגט מיט אָנגעצונדענע פלעמלעך אין די אויגן ווי ביי אַ יונג מיידל, וואָס האָט ליב אַדורכצומאַכן אַ געפאַר מיט אַ בחור, וואָס איז איר צום האַרצן...

באַלד האָבן די שוואַרצע כמאַרעס אָנגעהייבן צו פאַרדעקן דעם זון־שפיגל. די זוניקייט איז אָפּגעשטאָרבן. אַ שלאַקס־רעגן מיט אַ שטורמישן געפייף, האָט גענומען בייטשן דעם וואַלד, די ערד. גרעזער האָבן געציטערט. דאָס וואַסערל האָט זיך קאַר־בירט. די רעגן־בייטשן האָבן געשמיסן די אַרומיקע שטילקייט, דאָס יונג־געוואָרענע פאָרל, וואָס איז נאָך געבליבן זיצן צעפלאַמטע מיט אַ נישט־געשטילטן פאַרלאַנג, האָבן גערן אויפגענומען די קילע וואַסער־שטראָמען, וואָס זענען מיט אַן אויפברויז באַפאַלן זייערע קערפּערס.

אַז דער שלאַקס־רעגן איז געוואָרן שטאַרקער, האָט זיך דאָס

פּאַרל, ווי צוויי יונגע קינדער אַנגענומען ביי די הענט און אָנגעהייבן לויפן אַליין נישט ווינסדיק וווהין. דער רעגן האָט געדרוישט, ווי אַ וואַסער־פאַל. די קולות פונעם פּאַרל האָבן ווייט אָפּגעהילכט. זייערע פיס האָבן געטאַנצט איבער דער ערד, ווי צוויי לעבעדיקע שטראָמען. מאַדאַם שטיינגאָלד האָט דער שטורמישער רעגן אַראָפּגעשווענקט אירע געפלאָכטענע צעפּ פון אויבערקאָפּ און זיי האָבן ווי ביי אַ יונג מיידעלע געפלאַטערט אין דער לופט. איר פּנים איז אינגאַנצן געווען באַגאָסן מיט זיל־בערנע רעגן־פּערל. פון אַלעם, וואָס זי האָט געטראָגן אויף זיך האָבן רעגן־טראָפּנס געטריפט; דאָך האָט אין אירע שוואַרצע אויגן געשפּילט אַזאַ קינדערישע פרייד; אירע ווייסע ציינער האָבן גע־בליצט אין דער טונקלקייט און פון אירע ליפּן האָט זיך געטראָגן אַ צופרידן צעפּיעשטשעט געלעכטערל, וואָס האָט גאַטליבן מיטגעריסן. ער האָט מער נישט געזען אין איר אַ פרעמדע, וועלכע מען וויל באַזיצן און איינעקגיין, נאָר עפּעס אייגנס, וואָס איז טייער און מען וויל עס באַהאַלטן אויף שפּעטער.

— איר זענט וווּנדערבאַר אויף אַ שטורעם! — האָט ער גע־שריגן לויפנדיק און זיך געטוליעט צו איר וואַרעמען אטעם.

— דאָ איז אַ כאַטע, גאַטליב! שנעלער! שנעלער! — איז זי געפלויגן אין זיינע הענט.

זיי זענען מיט האַסטיקע טריט אַריין אין אַ פּויערישער כאַטע. אַ ריח פון מיסט און פאַרפוילט שטרוי האָט זיי אַ זעץ געטאָן אין דער נאָז אַריין, נאָר די כאַטע־וואַרעמקייט האָט געגלעט זייערע קערפּערס אַדורכגעווייקט פונעם רעגן. אַ שורה מיט פאַרבן געפלעקטע קי, אויסגעשטעלט און אויסגעלייגט אין פאַרשידענע פּאָזעס, האָבן זיך באַוויזן ביי אַ טונקעלער וואַנט. ביי יעדן דונער־קראַך זענען זייערע בהמה׳שע אויגן געוואָרן גרעסער. זייערע אויערן האָבן אַ צוק געטאָן. זיי האָבן געפּאָכעט מיט די וויידלען, ווי אָפּגעיאָגט בייזע פליגן און מיט אַ לאַנג־צעצויגענעם טאָן האָבן זיי אַריינגעמע־קעט אין דעם האַלב־פינצטערן שטאַל. געקוקט אויף דעם פּאָרל, וואָס איז דאָ ביי זיי געקומען זוכן שוץ...

ביי אַן אָפן פענצטערל, אַזוי גרויס ווי אַ געעפנטע טאַבאַק־פּושקע, איז געזעסן אַן אַלטער פּויער מיט צוויי בלאָנדע אַראָפּ־הענגענדיקע וואָנסעס, מיט אַ טיף צעאַקערט פּנים און האָט זיך איינגעקוקט אין שטורעם מיט אַ שטומען בליק, מיט אַן אומבאַ־

וועגלעכקייט פון א פויערישער סטאטוע. דאָס פּאָרל איז געשטאַנען ביים אָפענעם פענצטערל און באַטראַכט דאָס נאַטור־בילד. צוזאַמען מיטן רעגן איז געפאלן א האָגל. דער האָגל, ווי גרויסע פּערל האָט געטאַנצט אויפן פייכטן באָדן. דער הימל איז געווען פאַרנעפּלט, ווי מיט א טונקל־בלויען טיול איבערגעצויגן. דורכן טיול האָבן זיך מאט געצייכנט פאַרשידנפאָרמיקע ביימער, וועלכע האָבן זיך געריסן אין שטורעם אויף בערג און אַנדערע האָבן זיך כורעים׳דיק געבויגן אין טאלן. עס האָט אויסגעזען, ווי דאָס גאַנצע לאַנדשאַפט באַוועגט זיך און שווימט ערגעץ־ווו אַוועק צוזאַמען מיט די וואַסערשטראָמען, וואָס הערן נישט אויף צו פארפלייצן: פעלדער, בערג, טאלן, ווייטע פויערישע כאַטעס, צעשויבערטע וועלדער. און עס דאַכט זיך פאַרן אויג, ווי אַלץ נעמט מיטאַמאָל אַוועקשפאַנען ווייט, ווייט... איבער דעם אַלעם א מאַטער אָפּשיין פון א באהאלטענער זון אין א וואָלקן, וואָס גיסט אַריין א גאָלדיקייט אפילו אין די וואַסערפּערל, אין זילבערנעם האָגל און זיי נעמען פינקלען, צינדן זיך אן אין רעגנבויגנדיקע פאַרבן און באַצירן די שרעק און אומרואיקייט, וואָס דער שטורעם רופט אַרויס.

דאָס פּאָרל איז געשטאַנען אַרומגענומען און האָט זיך שטומערהייט געקוקט אין די אויגן אַריין... צוויי באַהאַלטענע שמייכלען האָבן זיך געשלענגלט איבער זייערע ליפּן. זייערע הערצער האָבן האַסטיק געקלאַפּט... זיי האָבן מיטאַמאָל דערפילט, אַז דער שטורעם האָט אין זיי אויפגעוועקט א געפיל, גאָרנישט ענלעך צו דעם, וואָס האָט זיי באַהערשט ביים אַרויסגיין אויפן שפּאַציר. גאָטליב האָט מיט א פאַרליבטקייט אַריינגעקוקט אין דער פרוים פאַרבנצעשפילטע אויגן און געהאט דעם איינדרוק, אַז זי האָט אייביק צו אים געהערט, האָט ער געזאָגט מיט זאָרג:

— איך האָב מורא זאָלסט דיך נישט האָבן דערקילט, מיין טייערע!... — האָט ער איר גענומען אויסדרענגען דאָס נאַסע קליידל אויף איר לייב.

און אַזוי נאַטירלעך ווי אַלץ איז דא געווען אין שטאַל, אַזוי נאַטירלעך האָט מאַדאַם שטיינגאָלד געענטפערט:

— און איך האָב מורא, אַז דו זאָלסט דיך נישט האָבן דערקילט!... האָט זי מיט א פאַרליבטקייט גענומען באַרירן זיין העמדל.

— א פאַנטאַסטישער טאָג היינט. — האָט גאָטליב געזאָגט א באַגייסטערטע־.

— א וווּנדערבאַרער טאָג! זע, ווי ראָמאַנטיש דאָס אַלץ זעט אויס אַרום אונז! — האָט די פרוי ווי דעקלאַמירט.

זיי האָבן זיך געקוקט אין די אויגן מיט אַזאַ צעשטראָלטקייט, ווי יעדער וואָלט געלייענט אין די אויגן פון צווייטן אַ שטומע ליבע־דערקלערונג, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון דער נשמה... אין זייערע הערצער האָט זיך עפּעס געכוואַליעט, וואָס האָט זייערע ליפּן צוזאַמענגעפּרעסט... אַ דונער־קראַך האָט זיי אויף אַ ווײַלע צעשיידט, איבערגעשראָקענע און באַלד זענען זיי זיך ווידער אַרײַנגעפֿאַלן אין די אָרעמס און דערפֿילט די וואַרעמקייט, נאָך וועלכע יעדער פון זיי האָט לאַנג געבענקט...

אין דרויסן האָט דער רעגן נאָך אַלץ געגאָסן. דער הימל האָט זיך כּסדר געשטריפּט אין זילבערנע שטרײַפֿן. דונערן האָבן פון מינוט צו מינוט אויפגעטרייסלט די שטילקייט. די קי האָבן צוגעמעקעט. דאָס פּאָרל איז געשטאַנען בײַם פענצטער, ווי צוויי געפאַנגענע פייגל אין אַ שטייגל וואַרטן איבער אַ שטורעם, כּדי נאָכדעם אַוועקפליען אין פרייען לעבענס־רוים...

מיטאַמאָל האָבן זיי מיט אַ פריידיקן אינערלעכן ציטער באַמערקט, ווי דער הימל לייטערט זיך אויס. די שוואַרצע וואָלקנס נאָכן אַראָפּגיסן פון זיך די וואַסער־פאַרבן, ווערן אײַנציקווייז בלויער און בלויער. די זון האָט שוין ווידער אַרויסגעטרעטן אין פאָדערגרונט און דער טריבער טאָן פון דער ערד, ווערט וואָס אַמאָל העלער און ליכטיקער. די גאַנצע אַרומיקייט, וואָס האָט ערשט אויסגעזען פאַרטונקלט, שיינט אויף, לעבט אויף. ביימער גלייכן אויס זייערע אײַנגעבויגענע קעפּ אין שטורעם.

דאָס פּאָרל שטייט און קוקט אַרײַן אין דעם נאַטור־וווּנדער. זיי פילן, ווי צוזאַמען מיט דעם „נאַטור־אויפגאַנג" גייט עפּעס ביי זיי אויף אין האַרצן אַ געפיל, וואָס איז געלעגן פאַרבאָרגן אין זייער אונטערבאַוווּסטזיין. ווי צוויי באַפרייטע בוימער פון שטורעם טוליען זיי זיך שטומערהייט איינער צום צווייטן און אין זייערע אויגן גייט אויף אַ ליכט, וואָס פאַרליבטע פּאָרלעך טראָגן אין לעבן אַרײַן...

פּאַריז, אָקטאָבער 1947.

# קאנקורענטן

באשקע איז א קליין, דיק ווייבעלע מיט א קאָפּ צעשויבערטע פלאַקסענע האָר, ווי אנגעזוענקט פון א שרפה. עטלעכע באַהאָרטע וואָרצעלעך באַצירן איר נישט איבריק סימפּאַטיש פּנים.

באַלד אינדערפרי, ווי נאָר די יידישע קאַפעס עפענען זיך, קומט באַשקע אָנצושווימען אין אַן איינגעפּעדערטן שווארצן מאַנטל מיט אַ קוישל אין דער האַנט. פון אויבן, אויפן קוישל, ליגן עטלע־בע אָפּגעדאַרטע סאַלאַטן, ווי פאַריאָריקע פאַרטריקנטע הושענות. ערשט הינטער די סאַלאטן געפינט זיך איר קרעמל: ראַזיר־מעסער־לעך, נאַשוואַרג פאַר קינדער, שאַכטעלעך שוואַקס, ציין־בערשטע־לעך, שוין שווארץ פון ליגן אין קוישל, שיך־בענדלעך, און א צוויי דריי שטיקלעך מלחמה־זייף.

ווי נאָר די ערשטע קליענטן און קליענטקעס באַווייזן זיך אין דער יידישער קאַפע, שפּרינגט באַשקע באַלד אונטער מיט איר קרעמל.

— קויפט יידן, ווייבער, מיידלעך, ביליק און גוט!

פאַרקויפט זי עפּעס, בלייבט זי נאָך א ווײַלע אין קאַפע, פאַר־קויפט זי גאָרנישט — לויפט זי ווייטער.

מיטאַג־שעה שטעלט זיך באַשקע אוועק ביים „קאָנטואַר“ ביי א „שוואַרצער“ קאַפע. ברויט מיט צוקער האָט זי אַלעמאָל ליגן אין איר קוישל. זי עסט אַפּעטיטלעך אָפּ איר אָרעמע מאָלצייט און שווימט ווידער אַוועק אין אַ צווייטער יידישער קאַפע זוכן קליענטן.

שפּעט אין אָוונט קומט באשקע א היים אין איר מאַנסאַרדע־שטיבל מיטן דאַך־פענצטערל. נאָכן אויסלייגן זיך דאָס ליזעכץ אויפן בעט, שטעלט זי זיך אוועק אָפּקאָכן א ביסל געקעכץ. עסט איר מאכל מיד און פאַרביטערט. קוקט זי אויף איר אייגענעם שאָטן אויפן וואַנט, דאַכט זיך איר, אַז עס איז נאָך ווער דאָ אין שטוב...

דער שאָטן דערמאָנט זי אין איר בעריש, מיט וועמען זי האָט זיך א

לעבן־לאַנג געקריגט, אָבער פּאַרט איז איר היימלעבער געווען... נאָכן עסן לייגט זי זיך שלאָפן און טראַכט:

— וועל איך שוין אַזוי אָפּפּינצטערן מײַנע פֿאַר יאָר אַן מאַן?...

צומאָרגנס, ווי נאָר די ערשטע ליכטיקע טאָג־פלעקן לייגן זיך אויס אויף איר דאַך־פענצטערל, כאַפּט זיך באַשקע אויף, העגנט זיך אָן איר קיישל און לויפט ווידער אין גאַס אַרײַן האַנדלען.

א טריבער פרימאָרגן. די יידישע קאַפע רוישט מיט קאָרטן־שפּילער, מיט מעקלערס, מיט „פּאַמאַלניקעס", מיט אַר־בעטער, מיט פריש־געקומענע אימיגראַנטן און אימיגראַנטקעס מיט קינדער אויף די הענט. די לאָמפּן ברענען ווי בײַנאַכט. די רעקלאַמע־פײַערן פון פאַרביק ליכט: רויט, גרין, וויאָלעט און בלוי, באַשײַנען און לעבן אויף די טריבקייט. סיגאַרעטן־רויך, ווי צעריסענע, בלויע וואָלקנדלעך שוועבן איבער מענטשן־קעפּ און בילדן א הימל־שטיק, וואָס דעקט צו דעם סופיט.

האָט זיך אין קאַפע באַוויזן אַן עלטער יידל מיט א גראָ בערדעלע. הויך און דאַר, מיט א פנים אַרויסגעשיילטע קינען. א קאַסקעט פאַ־רוקט אויף א הויכן תלמיד־חכם'דיקן שטערן, אָנגעלענט אויף א שטעקן מיט גראָע, איבערגעשראָקענע אייגעלעך, האָט זיך דער ייד אַרײַנגעשאַרט אין דער מאַסע און ווי א ייד, ביים מחדש זײַן די לבנה, איז ער אונטערגעשפּרונגען און יעדן אַרײַנגעשריגן אין אויער:

— קראַוואַטן! שו־וואַקס! ראַזיר־מעסערלעך!

באַשקע האָט אַן עפּן געטאָן אירע אויגן. א הויב געטאָן דעם קאָפּ, ווי עס וואָלט זי ווער אָפּגעצוואָגן מיט אַן עמער קאַלט וואַסער.

— וועלכע כאָלערע האָט אײַך דאָ אַרײַנגעברענגט? איר זעט נישט, אַז דאָ איז מײַן האַנדלס־פּלאַץ? שנעלער, טראָגט אײַך אָפּ פון דאַנען, אײדער איך בין אײַך מכבד מיט מײַן סאַלאַט איבערן קאָפּ.

באַשקע איז געוואָרן אײַנגערעמט אין א קרענצל לאַכנדיקע מענטשן. דער ייד האָט זיך פאַרשעמט און איז אַוועק. אָבער באַשקע האָט שוין נישט געקענט אײַנרוען.

— אויב עס האָט זיך באַוויזן א קאָנקורענט, קען ער זיך אײַנ־אַרבעטן אין א צווייטער קאַפע.

איז באַשקע באַלד אַרײַן אין א שכנות'דיקע קאַפע. אָבער

איידער זי באַווייזט זיך אויסצודרייען, דער ייד איז ווידער דאָ און זיין שטימע שרייט שוין אריין אין די אויערן:

— ראזיר-מעסערלעך! בענדלעך! שוואַקס!

באַשקע גיט זיך א ריס פונעם אָרט, א שפּרונג צום ייד, ווי א צעשויבערט הון און דראָט אים ארויף מיט איר קליין הענטל, ווי זי וואָלט געשטאַנען אין דער נידער און אַרויפגערעדט אויפן צווייטן שטאָק:

— ר' ייד, איך וואָרן אייך איר זאָלט מיר נישט נאָכקריכן, אז איך זאָל אייך נישט ברויכן מיט עפּעס צו דערלאַנגען אין קאָפּ אריין.

געהערט אַזעלכע ווערטער פון אַן אויפגערעגטער אָרעמער יידענע, האָט זיך דער ייד רואיק אוועקגעזעצט ביי א טישל, זיך געהייסן דערלאַנגען א שווארצע קאַפע.

באַשקע איז געשטאַנען פון דערווייטנס און האָט אים אָבסערווירט. ערשט איצטער, ווען דער ייד האָט זיך האָט רואיק אַוועקגעזעצט, האָט באַשקע אויף אים רחמנות באַקומען.

— דער ייד וויל דאָך אויך לעבן! — איז איר געקומען אויפן געדאַנק. — און פאַרוואָס האָב איך א טבע יענעם באַלד צו זידלען? אפשר צוליב דעם האָב איך נישט קיין דערפאָלג ביי מענער?...

און כדי איבערצובעטן דעם יידן, וואָס זי האָט שוין צוויי מאָל פאַרשעמט, זעצט זיך באַשקע אוועק ביי זיין טישל, און פרעגט ווייך:

— איר זענט שוין לאַנג אין פּאַריז?

— אזוי לאַנג ווי ס'גלות! — זאָגט דער ייד מיט א געשמייכל.

— איר זעט דאָך, אז כ'רייד צו אייך מענטשלעך.

— און איך ענטפער אייך טערקיש?

באַשקע קלערט א ווײַלע. דערנאָך אומדרייסט, ווי זי וואָלט זיך געשוויטלט:

— נעמט א צוקערל ר' ייד, איר וועט אייך דערקוויקן. זיי האָבן א טעם ווי איינגעמאַכץ, — שטופּט באַשקע דעם ייד אונטער איר אַלומיניום-פּושקעלע מיט צוקערקעס.

— איך האָב אָבער נישט ליב קיין איינגעמאַכץ.

— און א ווייב האָט איר, ר' ייד? — קוקט אויף אים באַשקע.

— וואָס איז אייך א חילוק. איר האָט דען פאר מיר א נדן — ווילט זיך דער ייד.

— נדן דארף איך און דאָס איז גאָרנישט?

זי סדרט אוים אויפן טיש דאָס גאַנצע קרעמל.

— און אז כ'האָב א שטוב ווי א וואלד, דאָס פענצטער אין הימל, א ביסל מעבל אויף א וויסטאַווע אויסצושטעלן, בעטגעוואַנד ווי פאר א קעניג, דארף איך האָבן נדן? און איך אליין בין שוין גאָרנישט ווערט? — האָט זיך באַשקע א גלעט געטאָן איבער איר שויבער-קאָפּ.

דער ייד האָט זי אָנגעקוקט א שווייגנדיקער. באַצאָלט פארן גלעזל און איז אוועק. באַשקע האָט אים נאָכגעקוקט...

צומאָרגנס, אז דער ייד האָט זיך ווידער באַוויזן אין דער יידי-שער קאַפע, געגומען שפּרינגען קדוש, שרייענדיק אין יעדנס אויער אריין, וואָס ער האָט צו פארקויפן, האָט זיך באַשקע מער נישט געבייזערט, נאָר געשטאַנען און אים אָבסערווירט. ער האָט פארקויפט א שטיקל זייף און איז ארומגעלאָפן אָפּטווישן א טויזנ-טער. באַשקע האָט אים צוגערופן און אָפּגעטוישט. דער ייד האָט געדאַנקט און איז געווען גליקלעך, וואָס זי טשעפּעט אים מער נישט, ווי זי וואָלט אים מער נישט באַטראַכט פאר קיין קאָנקורענט...

מיטאָג־שעה, האָט זיך באַשקע מיט דעם יידן צופעליק געטראָפן ביים „קאָנטואר", ביידע ביי א שווארצער קאַפע. דער ייד האָט צו-געברופּעט א שטיק אַלט ברויט. באַשקע האָט אים אנגעקוקט מיט באַדויערונג, ארויסגענומען פון איר קיישל א טאָמאַט, אים דער-לאַנגט.

— עסט צו ר' ייד, א טאָמאַט גיט בלוט...

דער ייד, צופרידן, וואָס באַשקע האָט אים אויפגעהערט זיד-לען, האָט צוגענומען די טאָמאַט מיט א דאַנק. באַשפּריצט זיין העל-רעקל מיט טאָמאַטן-זאַפט, — האָט זיך באַשקע אָנגערופן:

ווען איר וואָלט געגעסן ביי מיין טיש, וואָלט איך אייך גע-געבן א סערוויעט...

— איך זע שוין — האָט דער ייד געזאָגט — אז כאָטש איר בייזערט זיך אויף א קאָנקורענט, האָט איר נאָך א בעסער האַרץ, ווי א פרוי וואָס מאַכט קאָמפּלימענטן...

באַשקע האָט זיך אינגאַנצן געפרעגלט אין נחת. געמאַכט א שנעבעלע ווי אן אַכצן־יעריק מיידל צום געפעלן.

— אויב איר זענט אן עלנדער, ר׳ ייד, קען איך אייך געבן מיין אדרעס, קומט אמאל ארויף צו מיר אין אוונט. מיר וועלן טרינקען צוזאמען א גלעזעל טיי, מ׳עט רעדן א ווארט. אין צווייען איז היימ־לעכער.

— אן עלענדער בין איך טאקע, אבער קומען צו א פרעמדער פרוי פאסט מיר נישט. פונדעסטוועגן קענט איר מיר געבן אייער אדרעס.

באשקע מיטן ייד האבן זיך פון דעמאלט אן יעדן טאג גע-טראפן, זיך פריינטלעך באגריסט. אויסגעפרעגט זיך איינצלהייטן פון יעדנס לעבן, צוזאמען געטרונקען א קאפע. דער ייד האט שוין מעשה חתן אנגעהייבן צאלן. באשקע האט געקוואלן און אייבמאל אים דרייסט א פרעג געטאן:

ווי הייסט איר, ר׳ ייד?

— איטשע לייזער.

— איטשע לייזער? ווען איך זאל האבן א מאן מיט אזא נאמען, וואלט איך אים גערופן איטשעלע.

— אויף איטשעלע בין איך א ביסל צו הויך.

הויך, נידעריק, איר דארפט נאר טרעפן אייער זיווג. איר האט דאך מיר צוגעזאגט ארויפצוקומען. שוין א היפש ביסל וואכן פאר־איבער, און איר האט זיך נאך אלץ נישט איבערגעלייגט. אפשר וואלט איר געוועזן א נאשער צו מיר ארויפגעקומען דעם פרייטיק צונאכט? האלט פון מיר יא, האלט פון מיר נישט, נאר כ׳וויל שפירן דעם טעם, פון א מאן ביים טיש.

— אפשר וועל איך קומען.

— וואס עפעס אפשר, איך וועל מאכן א שבת ווער צו גאט האפט.

דער ייד איז געבליבן שטיין א פארטראכטער... זיך דערמאנט, אז דער ווינטער רוקט אן. אין די ביינער בלאזט א ווינט. אין האטעל איז קאלט, פינצטער, אומעטיק...

— איך וועל קומען און וועל עפעס מיטברענגען.

— ברענגט גארנישט מיט. ביי מיר אין שטוב איז א שפע!...

פרייטיק צו נאכט, איז איטשע לייזער געזעסן ביי באשקעס טיש מיט א פארשוירן בערדל. דער טיש געדעקט מיט א ווייס טיש-טעך, א גרעסער לעמפל אין א פאפירענעם אבאזשור, האט די קרומע ווענט שטימונגס-פול באלויכטן. באשקעס קאפ-האר קארבירט פון אן אנדעפריזאבל, האט אויסגעזען, ווי זי וואלט געטראגן א שבת׳דיק

שייטל, זי איז געווען אָנגעטאָן אין איר זיידן קלייד, וואָס זי טראָגט אין די הייליקע יום־טובים צו גיין אין דער שול אריין. זי איז ארומגעלאָפן איבערן שטיבל א שטראַלנדיקע. זי האָט זיך גישט געקענט קיין אָרט געפינען פאר פרייד. מער פון אַלץ אין דער וועלט, האָט זיך אין איר האַרץ אָנגעצונדן א פארלאנג, אז די יידישע שכנות, וואָס האלטן זי פאר א מיאוסקייט זאָלן וויסן, אז צו איר איז געקומען א מאַנספּערשוין. זי האָט לאַנג נאָכגעטראַכט און ענדלעך ארויסגעלאָפן צו די שכנות:

— ווייבער, באָרגט מיר א טעלער מיט בלומען, כ׳האָב א מאַנספּאַרשוין!

די ווייבער זענען איר נאָכגעלאָפן נייגעריקע. ארייגעשטעקט די קעפּ אין באַשקעס טיר און זענען אוועק אייפערזיכטיקע.

איטשע לייזער איז געזעסןביים טיש און האָט אַלץ באַטראַכט, וואָס האָט זיך נאָר געפונען אין שטיבל. זיין בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים בעט פול מיט בעטגעוואַנט...

— עס גייט דאָ א סאך דירה־געלט?

— זאָרגט אייך נישט, ר׳ איטשע! אזוי ווי מיר זענען דאָך שוין א ביסל נאָענטע מענטשן, וועל איך אייך אויסזאָגן, אז כ׳האָב א קניפּל אויך... ווען כ׳זאָל האָבן א שותף, וואָלט איך מיר פאַרגרעסערט ס׳קרעמל. אליין איז שווער...

זי איז געבליבן שטיין ביי דער גאַז־מאַשינקע, טראַכטנדיק:

— וועט ער מיר געבן א לייטישן ענטפער, וועל איך דערלאַנגען די קניידלעך, און אויב חלילה נישט, — וועל איך אויפגעבן די יויך מיט איינגעבראָקטע מצה. וואָס, פאר א פרעמדן מאַנספּערשוין איז דאָס נישט געגוג?

— וואָס דאַרפט איר א שותף, איר דאַרפט האָבן א מאַן. איר זענט א גאַנץ לייטישע יידענע. איך האָב אויף אייך נאָכגעפרעגט. איר האָט א גוטן שם אויפן בעלוויל.

זי האָט אויפגעגעבן די קניידלעך...

פּאַריז, אויגוסט 1947.

# דאָס לערן־ייִנגל

**צו** פופציק יאָר מיט אַ באַזילבערטן קאָפּ איז וואָלף זאַלצמאַן אין רוישיקן פּאַריזער ים, געבליבן שטיין, ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד אין מיטלען ווייטער צו שטראָמען אין לעבן אַריין.

אַ שטיקל צייט נאָך דער באַפרייונג, האָט אים זיין גורל, ווי פיל אַנדערע אויסגעוואָרצלטע, אַהער געטריבן קיין פּאַריז. אויפגענומען האָט אים אַ פּאַריזער אַזיל, ווו זאַלצמאַן האָט אויף אַ ריין בעטל געפונען אַ ביסל מנוחה. אין דער ערשטער צייט — זיך דאָרט גאַנץ גוט געפילט. אין זיין געמיט־צושטאַנד האָט נאָך געדרימלט די מענטאַליטעט פון לאַגער. ער האָט זיך נאָך אַלץ געפונען אויפן לעצטן שטאַפּל פון לעבן, ווו דער מענטש איז דערנידעריקט צו דער מדרגה פון אַ הפקר־הונט, וועלכער קריכט אויף אַלע פיר בעטלען אַ ביסל „אָפּפאַל" ביי דער אַרישער קיך און ווערט ברוטאַל אוועקגעקאָפּעט פון אַ דייטשן שטיוול.

איינציקווייז האָט זיך אין וואָלף זאַלצמאַן גענומען אויסשיילן דער אַמאָליקער מענטש. דער אַמאָליקער פון אַלע בכבודגעהאַלטענער וויין־שענקער אין פּוילישן שטעטל, צו וועמענס טיש עס זענען געגאַנגען עסן צען אייגענע מענטשן, פון וועלכע עס איז מער קיין שפור נישטאָ... און דעמאָלט האָט זיך וואָלף זאַלצמאַן אויפגעכאַפּט פון זיין אַזיל־בעטל און געפרעגט:

— וואָס טו איך נאָך דאָ?...

וווינט שוין וואָלף זאַלצמאַן דעם צווייטן חודש אין אַ באַשיידן האָטעל־צימערל מיט אַ פאַרקראַטעוועט פענצטערל און האָט זעלטן וועז צו באַצאָלן דירה־געלט. און דאָס פאַרשאַפט אים אַזויפיל זאָרגן און ערגערניש, אַז אָפּטמאָל טראַכט ער, אַז אין אַזיל איז אים שוין בעסער געווען...

מיטאָג־שעה אויפן בולוואַר דע בעלוויל. די זון באַצירט די טראָטואַרן מיט זוניקע שפּיגעלעך. פון אַלע מעטראָ־אויסגענג

כוואַליען זיך אַרום פֿאַרביקע מענטשן־שטראָמען און פֿליסן אַוועק איילנדיק אין זייטיקע געסלעך. יונגע מיידלעך ווערן פֿאַרהאַלטן מיט אַ פּייף פֿון אַ גרופּע לעבנס־יונגען, וואָס זיצן ביי אַ קאַפע־טישל און לאַכן אַריין אויסגעלאַסן און הפקר'דיק אין זוניקן טאָג אַריין. יונג און אַלט לויפֿט מיט די לאַנגע פֿראַנצויזישע ברויט אין די הענט. ביים איינגאַנג פֿון דער יידישער „קאַנטין" שטייען צענדליקער פֿאַרלעך פֿריש־געקומענע פֿון דייטשלאַנד און געניסן שמועסנדיק און לאַכנדיק פֿון דער פּאַריזער זון, וואָס וואַרעמט זיי מער ווי די דייטשע... די בוימער אויף די בולוואַרן האָבן זייערע קרוינען־קעפּ אויסגעלייגט אויף די טראָטואַרן אין דער פֿאָרם פֿון שאָטנדיקע בלעטער־דיוואַנען, איבער וועלכע מענטשישע פֿיס טרעטן...

וואָלף זאַלצמאַן שפּאַנט אויפֿן בולוואַר, מיט אַ געדרייטן סיגאַרעט אין מויל, גראָב, ווי אַ ציגאַר. ער שלעפּט זיך מיט אַ מידן טראָט און דרייט זיך אַריין אין אַ שמאָלינק געסעלע, וווּ עס געפֿינט זיך אַ יידישער רעסטאָראַן.

ביים „קאָנטואַר" טרינקט מען שנאַפּסן. שטיקער הערינג הענגען אין מענטשן־הענט אויפֿגעשטאָכן אויף גאָפּלען. ביי אַ טישל פֿאַרקויפֿט מען אַ נישט־זעבאַרע סחורה. אין צווייטן רעסטאָראַן־זאַל איז רוישנדיק און טומלדיק פֿון אימיגראַנטן, וואָס רעדן אויף פֿאַרשידענע שפּראַכן. די טישלעך זענען געדעקט מיט אַלטע קאָלירטע מאַפּעס, אָנשטאָט ווייס פּאַפּיר, וואָס קאָסט היינט אַזוי טייער. ווײַלן זיך די פֿריש־געקומענע אימיגראַנטן מיט די מאַפּעס. איינער שרייט:

— מיין טעלער שטייט אויף לאָנדאָן!

אַ צווייטער:

— מיין טעלער שטייט אין כינע!

אַ דריטער:

— מיין טעלער שטייט אין סיביר, דעריבער איז די יויך קאַלט.

וואָלף זאַלצמאַן דרייט זיך אַרום אינעם רעסטאָראַן, ווי אַ שאָטן... דאָ עסט זיינער אַ לאַנדסמאַן, וועלכער האָט אים שוין עטלעכע מאָל געבאָרגט געלט צו באַצאָלן דעם האָטעל. זאַלצמאַן כאַפּט אַ בליק. זיין לאַנדסמאַן איז דאָ. ער זיצט ביי אַ טעלער צעשניטן פֿלייש און עסט לייענענדיק אַ יידישע צייטונג. קוקנדיק אויף זיין לאַנדסמאַנס באָרד, וועלכע דערמאָנט אין אַן אויסגעריבענע באַרשט, ווערט אים היימלעכער. ער ווייסט, אַז ווען זיין

לאנדסמאַן, דער שניידער מאָטל שיפּמאַן איז נישט ראַזירט, איז ביי אים דעמאָלט סעזאָן און קיין הונדערטער שפּילט ביי אים נישט קיין ראָלע.

דרייט זיך זאַלצמאַן איין מאָל און נאָך אַמאָל פאַרביי פישמאַנס טישל, ער וואַגט אָבער נישט צוגיין. ער וויל בעסער, אַז פישמאַן זאָל אים באַמערקן און צורופן. נאָר פישמאַן זיצט אַלץ פאַרטיפט אין דער צייטונג.

באלד איז דער גאַרסאָן צוגעקומען צו פישמאַנס טישל מיט אַ טעלער אין האַנט. זאַלצמאַנען אַ שטויס געטאָן מיט געבייזער, ווי מען שטויסט געוויינלעך אַז איבעריקן מענטשן. אַוועקשטעלנדיק דעם טעלער האָט ער געפרעגט אַ גאַסט מיט אַ שנעלקייט, ווי ער וואָלט געלייענט די „עשרת בני המן“:

— וואָס באַשטעלט איר? אַ געהאַקטעס, אַ געפילטעס, אַ געשטאָפּטעס, אַ געבראָקטעס, אַ געציפּטעס, אַ געפּליקטעס?

— מיר גאַרסאָן אַ צעחושטן קאָמפּאָט!

— מיר די לעבער!

— מיר אַ בריסטל!

ערשט דעמאָלט האָט פישמאַן אַרויסגענומען די אויגן פון דער צייטונג און געוויזן, אַז ער האָט אַ חוש פאַר הומאָר. אינמיטן לאַכן האָט זיך זיין בליק אָפּגעשטעלט אויף זאַלצמאַנען:

— דער מענטש איז שוין ווידער דאָ נאָך געלט...

— מיט אַ גוטן אַפּעטיט, מאָטל! — האָט זאַלצמאַן געזאָגט און דערלאַנגט די האַנט.

פישמאַן האָט אים דערלאַנגט אַ קאַלטן פינגער, ווי ער וואָלט געלעגן אויף אייז...

— וואָס הערט מען, זאַלצמאַן?

— ווערסט האָבן אָפּגעגעסן וועט מען כאַפּן אַ וואָרט.

פישמאַנען איז דער ביסן געבליבן שטעקן אין דער קעל... ער האָט געפילט, אַז ער דאַרף זאַלצמאַנען צורופן און אים צאָלן אַ מיטאָג. ער האָט געוווסט אַז פאַר דער „קאַנטין“ באַקומט ער מער נישט קיין טיקעטן. ער האָט אָבער מורא געהאַט אים צוגעוווינען דערצו, אַז ער זאָל נישט קומען יעדן טאָג...

נאָכן באַצאָלן האָט זיך פישמאַן אויפגעשטעלט און געזאָגט צו זאַלצמאַנען:

— הער זיך איין! איך ווייס, אַז דו ביסט אַ גאָלענער. אָבער

איך קען דיר נישט העלפֿן יעדן טאָג. איך בין אַליין אַן אַרבעטער און וואָס כ׳אַרבעט מיר נישט אויס מיט מײַנע ידים האָב איך נישט. הער זיך איין! איך האָב פֿאַר דיר אַ פּלאַן: בײַ מיר איז נעכטן אַוועקגעגאַנגען אַ פּרעסער. אויב דו ווילסט קען איך דיך אויסלערנען פּרעסן. מענטשן אין דײַנע יאָרן האָבן זיך אַלע אויסגעלערנט פֿאַכן און מאַכן אַ גאַנץ שיין לעבן.

זאַלצמאַן איז געבליבן שטיין אַ פּאַרטראַכטער:

— איך אין מײַנע יאָרן זאָל זיך איצט גיין לערנען אַ פֿאַך?

אָבער זעענדיק זײַן אויסזיכטלאָזיקייט, האָט ער געזאָגט:

— נו מילא, כ׳וועל פּרובירן!

— איז געזאָגט און געטאָן! האָק אַרײַן אַ „סאַנדוויטש" מיט אַ ביר און קום!

אין דער אַטעליע איז געזעסן אַ שיין מיידל און געמאַכט די האַנט־אַרבעט. זאַלצמאַן איז רויט געוואָרן קוקנדיק אויף דעם מיידל און ווען זי האָט אויפֿגעהויבן אירע בלויע אויגן און אים געשאָנקען אַ זייטיקן בליק, האָט ער זיך פֿאַרשעמט ווי אַ מינדעריעריק לערן־ייִנגל, נאָר ער האָט נישט געהאַט קיין צײַט צו טראַכטן, ווײַל פֿישמאַן איז שוין געשטאַנען און האָט אין אים אַרײַנגערעדט:

— דו זעסט דאָס זשאַקעטל? קיין גרויסע תורה איז דאָס נישט. דו נעמסט דאָס האַלצערנע קאַטרינקעלע — האָט ער אָנגעוויזן אויפֿן „זשאַנעט" — דו פּרעסט מיר אויף די אַקסלען, די נעט. אַלץ אַ שמיר מיטן פּענזל. אָט אַזוי פּרעסט דו מיר די אַרבל. דערנאָך שעסט אַנידער אַ קלאַפּע, דעם קאָלנער, די צווייטע קלאַפּע. אָפּגעפּרעסט, צוגעקלאַפּט מיטן ברעטל און נאָכדעם וואַשט דו מיר אַרום דאָס גאַנצע שטיק אַרבעט. פּאַרטיק, אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף דער האָלצערנער דאַמע און ביסט אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך. ברויכסט נישט מער צו קיינעם אָנקומען נאָך אַ מיטאָג.

זאַלצמאַן איז געשטאַנען אַ נידערגעשלאָגענער. אומבאַהאָלפֿן, ווי מען וואָלט אים געהייסן אויפֿשטעלן אַ הויז. ער האָט געקוקט צו דער טיר, נאָר דער אינערלעכער דראַנג צום לעבן, האָט אים נישט געלאָזט אַוועקגיין.

פֿישמאַן האָט אָפּגעפּרעסט איין שטיקל און נאָך אַ שטיקל. זאַלצמאַנס אויגן זענען נאָכגעלאָפֿן זײַנע הענט. ער האָט געהאַלטן אין איין שטעלן קאָמישע פֿראַגעס:

— פונוואַנען ווייסט מען ווי לאַנג מען דאַרף אַזוי גלעטן די פּלייצע?

— ביז ס'אייזן פּאַלט אַדורך אויף יענער זייט...

פּישמאַן האָט געלאַכט מיט טרערן אין די אויגן... דאָס מיידל האָט זיך געוויגט אויפן שטול לאַכנדיק. נאָכן אָפּלאַכן האָט זיך פּישמאַן אָנגעצונדן אַ סיגאַרעט. איינע אויך דערלאַנגט זאַלצמאַנען און געזאָגט:

— זאָלסט נישט מיינען, אַז איך לאַך פון דיר.

זאַלצמאַן האָט אַ שטאַרקן צי געטאָן ביי דער סיגאַרעט, אַרויס־געלאָזט אַ וואָלקנדל מיט אַ זיפץ צוזאַמען:

— היטלער האָט אונז גוט אויסגעשטעלט!

ערשט אין אַ וואָך אַרום נאָך אַ גאַנצע סעריע „לעקציעס" און איבונגען, האָט שוין פּישמאַן זאַלצמאַנען אַליין אָנגעטרויט אַ שטיק אַרבעט. פּישמאַן האָט נאָך אַלץ געצויגן מיט דער נאָז אויף דער אַרבעט, אָבער ער האָט אים צוגעגעבן קוראַזש:

— וועסט זיך צוגעוווינען. די הויפּט־זאַך, האַלט מיר נישט דאָס אייזן, ווי אַ בער. און ביי די קלאַפּעס מוז מען אַ ביסל צו־לייגן דאָס וועסטל. דאָס הייסט אויף שניידעריש לשון — דאָס האַרץ. דו מוזט געבן אַ פעסטערן קוועטש, אַז די קלאַפּעס זאָלן זיך מיר נישט בראַכן, ווי אייער־קיכלעך...

נאָך פיל שוועריקייטן, האָט זאַלצמאַן געכאַפּט די תורה און איז שוין געשטאַנען ווי אַ באַכמאַן און געפּרעסט איין שטיק נאָכן צווייטן. פּישמאַן האָט אַלץ נאָך געהאַט אַ באַמערקונג.

— האָסט געהערט זאַלצמאַן, מיר דאַכט זיך, אַז דו וועסט אַרויסקומען אַ גאַנץ גוטער וואַשער. זע אָבער, אַז די אַרבעט זאָל מיר נישט זיין אַזוי נאַס, ווי נאָך אַ באָד...

פרימאָרגן. פּישמאַן איז געזעסן ביי דער מאַשין און גענייט. זאַלצמאַן איז געשטאַנען ביים טיש און געקלאַפּט מיטן ברעטל אין די קלאַפּעס אַריין, אַזש דער טיש איז געשפּרינגען ווי אַ לעבע־דיקע קאָזע. די האַנטנייערן איז אַרומגעלאָפן איבערן פּאַרקעט מיט אַ מאַגנעט אין דער האַנט און געכאַפּט שפּילקעס זינגענדיק דערביי אַ פּויליש ליד. דער שניידער האָט זיך געפילט אין אַ גוטער שטי־מונג. די זון האָט אַריינגעשיינט דורכן אָפענעם פענצטער און באַ־גאָסן מיט אַ גאָלדיקייט די פאַרביקע שטיקלעך אָפּפאַל, וואָס זענען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע אַזוי געדיכט, ווי אַ קאָלירטער צעריסענער

דיוואַן פּישמאַן האָט פאַרויכערט אַ סיגאַרעט, אַ צווייטע צוגע־וואָרפן זאַלצמאַנען און געזאָגט:

— דו הערסט זאַלצמאַן, מיר איז אויפן געדאַנק געקומען אַ מעשה, וואָס מיין פאָטער — אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן — האָט מיר אַמאָל דערציילט. ווילסט הערן פרעסער?

— אויף קיין מעשה פרעגט מען נישט קיין קשיא, — האָט זיך זאַלצמאַן געוויצלט שוין פילנדיק זיך זיכערער מיטן שווערן אינסטרומענט אין דער האַנט.

— אָט הער! איז אַלטן רוסלאַנד האָט אַמאָל אַ גוטער ייִדי־שער שניידער געמאַכט אַ מונדיר פאַר אַ גענעראַל. ווייסטו דאָך, אַז פאַרצייטנס האָט מען געפּרעסט מיט האָלץ־קוילן און אונטן ביים אייזן איז געווען אַן אָפן טירל. מאַכט זיך אַמאָל, עס פאַלט אים אַרויס אַ גליענדיקע קויל און ברענט אין גענעראַלס מונדיר אויס אַ לאָך. און דו ווייסט וווּ? אויפן סאַמע פראָנט, אויף דער ברוסט. וואָס טוט דער ייִדישער שניידער? ליוועט אָפּ דאָס שטיק אַרבעט און בעט דעם גענעראַל זיינע מעדאַלן. וויל ער וויל דאָס שטיק אַרבעט פּרעזענטירן מיט די מעדאַלן אויף דער ברוסט. און מיט די מעדאַלן האָט ער טאַקע פאַרשטעלט דאָס לאָך, געוויזן דעם מונדיר און דער גענעראַל איז געווען אַזוי אַנטציקט פון דער אַרבעט, אַז ער האָט אים נאָך צוגעגעבן אַ פּרעזענט. נו, וואָס זאָגסטו צו אַ ייִדישן קאָפּ?

זאַלצמאַן שטייט און פידלט מיטן אייזן. ער הערט פאַרטיפט די מעשה און האָט אַ שטאַרקע הנאה פון דעם קלוגן שניידערל, נאָר פּלוצלונג כאַפּט ער אַ קוק אויפן שטיק־אַרבעט און לאָזט אַרויס אַ געוואַלט. איינע פון זיינע קלאַפּעס, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איינפּרעסן די קאַנט, איז אינגאַנצן געל געוואָרן, ווי אַ לעקעך. און דערצו אין אַ מילך־ווייס זשאַקעטעלע. ער ווערט טויט־בלייך און שטעלט אַוועק דאָס אייזן מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט אומגע־ברענגט אַ מענטש...

— זע נאָר פּישמאַן, וואָס כ'האָב געמאַכט!...

פּישמאַנען ווערט פינצטער אין די אויגן... אַ בליק אויפן שטיק אַרבעט, אַ בליק אויף זאַלצמאַנען, אַ בליק אויפן זשאַקעטל, אַ בליק אויף זאַלצמאַנען:

— האָסט מיר אָפּגעהרגעט אַ שטיק אַרבעט!

זאַלצמאַן שטייט, ווי הענט און פּיס וואָלטן אים געווען אָפּגע־נומען...

— אפשר קען מען דאָס אין אַ פּראָלניע אויסוואַשן?

— וואָס דיר אויס דעם נאַר, שלימזל. זעסט מען טאָר קיין מענטש נישט טאָן קיין טובה. כ׳מוז שוין אַוועקלויפן אין הויז אַריין און צוקויפן אַן אַנדער שטיקל שטאָף. און ווער ווייסט, צי דער זעלבער שטאָף איז נאָך דאָ?

און כאַפּנדיק די מאַרינאַרקע אויף זיך, האָט ער אויסגעשריגן:

— פּרעס נישט ווייטער!

זאַלצמאַן האָט זיך אַראָפּגעוויגט פון די שטיגן, ווי אַ שיכור... אַרויסקומענדיק אויף דער גאַס, האָט זיך אַלץ געדרייט אין זיינע אויגן... אַז ער האָט זיך באַרואיקט, איז ער צוגעגאַנגען צו אַ קיאָסק און געקויפט אַ יידישע צייטונג.

פּלוצלונג האָבן זיך זיינע זוכענדיקע אויגן אָפּגעשטעלט אויף אַן אָנאָנס: „מען זוכט אַ גוטן פּרעסער צו דאַמען־אַרבעט". אין ערשטן אויגנבליק האָט זאַלצמאַן אַראָפּגעלאָזט די הענט. נאָר שפּע־טער אַ ביסל, זיך דרייענדיק אַהין און אַהער אויף דער גאַס אָן אויסוועג, האָט אים זיין לעבנס־אינסטינקט אַהינגעפירט אויף דער אָנגעוויזענער אַדרעס. ביים אָנקלינגען איז אים די האַנט געוואָרן געליימט... די איבערגעלעבטע סצענע איז אים נאָך געלעגן אין די ביינער. אָבער אַוועקגיין איז אים געווען נאָך שווערער... ער האָט זיך דערמאָנט, אַז פּישמאַנען האָט ער שוין אויך פאַרלוירן.

אנגעקלונגען, געמאַכט פּראָבע האָט דער פּאַטראָן באַקוקט דאָס שטיק אַרבעט:

— מאַכט מיר נישט קיין אַרויסגעשאַרצטע נעזלעך, ווי ביי פּוילישע שיקסעס. אַ קלאַפּע מוז ליגן רונדיק. נאָר אויף אייערע יאָרן איז עס גאַנץ שיין. איר מוזט אייך ערשט האָבן דאָס אויסגעלערנט?

— וואָס רעדט איר, מעסיע. איך בין שוין צוויי יאָר אין פּאַך. איך האָב געאַרבעט ביי מיינעם אַ לאַנדסמאַן. ער איז פון מיר געווען העכסט צופרידן...

— פּרעסער, הערט אויף צו באַשטעלן אונז וואַשט ווייטער!

שפּעט אינאָוונט, ווען זאַלצמאַן איז אַהיימגעקומען נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, האָט ער זיך, ווי אַ צעבראָכענער אַראָפּגעלאָזט אויפן בעטל אין זיין האָטעל־צימערל. ער האָט געפילט אַ מידקייט

אין אַלע זיינע אברים. נאָר די מידקייט איז אים געווען ליב. ער האָט זיך איצטער געפילט שטאָלץ, וואָס ער קען שוין לעבן פון אייגענער פראַצע. דער ריטמישער גערויש פון די ניי־מאַשינען, האָבן גע־קלונגען אין זיינע אויערן, ווי א מוזיק, וואָס פירט צו א פראָדוק־טיוו געזיכערט לעבן.

פּאַריז, סעפּטעמבער 1947.



# צוויי פרעזידענטן

מאָטל שוסטער האָט נישט געמאַכט קיין גרויס געשעעניש דערפון, וואָס זיין גורל האָט אים נאָך צוואַנציק יאָר שפּילן די ראָלע פון אַ שיך־פאַבריקאַנט צוריק אַוועקגעזעצט אויפן שוסטער־בענקעלע, ווי אַ לאַטוטניק אין אַ קליין, פינצטער געוועלבל אין אַ פאַרוואָרפן בעלווילער געסל.

מאָטל איז שוין געווען אַ מענטש אין די פופציקער. אַ נידעריקער, אַ ברייטבייניקער, מיט אַ פרימיטיוו, פאַרהאַרטעוועט פנים, ווי אַ שטיק לעדער. זיינע צוויי געזונטע הענט האָט ער נאָך ביי דער אַרבעט אויסגענוצט, ווי אַ צוואַנג. די דיקסטע נעגל האָט ער אַרויסגעצויגן ווי אַ האָר פון אַ בערשטל.

מאָטלס געוועלבל איז געווען אַ קליינינקעס. ווען ס'זענען אַריינגעקומען צוויי קליענטקעס מיטאַמאָל, איז מאָטל געווען געצוווּנגען אַרויסצוגיין פון „געשעפט". ער איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל און אָנגענומען די אַרבעט, מיט אַ שמייכל, מיט אַ וויץ. דאָס האָט זיין קליענטעל שטאַרק אימפּאָנירט. רעדנדיק מיט אַ קליענט וועגן אַ פּאָר פּאָדקאָוועס, אָדער אַ קליענטקע וועגן אַ פּאָר דאַמען־קלעצלעך, האָט ער געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט גערעדט מיט זיינע אַמאָליקע „הייזער", אין וועלכע ער האָט צוגעשטעלט אין די הונדערטער פּאָר שיך פאַר שווערע סומעס.

נאָר טיילמאָל איז פאַר זיין געוועלבל פאַרבייגעגאַנגען אַ פאַרמלחמהדיקער באַקאַנטער. דערזעענדיק מאָטלען אויפן שוסטער־בענקעלע אין די לייוונטענע, געפלעקטע שירץ, איז יענער אַריין און איבערראַשטער:

— האסט דיך צוריקגענומען צו דער אַרבעט, מאָטל?

— נו, איז וואָס, איז דאָס אַ בושה? וואָס וואָלסטו געוואָלט, אַז היטלער האָט מיר אויסגעטאָן די קרוין, זאָל מיר קהל אָנטאָן אַ שטריימל און מיך מאַכן פאַר אַ רב?...

נאָר אַז יענער איז אַוועק, האָט עס מאָטלען אינעווייניק גע־גריזשעט ווי אַ וואָרעם... נישט אַזוי ווייט צוליב זיין צוריקומען אויף זיין ערשטע מדרגה, ווי צוליב דעם איראָנישן שמייכל און באַהאַלטענער צופרידנקייט פון מענטשן, וואָס הייסן אין פּאַריז נוטע פריינט...

שפּעט אינאָוונט, איז מאָטל שוסטער אַהיימגעקומען, מיט אַ מידקייט, וואָס איז אים געווען באַקאַנט פון זיינע ערשטע יאָרן אין פּאַריז. ער האָט שטאַרק אויסגעקושט זיין יונג, איינציק טעכטערל מאַרי, וואָס איז געוואַקסן אַ שיינהייט. ביי אַכצן יאָר שטעכט זי שוין מענער אויס די אויגן... זיין פרוי דאָרע האָט ער אַ לייכטן קוש געטאָן. דערנאָך זיך אַוועקגעשטעלט זייפן זיינע פאַרסמאָלעטע הענט, וועלכע זענען אים איבערן טאָג שטייף גע־וואָרן, ווי ער וואָלט געטראָגן לעדערנע הענטשקעס... זיין פרוי פילנדיק, אַז אין איר לעבן האָט זיך עפּעס געענדערט, איז גע־שטאַנען ביי מאָטלען מיטן ווייסן סערוויעט אין דער האַנט, אַ פאַרטראַכטע:

— נו, מאָטל, די אַרבעט איז דיר שווער?

— שווער זאָל זיין דאָס לעבן פון די, וואָס האָבן מיך צוגע־ברענגט צו דער מדרגה! נאָר באַקלאָגן וועל איך זיך נישט. כ'בין נאָך ביי די כוחות, כ'קען אַרבעטן. און כ'בין גליקלעך, אַז כ'האָב פאַר וועמען צו אַרבעטן! — האָט ער געוואָרפן אַ בליק אויף זיין ברונעטע יידענע, אָבער לענגער האָט זיך זיין בליק אָפּ־געשטעלט אויף זיין בליענדיק טעכטערל, וואָס האָט מיט גרויסע, שוואַרצע, סאַמעטענע אויגן פון אַנטציקונג געבלעטערט ביים טיש אַ קינאָ־מאַגאַזין.

— וואָס, מאַרי? — האָט ער געפרעגט, זיך זעצנדיק צום טיש און געקלעמט די פינגער פון זיין טאָכטער, וועלכע האָט אַרויסגעקוויטשעט, אַרויסגעלאַכט און אין דעם ווייטיק דערשפּירט די פאָטער־ליבע.

אינמיטן עסן האָט די מוטער אַרויסגערעדט:

— דו ווייסט, מאָטל, מען וועט זיך מוזן אומזען פאַר מאַרין אַן אַנדער פּיאַנאָ. דאָס קינד דרייט זיך אַרום, ווי אַ שאָטן איז דער וואַנט... זי בענקט נאָך איר פּיאַנאָ... זי האָט שוין אַזוי גוט גע־קענט שפּילן און ס'האָט אונדז אָפּגעקאָסט אַ מאַיאָנטעק.

— אַ פּיאַנאָ? — האָט מאָטל אויפגעהויבן זיין קאָפּ פונעם

טעלער מיט דער מינע, ווי ער וואָלט באַקומען אַ שאַרפֿן שמייץ איבערן שאַרבן...

דאָס וואָרט „פּיאַנאָ" האָט אים אין פֿיל זאַכן דערמאָנט... ער קוקט זיך אַרום... ער זעט זיין אַמאָליקן עס־צימער — פּוסט... ער דערמאָנט זיך, אַז זיין פֿאַרמלחמהדיקע מעבלירטע וווינונג האָט ער מיט שווערקייט צוריקגענומען מיט ליידיקע ווענט... און איצטער וועט ער זיך מוזן איינשפּאַנען, ווער ווייסט אויף וויפֿל יאָרן, ביז ער וועט עפּעס קענען אַריינשטעלן. אָבער אַ פּיאַנאָ פֿאַר זיין איינציקער טאָכטער, וואָס שטייט ביי אים העכער, ווי זיין לעבן, דאָס האָט ער דערפֿילט, איז דאָס ערשטע מעבל־שטיק, אויף וועלכן ער וועט אַרבעטן מיט אַלע כוחות.

— זאָרג זיך נישט, מאַרי, אַז דיין טאַטע לעבט, וועסטו האָבן אַן אַנדערע פּיאַנאָ! — האָט מאָטל אַרויסגערעדט מיט אַ שמייכל, און צערעכט געמאַכט ביי זיין טעכטערל דעם סערוויעט אַרום איר האַלדז, ווי זי וואָלט נאָך געווען אַ קינד. מאַרי האָט געקושט איר פֿאָטערס האַנט, וואָס האָט זיך געפֿונען נאָענט פֿון אירע ליפּן.

— די הויפּט־זאַך, נאָר לעבעדיק! איר זעט דאָך, אַז היטלער האָט געמיינט, אַז ער וועט אונדז אויסטעמפּיען, צום סוף עסן מיר זיסע פֿיש און ער ליגט אין דרערד.

נאָכן עסן האָט זיך מאָטל געדרייט אַ גראָבן סיגאַרעט, פֿאַררויכערט, זיך פֿאַרקוקט אויף זיין טעכטערל, וואָס איז שוין אַרום־געלאָפֿן איבערן עס־צימער מיט אַ שפּיגעלע אין דער האַנט, זיך אויסגעגלייכט די צוויי רויטע פֿייגל פֿון סאַמעט־באַנד, וואָס האָבן איר געשוועבט אויף ביידע זייטן שלייפֿן.

— פּאַפּאַ, איך גיי מיט טערעזן אין קינאָ!

— איך וואָלט אַליין אויך געווען אַ בעלן אַרויסצוגיין, נאָר כ'מוז מיך אויפֿכאַפּן פֿרי. כ'בין באַוואָרפֿן מיט אַזויפֿיל אַרבעט, אַז כ'האָב מיר נישט קיין צייט אַרויסצוגיין באָרגן אויף אַ ברויט — האָט מאָטל זיך געוויצלט.

דאָ האָט די מאַמע זיך עפּעס דערמאָנט, אויפֿגעשפּרונגען פֿונעם טיש און דערלאַנגט איר מאַן אַ בריוו.

— מאָטל, כ'האָב דיר געהאַט פֿאַרגעסן צו זאָגן, דו האָסט אַן איינלאַדונג פֿון דיין סאָסיעטע. היינט אָוונט קומט פֿאָר אַן אַל־געמיינע פֿאַרזאַמלונג. מאַרי האָט עס איבערגעלייענט.

— מאַרי, לייען פֿאַר מיר נאָכאַמאָל איבער!

ביים גאַנצן טעקסט איז מאָטל געזעסן גלייכגילטיק. נאָר ביים ענדע, הערנדיק דעם אויסדרוק: פּרעזידענט בערנאַרד שאַבערמאַן, איז ער האַסטיק אויפגעשפּרונגען פונעם טיש. דער געדאַנק, אַז מעז האָט זיך אויפגעהערט מיט אים צו רעכענען און מען האָט אים אָן זיין ווייסן אויסגעמאַכט פאַר פּרעזידענט, האָט אים אַריינגעבראַכט אין אַזאַ אויפרעגונג, אַז ער איז גרייט געווען חרוב צו מאַכן אַ וועלט. דעם סערוויעט האָט ער מיט רציחה אַראָפּגעוואָרפן אויף דער ערד. אַ שפּרונג־געטאָן איבערן צימער, ווי אַ לעבנס־געפאַר וואָלט אים געדראָט, אַ כאַפּ געטאָן זיין הוט מיטן מאַנטל און אַ געשריי געטאָן צו זיין ווייב:

— דאָראַ, קום! איך וועל זיי ווייזן, וואָס עס הייסט אַ פּרעזידענט, וואָס האָט פּוצן יאָר פאַר זיי געאַרבעט, ווי אַן אייזל, באַגראָבן מיטגלידער מיט כבוד.

— וואָס קאָכסטו זיך אַזוי, מאָטל? זיי צופרידן, אַז דו ביסט געבליבן פּרעזידענט ביי דיין ווייב און טאָכטער.

— קוק דאָראַ, איך וועל זיי שוין אַרויפנעמען אויף דער קאַפּעטע!

אריינגעקומען אין דער קאַפע, וווּ די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען, האָט שוין דער נייער פּרעזידענט געהאַלטן אינמיטן דער רעדע. פון די עטלעכע הונדערט מיטגלידער, וואָס די סאָסיעטע האָט פאַרמאָגט, איז קוים געבליבן אַ צוויי צענדליק מענטשן. זיי זענען געזעסן ביי טישלעך, דער גרעסטער טייל אַן ווייבער, און אויסגעהערט די רעדע.

ביי מאָטלס אַריינקומען, איז געוואָרן אַ באַוועגונג.

— דער אַלטער פּרעזידענט מיט דער פרוי! — האָט מען זיך אָנגעהייבן שושקען.

— מאָטל פּאָלאַרסקי, דער געוועזענער פּרעזידענט פון אונדזער סאָסיעטע ווערט געבעטן צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין פּרעזידיום — האָט דער נייער פּרעזידענט אויסגערופן.

— זאָל דיר שטינקען פון קאָפּ מיט דיין כבוד אינאיינעם בערל אורכאָל! — האָט מאָטל אויסגעשריגן — ווער האָט מיך דען געמאַכט פאַר אויס פּרעזידענט? איך וועל נישט לאָזן ווייטער פירן די זיצונג, ביז איך וועל נישט באַקומען אַ וואָרט!

— עס קומט אים, עס קומט אים! — האָבן זיך כמעט אַלע מיטגלידער אויפגעכאַפּט.

— האָט מאָטל דאָס וואָרט! — האָט דער נייער פּרעזידענט נאָכגעגעבן.

מיט אַ שפּרונג איז מאָטל אַרויף צום פּרעזידיום, אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש אַריין, האָבן אַלע פיר פיס זיך צעקרעכצט און אנגעהייבן זיין רעדע מיט אַן אויפגערעגטער שטימע:

— מיטגלידער פון אונזער סאָסיעטע! איר ווייסט אַלע, אַז איך בין נישט קיין שמענטעליגענט, נאָר אַ פּראָסטער יונג. וואָס בין איך שולדיק, אַז צו דרייצן יאָר האָט מיך מיין טאַטע אַוועקגעפירט צו זאַלמע וואָרצל אין דער לער און מיך נישט געלערנט די דראָבנע אותיות? אָבער דאָך ווייסן אַלע דאָ, אַז פופצן יאָר בין איך געווען ביי ענק פּרעזידענט און זיך פאַר דער סאָסיעטע אַוועקגעדוי־רעסט. ווער האָט געקויפט דעם פּלאַץ? ווער האָט געמאַכט פּאַ־ראַדנע לוויות? ווער האָט באַגראָבן אין גוטע קאָסטנס? ווער האָט איינגעאָרדנט בעלער? ווער האָט געבאָרגט געלט די פריש־געקו־מענע עמיגראַנטן? אַלץ איך! אַלץ מאָטל שוסטער! נאָר ביי מיר איז געווען אַן אָפענע טיר און אָפענע קעשענע! טאָ פרעג איך אייך, הייַנט ווייל די דייטשע מערדער האָבן מיך געמאַכט פאַר אוים קאַפּעלוש־מאַכער, ווייל די דייטשע נאַכאַלניקעס האָבן מיך געמאַכט פאַר אוים פאַבריקאַנט און האָב נישט קיין צייט זיך אָפּצוגעבן מיט דער סאָסיעטע, האָט מען מיך געמאַכט פאַר אוים פּרעזידענט. איז בערל אורכאַל ביי אייך מער מורינו?

— איך נעם דיר צו דאָס וואָרט! — האָט זיך דער נייער פּרעזידענט געקאָכט.

— גלויב מיר, איך לאָז דיר אַראָפּ אַ קלינג, וועט מען דיך דאַרפן קובר זיין! — האָט מאָטל אויפגעהויבן זיין האַנט.

— פּרעזידענטן, נישט קיין געשלעג! — האָבן די מיטגלידער געליאַרמט.

— מאָטל, קום אַהיים! — האָט די מאָטלטע געשריגן.

עס איז געוואָרן אַ טומל. די מיטגלידער מיט די מאָטלטע בראש האָבן זיך אַרויפגעלאָזט צום פּרעזידיום, צעריסן די צוויי פּרעזידענטן, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַלטן ביי די העלדזער. דער טיש איז אַראָפּגעשפּרונגען פון קליינעם סצענעלע, מיט די פיס אינדערהויך. די גרינע דעק איז געבליבן הענגען אויף איין פוס־טיש, ווי אַ קאָלדרע אויף אַ טויט איבערגעדרייט פערד. גע־ענדיקט האָט זיך דער ספּעקטאַקל דערמיט, וואָס מאָטל האָט דעם

נייעם פרעזידענט אראפגעלאזט א פאטש, אז ס'האט זיך געדאכטן, אז די שויבן האבן געפלאצט...

אהיימגעקומען, זיך אביסל אפגעקילט, האט די מאטלטע אויף אים אנגעשריגן:

— האסט נאך נישט פארגעסן דיינע אלטע שטיק. וואס עפעס פאטשן? וואס טוסטו אזוי, אז ער קלאגט דיך אן? דו קענסט דיך היינט משפטן מיט אזא גביר?

— פארפאלן, דארא, געפאטשט איז געפאטשט, איצט איז מיר אביסל לייכטער.

דאך האט מאטל נערוועז געשפאנט איבערן צימער, זיך נישט געוואלט לייגן.

אז מארי, מאטלס טעכטערל, איז צוריקגעקומען פון קינא, האט די מוטער איר דערציילט, וואס אין דער סאסיעטע איז פארגעקומען.

מארי האט ארויסגעלאכט:

— האט נישט קיין מורא, ער וועט אייך נישט אנקלאגן! איך און זיין שארל... איך בין ערשט היינט אוונט געווען מיט אים אין קינא.

פאטער און מוטער זענען געבליבן שטיין איבעראשטע.

— נארישע קאזע, פארוואס האסטו דאס פריער נישט דערציילט? — האט די מוטער אנגעשריגן אויף איר טאכטער, וואס האט גליקלעך געשמייכלט.

— אויב אזוי — האט מאטל געזאגט א בארואיקטער — גיי איך מארגן אוונט אים איבערבעטן. פארדינט אזא כבוד האט ער נישט, נאר אז מיין טעכטערל זאל טאן א גוטן שידוך, בין איך מקריב מיינע שליפעס. מארי, דו וועסט מיך באגלייטן! — האט ער מיט ליבשאפט געקניפט איר בעקל.

מאטל מיט זיין טאכטער האבן זיך צומארגנס אינגט אויסגעסטראיעט און אוועק צו בערנארד שאכערמאן. אנגעקלונגען, האט דער זון — א פעסטער יונג ווי א באקסער — געעפנט די טיר. דערזען מארין אין איר פוטער־מענטעלע מיטן רויטן שאליק, איז ער אינגאנצן צעפלאמט געווארן. ער האט געכאפט איר הענטל א צעשטראלטער, געוואלט גרייט זי אויסצוקושן, נאר ער האט זיך געשעמט פאר מארים פאטער, וועלכער איז געבליבן שטיין ביי דער

טיר אַ נידערגעשלאָגענער, באַטראַכטנדיק שאַכערמאַנס וווינונג, נישט פֿריי פֿון קנאה...

אין אַ ווײַלע ארום איז בערנאַרד אריינגעקומען:

— וואָס האָסטו געוואָלט, מאָטל, ביסט מיך געקומען צו־פֿאַטשן? — האָט ער גוט־ברודעריש אַרויסגעלאָזט — ווען מײַן שאַרל האַלט מיך נישט צוריק, וואָלט שוין דער „אַפּער" געווען בײַ מײַן אַדוואָקאַט.

מאָטל האָט געוואָלט זאָגן, אַז ער איז געקומען אים איבער־בעטן, נאָר שאַכערמאַנס זיגערישער שמייכל איבער זײַן געפֿאַלנ־קייט, האָט אים אויפֿגעברויזט.

— כ'בעט דיך בערל, הער מיר אויף צו שפּילן דעם גראַף! איך האָב שוין אויך געזען ווי געלט זעט אויס. פֿאַרן פּאַטש, בערל שענק איך טויזנט פֿראַנק פֿאַר דער סאָסיעטע. מײַן האָנאָר האָט נאָך די ווערט אַ טויזנטער, כאָטש כ'זיץ הײַנט אַליין אויפֿן שוסטער־בענקל. ווו איז מײַן מאַרי?

ערשט איצט האָט זיך מאָטל געכאַפּט, אַז זײַן טאָכטער איז פֿאַרשוואונדן מיט שאַכערמאַנס זון אין אַ באַזונדערן צימער אַרײַן. און איידער מאָטל האָט זיך אָריענטירט אין וועלכן צימער זײַן טאָכטער געפֿינט זיך, האָט ער דערהערט זיך צעגיסן צאַרטע פּיאַנע־טענער. ער איז נאָכגעלאָפֿן לויט די טענער, שאַכערמאַן — נאָך אים.

ער קומט אַרײַן, זיצט זײַן טאָכטער בײַ אַ באַלויכטענער פּיאַנע און שפּילט. שאַכערמאַנס זון שאַרל שטייט אײַנגעבויגן איבער איר און קושט איר האַלדז...

די צוויי פּרעזידענטן האָבן זיך געקוקט אין די אויגן אַרײַן מיט באַהאַלטענע שמייכלען...

פּאַריז, סעפּטעמבער 1947.

# נייע עמיגראַנטן

אַ האָטעל־צימער פאַרוואַנדלט אין אַן אַטעליע. ביים פענצטער — אַ ניי־מאַשין באַלייגט מיט פאַרשידנקאָליריקע שטיקלעך שטאָף און מוילשטיקן פון סיגאַרעטן. דאָס בעט — אַנשטאַט מיט אַ קאָפּע איבערגעדעקט מיט אַ האָלצערנער פּלאַטע, אַנגעלייגט מיט צוגעשניטענע און פאַרטיקע הויזן, אָפּגעפּרעסטע, גלייך־געסדרטע קנייטש צו קנייטש. ביי דער גאַז־מאַשינקע — אַ פּרעס־טיש אויף צוויי הינקענדיקע קאָזלעס. אויפן פּרעס־טיש אַ פאַטעלניע שוואַרץ, ווי אַן אויסגעשעפּטער ברונעם, אויף וועמענס דנאָ עס זענען געבליבן סימנים פון צענדליקער ביפטעקן און אייערשניצעס. דער פּאַרקעט איז אויסגעפלאַסטערט מיט שטיקלעך שטאָף און מיט ווייסע פעדים — אַרויסגעצויגענע העפטן.

עס איז ניין אַזייגער אָוונט.

אַ קליין עלעקטריש לעמפּעל געדיכט באַלייגט מיט פליגן־פּינטעלעך ברענט מאַט אין צימער. ביי דער ניי־מאַשין זיצט אַ דרייסיק־יעריקער אימיגראַנט, בערל וועקשטיין און שניידט צו טאַשן־דובלע פאַרן מאָרגנדיקן טאָג אַרבעט. זיין געדיכטע שוואַרצע טשופּרינע איז צעשויבערט, ווי זי וואָלט געהערט צו אַ באַלעבאָס, וואָס האָט נישט קיין צייט זיך צו צוקעמען. זיינע אויגן — רויט פון שלאָפלאָזע נעכט און פון לאַנגע אַרבעט־טעג. וועקשטיין רויכערט אַ סיגאַרעט און געקרייזלטע וואָלקענדלעך רויך שפּילן זיך אויף זיינע ליפּן צוזאַמען מיט אַ מעלאָדיע פון אַ לאַגערליד.

ביי דער גאַז־מאַשינקע שטייט זיין ווייבל טאָפּטשע — אַ לאַגער־ליבע. זי טראָגט אַ געבלימט קיכן־שירצל, וועמענס שעלקעס זענען פאַרטרעטן מיט צוויי גראַנאַטענע קרייקעס פון הויזן־שטאָף. איר שוואַרץ־חנעוודיק פּנים פינקלט אַרויס פון דעם טונקעלן ווינקל. זי מישט אויס אַ טאָמאַטן־זופּ מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער — האַלט זי זיך פאַרן בייכל...

— ווער ווייסט ?...—לאָזט זי אַרויס אַ זיפץ און קוקט צום מאַן.
זי טראַכט:

— דאָס לעבן איז פיל שטאַרקער, ווי די מענטשלעכע אילוזיע. קומענדיק קיין פאַריז פון דייטשלאַנד מיט קאַרגע צען חדשים צוריק, איז מיין גרעסטע טרייסט אין לעבן געווען, אַז כ'זאָל פאַרשוואַנגערן, ברענגען אויף דער וועלט אַ צווייט יינגעלע פאַר דעם, וואָס מען האָט פון מיר אָוועקגעריסן, נאָגענדיק מיין ברוסט... און איצטער, אַז מיר דאַכט זיך נאָר בלויז, אַז אַ ניי לעבן גייט אין מיר אויף, באַפאַלט מיך אַן אימה...

זי קוקט זיך אַרום אין האָטעל צימערל:

— ווו וועל איך זיך דאָ אַהינטאָן מיט אַ קינד?...

— וואָס ביסטו עפּעס אַזוי שטיל געבליבן, טאַפּטשע ? האָסט נישט אַמאָל חרטה אויפן שידוך?

גיי אָוועק בערל, מיט דיינע חכמות. מעגסט מאַכן אַ קנייטש, איך גרייט באַלד צום טיש.

— שוין צייט, טאַפּטשע, ס'האַרץ פאַלט מיר שוין פון לייב אַרויס.

— כ'וויים בערל, נאָר אַז ס'ווייב איז די „האַנט" האָט די קיך נישט קיין פּיס.

— אַ פיין ווערטל, טאַפּטשע. שוין, איך העלף דיר גרייטן צום טיש. דאָס פּרעס־אייזן קען דערווייל שלאָפן אויפן פּרעס־קישעלע. ווו זאָל איך שטעלן די פּאַטעלניע ?

אַרום עלף איז זיך דאָס פּאָרל צוזאַמענגעקומען אין בעט,ביידע אויסגעמאַטערט, בערל האָט געוואָלט כאַפּן אַ בליק אין דער צייטונג, נאָר זיין ווייבל האָט איבערגעריסן זיינע געדאַנקען, פאַרבונדן מיט דער דרויסנדיקער וועלט:

— בערל, ווי האָט דיין טאַטע געהייסן?

— טאַפּטשע ? — האָט זיך בערלס קאָפּ אַ ווילדן הויב־געטאָן.
— וואָס עפּעס פּלוצלונג אַזאַ פראַגע?

— דו ביסט שוין געווען אַ טאַטע און ביסט נאָך אַ נאַאיוער מענטש.

— איך פאַרשטיי דיך נישט.

— דו פאַרשטייסט מיך נישט? — האָט זי אַרויסגעלאַכט, האַלב־צופרידן, האַלב־פאַרצווייפלט. — דו ווייסט נישט, אַז אַ פרוי פאַרשוואַנגערט חלומט זי אַלעמאָל אויס אַ יינגעלע.

ערשט איצט האָט זיך וועקשטיין אין עפּעס דערמאָנט... זיינע אויגן האָבן זיך אויפגעריסן.

— טאָפּטשע, וואָס רעדסטו?! ווייסטו נישט, אז דער הויפּט־ציל פון מיין חתונה האָבן, איז נאָר געווען צוריקצובערענגען אויף דער וועלט מיין פאָטערס נאָמען? טאָ פאַרוואָס האָלסטו דאָס בסוד? טאָפּטשע! טאָפּטשע! — האָט וועקשטיין אַן אויפגעצאַפּלטער פאַר פרייד געדריקט זיין פרוי צו זיך — מיין פאָטער האָט געהייסן ראובן. אונזער קינד וועט מען רופן ראָבערט. ווי געפעלט עס דיר?

— איך בין גליקלעך, אז דו ביסט צופרידן. איך האָב געמיינט...

— וואָס?

— איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אז דאָס וועט דיך באַאומרו־איקן. איך וויים, א קינד אין א האָטעל־צימער, ווו מען דאַרף ארבעטן.

— טאָפּטשע, לייג מיר נישט קיין שטיינער אויפן הארצן! א לעבעדיקער מענטש האָט א האָפענונג. דו זעסט דאָך, אז איך אַרבעט שווער. און איצט וועל איך האָבן נאָך מער קוראַזש צו ארבעטן. וואָס רעדסטו, א קלייניקייט איז דאָס ביי דיר, מחיה מתים זיין מיין פאָטער, וואָס איז אַזוי טראַגיש אומגעקומען?...

— האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט, אז מיר וועלן מער דערפון נישט רעדן.

— איז געגוג, זיי דיך נישט מצער, טייערינקע!

דאָך האָט זי איר פּנים איינגעגראָבן אין קישן... רעדנדיק וועגן איר מאַנס פאָטער, איז איר געקומען אויפן געדאַנק איר ערשטער מאַן, דער פאָטער פון איר קינד. זי האָט זיך דערמאָנט אין איר היים, אין איר גאַנצער משפּחה, וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן און עס איז אפילו נישט פאַרבליבן קיין מצבה פון די אַלע נישט־אויסגעלעבטע לעבנס...

זי איז איינגעשלאָפן זיפצנדיק... איר מאַן האָט איינגעוויגט איר קאָפּ, ווי ער וואָלט שוין געוויגט דאָס נאָך נישט געבוירענע קינד...

צומאָרגנס איז דער טאָג געווען א טריבער, נאָר טאָפּטשעס אילוזיע האָט דעם צימער באַלויכטן. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט צו דער ארבעט מיט א ליד אויף די ליפּן. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אז איר קינד, וואָס האָט זיך נאָך אפילו נישט אנטוויקלט אין איר אינגעווייד, איז שוין א לעבעדיקס. זי האָט שוין מיט אירע מוטער־

לעבע אויגן געזען ארומלויפן איבערן צימער א שווארץ געלאָקט יינגעלע, ענלעך צו איר ערשט קינד.

— דאָס לעבן האָט מיר אָפּגעצאָלט דעם חוב — האָט זי געטראכט.

דאס קלינגנדיקע שטימעלע פון איר ערשט יינגעלע, וואָס האָט איר אויפגעהערט צו שפּילן אין די אויערן, האָט ווידער אויפגע־קלונגען אין איר געמיט... א זיסקייט איז זיך צעגאנגען אין אַלע אירע אברים... זי האָט איצטער נישט געזען דעם טריבן דרויסן; נישט געהערט דעם ווינט צעטרייסלען דיביימער און אָפּפליקן בלע־טער פון די צווייגן, נישט געזען דעם הימל אַנגעטאָן אין שווארצע וואָלקן-קליידער; נישט דעם צימער, איינגעהילט אין טונקלקייט, געפּלעקט מיט עלעקטריש ליכט, א ליכטיקע ווידונג האָט גע־שוועבט פאר אירע אויגן און אין א פיין אויסגעצירט קינדער-צימער לויפט אַרום איר יינגעלע מיט שפּילצייג אין ביידע הענט...

— נו, ווי פילסטו זיך טאָפּטשע? — האָט איר מאַן איבער־געריסן איר מוטערלעכע פאנטאזיע. — דיין זיצן איינגעבויגן וועט נישט אַמאָל שאדן אונדזער ראָבערטן?

זיין פראגע האָט אויסגעלאָשן איר פאנטאזיע און אנגעצונדן די ווירקלעכקייט.

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, בערל. ער איז נאָך ווייט אונדזער ראָבערט.

— דו ווייסט, איך וועל זיך אויסזוכן א „האַנט". איך וועל דיך נישט לאָזן ארבעטן.

— דו וועסט זען בערל, ווי איך בלע;, ווען איך שוואַנגער. ווען כ'האָב געטראָגן מיין ערשט קינד, האָט מען אין מיר נישט געקענט אריינקוקן, ווי אין דער זון אין הימל.

— וועל איך דאָך דארפן אַן אנדער ווייב, אויב כ'וועל אין דיר נישט קענען אַריינקוקן — האָט זיך בערל געוויצלט לאכענדיק; זיין ווייבל איז ערנסט געוואָרן.

— וואָלסט בעסער אַ טראַכט געטאָן וועגן אַ ווינונג, בערל.

— צאָל מיר איין דעם נדן, וועל איך זוכן אַ ווינונג.

— כ'וועל דיר איינצאָלן אַ לעבעדיקן נדן. ער וועט האָבן דער מאמעס חן און דעם טאַטנס גוטן קאָפּ, — האָט טאָפּטשע אַ צעשטראַלטע פאנטאזירט.

אין א טאָג אַרום, האָט די גאָלדענע אילוזיע, וואָס דאָס פּאָרל האָט געשפּינען, באַקומען שוואַרצע פלעקן...

אַרום מיטאָג איז וועקשטיין צוריקגעקומען פון „הויז" מיט א ליידיקן „טואלעט". דער צעקנוידעטער „טואלעט" אין זיינע הענט, איז ווי א שוואַרצע קאַץ אריינגעשפּרונגען אין א ווינקל. בערל האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף א טאַבורעטקע ביי דער ניי-מאַשין, מיט ציטערנדיקע פינגער האָט ער זיך גענדרייט א סיגאַרעט. פאַרויכערט, געריבן דעם שטערן, געקלונגען מיט דער שער אין קאָפּ פון דער מאַשין אריין און נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט צו זיין ווייבל.

— בערל, וואָס איז געשען?

— גאָרנישט. מען וויל מיר מער נישט אַרויסגעבן קיין אַרבעט אין האָטעל אריין.

טאָפּטשע האָט אינסטינקטיוו אַרומגעכאַפּט איר בויך, ווי דאָס לעבן וואָלט געקומען באַרויבן איר אילוזיע...

— וועסט זוכן אַן אנדער „הויז", בערל.

— גיי, זוך צעליייגערן! — האָט זיך בערל אויפגערעגט.

— דאָס איז ביי דיר א נייעס, אַז אין א האָטעל אריין וויל מען נישט געטרויען קיין אַרבעט?

— נו, גייט שוין די וועלט אונטער? וועסטו ווערן אַן אַר־בעטער ביי יענעם.

— א הויזן-שניידער ביי יענעם און וווינען אין א האָטעל, וועסטו דיר דערלויבן צו האָבן קינדער?...

זי איז א ווײַלע געשטאַנען ווי באַטויבט... האָט לאַנג גע־קוקט אויפן מאַן מיט אויפגעריסענע בליקן... דערנאָך זיך אַוועקגע־זעצט און פאַרבראָכן די הענט... זי האָט גאָרנישט געענטפערט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט בערל באַקומען א פּלאַץ ביי יענעם. זיינע פאַרדינסטן זענען געוואָרן שוואַכער, ווי אַרבעטנדיק אויף אייגענעם חשבון, נאָר די אויפרעגונג זיינע האָט זיך איינגעשטילט. די פרוי האָט אים מער נישט געקענט צוהעלפן צו דער אַרבעט, נאָר זיך באַשעפטיקט מיט דער ווירטשאַפט. אַלץ אין צימערל האָט איצטער געפינקלט. מען האָט זיך געקענט שפּיגלען אין יעדן ווינקל. נאָר אין אָוונט, ווען דאָס פּאָרל האָט געהאַט צייט זיך אָפּצוגעבן מיט זיך, איז עפּעס א נישט-זעבאַרע זאַך געוואָרן איבעריק...

זיי זענען ביידע געזעסן ביים עס-טישל שווייגנדיקע, זיך

אריינגעקוקט אין די אויגן... עס איז געווען קענטיק, אז דאָס פּאָרל האָט זיך עפּעס צו זאָגן, וואָס קומט זיי אָן שווער...

איינמאָל אין אן אָוונט האָט בערל ארויסגערעדט:

— טאָפּטשע, איך האָב דעם איינדרוק, אַז אין דיר קומט פאָר א גראנגל, צי דאָס קינד וועט נישט באַשווערן אונדזער לעבן...

— בערל, אפשר זאָל איך ארויסגיין ארבעטן, וועט דיר זיין לייכטער.

— און ווי לאנג וועסטו קענען ארבעטן, טייערינקע? איך האָב נאָר מורא פאר איין זאך, אז ביים היינטיקן יקרות זאָל מען נישט מוזן בלייבן וווינען אין האָטעל מיטן קינד...

טאָפּטשע האָט זיך איינגעהערט און אוועקגעלייגט דעם לעפל. זי איז לאנגזאַם צוגעגאַנגען צום בעט, זיך אַוועקגעזעצט א שטומע מיט ביידע הענט אויפן בויך... איר האָט זיך אויסגעוויזן, אז זי פילט שוין אין זיך דאָס נייע לעבן, וואָס גייט אויף אין איר... בערל האָט זי באַטראַכט. ער איז געווען טיף גערירט פון דעם אויס-דרוק אויף איר פנים... אין אירע אויגן האָט ער געזען פינקלען טרערן... א ווײַלע האָט זיך אין אירע אויגן געשפּיגלט אן אומרו; א ווײַלע — אן אָפּשיין פון א נאָך נישט געבוירן גליק...

— טייערינקע! — איז בערל האסטיק צוגעשפּרונגען צו זיין ווייבל, — איך בעט דיך, נעם דיר נישט צום הארצן! מיר וועלן אלע שוועריקייטן איבערקומען. דאָס קינד מוז געבוירן ווערן. מיר מוזן ווייטער לעבן! אומברענגען דאָס קינד, וואָלט געווען פּונקט, ווי מיין פאָטער וואָלט נאָכאַמאָל אָפּגעשטאָרבן...

פאַריז, אָקטאָבער 1947.

H. Weic
Chez M-me Hejman
15, Villa Verlaine
Paris 19

## אינהאלט:


.1 גאָלד ........ 9
.2 אותיות אין בלוט ........ 23
.3 כל נדרי ........ 33
.4 דייטשע דאַנקבאַרקייט ........ 45
.5 ער איז אויפגעשטאַנען ........ 53
.6 אַ מענטש פון דער אונטערוועלט ........ 63
.7 סאַבאָטאַזש ........ 76
.8 דער וואָלף-הונט ........ 96
.9 דר' שטיינבערג ........ 111
.10 דער סקעלעטן-טאַנץ ........ 122
.11 זיין מאַמעס שטיין ........ 136
.12 שלום-עליכם אין לאַגער ........ 141
.13 נקמה ........ 146
.14 אַ יידישער פּאַרטיזאַן ........ 154
.15 דער קריפּל ........ 168
.16 אַ בריוו פון שפּאַניע ........ 177
.17 אַ ליבע ........ 182
.18 דער צוריקגעקומענער ........ 187
.19 איבערגאַנג ........ 197
.20 דעי אַלטינקע מאַמע ........ 206
.21 דער פּאָרטרעט פון איר מאַן ........ 213
.22 פּאַרקויפט ........ 219
.23 אין די אַלפּן-בערג ........ 223
.24 אַ פאַלש לעבן ........ 228
.25 קאַראָלאַ ........ 234
.26 אין אַ שטורעם ........ 239
.27 קאָנקורענטן ........ 245
.28 דאָס לערן-יינגל ........ 251
.29 צוויי פּרעזידענטן ........ 259
.30 נייע אימיגראַנטן ........ 266